קנוט האמסון.

# ..הונגער..

ראָמאן

איבערזעצט פֿון א. פרומקין.

דריטע פֿערבעסערטע אויפלאגע.

ארויסגעגעבען פֿון ל. פרידמאַן,

לאָנדאָן, 1910.

# קנוט האמסון*)

צווישען די גרויסע גייסטער, וואָס די מאָדערנע וועלט־ליטעראַטור האָט אַרויסגעגעבען, פֿערנעהמט דער נאָרוועגישער דיכטער קנוט האַמסון איינעם פֿון די בעדייטענדסטע פּלעצער. אַ טיעפֿער פּסיכאָלאָג, אַ גריבלער אין די פֿערבאָרגענסטע קעמערלאַך פֿון דער נשמה, אָדער, ווי ער האָט זיך אַמאָל אַליין אָנגערופֿען, אַ פֿאָרשער פֿון דעם „אונבעוואוסטען זעעלען־לעבען", איז ער דערצו אויך, ווי כמעט אַלע נאָרוועגער, אַ שאַרפֿער, בייסענדער פּאָלעמיקער; און אין זיין סטיל שטעהט ער איינציג און אַליין צווישען די בעריהמטע דיכטער פֿון זיין לאַנד.

בעטראַכט אויפֿמערקזאַם זיין פּאָרטרעט: „ברייטע שולטערן, קרעפֿטיגע און בויגזאַמע גליעדער. אונטער אויפֿגעשטעלטע, ניט פֿערקעמטע האָר ווייזט זיך אַרויס זיין שטערן, פֿול מיט ענערגיע און קלאָהרהייט. זיין בליק איז מערקווירדיג. ביי איהם אין די אויגענלעכער זעהט מען עפּעס אַזוי ווי טיעפֿע און דונקעלע ליכטלאַך. מען פֿיהלט גלייך, אַז אָט דער דאָ האָט געזעהן אויסערגעוועהנליכע זאַכען: פֿאַרהאַן דערין עטוואָס ווייטעס, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט אויף'ן וועג געווען, אָקוראַט ווי ער וואָלט געבייגקט אַהיים— אַזוי ווי דער בליק פֿון די מאַטראָזען, וועלכע האַלטען זיך אויף אויף'ן ים.

---

*) דאָס מאַטעריאַל פֿאַר דער דאָזיגער אָבהאַנדלונג איז גענומען פֿון פֿערשיעדענע צוועלע.

דער שנור־באָרד צושויבערט, קורץ און ביי די עקען אָבגעביסען, איבער אַ ליפּ, וועלכע איז הוילע גוטסקייט. אַ פיזיאָנאָמיע מיט דאָפּעלטען אויסדרוק ענערגיש און צאַרט, איבעראיילט און צוריקגעהאַלטען, גרינדליך און אויי־בערפלעכליך, שטאָלץ און טרויעריג, מיט אַלע סימנים פון ליידען אויף די איינגעפאַלענע באַקען."

אַזוי בעשרייבט דער פראַנצויזישער שריפטשטעלער אָקטאַוו מירבאָ האַמסון'ס בילד. און דיזעלבע פיזיאָנאָמיע מיט דעם דאָפּעלטען אויסדרוק שפּיגעלט זיך אָב כמעט אין אַלע זיינע ווערקע. אַ געמיש פון קינדליכער נאַאיוויטעט, פון וויבער, טרוימערישער זעעלען־איבערגעבענהייט פון איין זייט און פון אַ פלאַמענדער עמפּעהרונג, שטאָלצער זעלבסט־פערעהרונג און אַ שטרעבען צור אונגעוועהנליכקייט; אַ צוזאַמענזעצונג פון איבער־איילטקייט און צוריקגעהאַלטענקייט, פון פערצווייפעלטער הילפלאָזיגקייט און אויסגערעכענטער איבערלעגענהייט — דאָס איז קנוט האַמסון.



פון וואַנען שטאַמט ער? וואָס איז ער געווען, איידער ער האָט גענומען שיינען אַלס שטערן אויף דעם ליטעראַרישען הימעל? וועגען דעם וויסען מיר ניט פיעל. האַמסון'ס ביאָגראַפיע איז נאָך ניט געשריבען געוואָרען, כאָטש איינגערע און אַסך אונבעדייטענדערע שרייבער פון איהם האָבען זוכה געווען, מען זאָל זיך אָבגעבען מיט די מינדעסטע קלייניגקייטען פון זייער לעבען. ער אַליין האָט, אַחוץ די אַלגעמיינע שטריכען פון זיין לעבען, וועלכע ציהען זיך דורך זיינע ווערק, וועגען זיך גאָרניט געשריבען. מיט דריי יאָהר צוריק האָט זיין דייטשער פערלעגער אַלבערט לאַנגען אַרויס־געגעבען אַן אילוסטרירטען קאַטאַלאָג פון אַלע אויסגאַבען, וועלכע זיינען ערשיענען אין זיין פערלאַג. האַמסון האָט דאַן געקראָגען אַן איינלאַדונג אָנצושרייבען אַ קורצע ביאָגראַפיע זיינע פאַר דיזען קאַטאַלאָג, אָבער ער האָט זי ניט אָנגעשריבען. אָנשטאָט דעם האָט זיין פערלעגער בעקומען פון איהם אַ בריעף מיט פאָלגענדע ווערטער:

„איך בעט אייך, זייט אַזוי פריינדליך און שרייבט אַליין אָן די ביאָ־גראַפיע. הויבט אָן פון דעם 4־טען אויגוסט 1860, ווען איך בין געבוירען געוואָרען, און געהט אַזוי ווייטער מיט פיעל שעהנע ווערטער ביז אויף היינטיגם יאָהר.

V.

„וואָרים: וואָס זאָל איך אייגענטליך זאָגען? איך מיין, די מענשען זיינען שוין טויט מיעד פֿון די אַלע ביאָגראַפֿיעס און בילדער פֿון אַלע אַווטאָרס פֿון דער גאַנצער וועלט. און מיר זיינען דאָך אַזויפֿיעל...״

נאָר אויב מיר ווייסען ניט קיין איינצעלהייטען פֿון קנוט האַמסון׳ס קינדער־יאָהרען, איז אָבער קיין צווייפֿעל ניט, אַז זיין לעבען איז פֿון סאַמע אָנפֿאַנג אָן געווען פֿול מיט די מורא׳דיגסטע יסורים, מיט עלענד און נויטה.

געטריבען פֿון אונגליק און הונגער האָט ער צו צוויי און צוואַנציג יאָהר פֿערלאָזט נאָרוועגען. ער איז מיעד געוואָרען צו קעמפּפֿען מיט דעם מורא׳דיגען שיקזאַל, וועלכער האָט איהם פֿערפֿאָלגט, ער האָט זיך מיאש געווען, ווען עס איז צו קענען פֿערדיענען זיין שטיקעל ברויט דורך דער אַרבייט, און אַחוץ דעם איז ער געווען צו עהרליך און ס׳האָט איהם איינפֿאַך אָבגעעקעלט פֿאַר אַלע געמיינהייטען וואָס ער האָט זיך אָנגעזעהן ביי זיך אין זיין פֿאָטערלאַנד. אַזוי האָט ער זיך איינמאָל אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט. אויף אַ שיף איז ער אַוועק צו „די ברעגען פֿון ניו־פֿאונדלאַנד,״ וואו ער האָט, צוזאַמען מיט נאָך עטליכע עלענדע און איינזאַמע מענשען ווי ער, געכאַפּט פֿיש. „מאָנאַט איין מאָנאַט אויס,״ שרייבט ער אין איינער פֿון זיינע וואונדערבאַרע, מייסטערהאַפֿטע סקיצען, „זיינען מיר געלעגען אויף׳ן ים און געכאַפּט פֿיש דער זומער און דער ווינטער זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, און מיר זיינען נאָך אַלץ געלעגען אויף׳ן זעלביגען אָרט, אין מיטען ים, ביים גרעניץ פֿון די צוויי ערד־טהיילען: איירָאָפּאַ און אַמעריקאַ. פֿיער ביז פֿינף מאָל אַ יאָהר פֿלעגען מיר צופֿאָהרען צו מיקעלאָן, כדי דאָרט צו פֿערקויפֿען אונזערע פֿיש און אָנגעהמען פּראָוויאַנט. דערנאָך פֿלעגען מיר ווידער אַרויספֿאָהרען אויף׳ן מיטען ים, זיך פֿעראַנקערן אויף׳ן זעלביגען אָרט און כאַפּען פֿיש — און צופֿאָהרען קיין מיקעלאָן, כדי פֿון דאָס ניי אויסלאָדען אונזער סחורה. איך בין קיינמאָל ניט אַראָב אין שטאָדט אויף דער יבשה. צו וואָס האָט עס מיר דען געטויגט? מען האָט געזעהן זעהר ווייניג מענשען דאָרט אויף יענעם וועלט־טהייל, וועלכער איז געווען בעוואוינט פֿון עטליכע פֿישער און פֿיש־הענד־לער... מיר זיינען ניט געווען קיין מאַטראָזען, נאָר פֿישער. אַ מאַטראָז פֿאָהרט אַלץ ווייטער און ווייטער, קומט צו ערגעץ־וואו און ענדיגט אַמאָל זיין רייזע, ווי לאַנג זי זאָל ניט געוועהרען; אָבער מיר, מיר זיינען געלעגען שטיל, אייביג און אימער שטיל, מיט אַלע אונזערע אַנקערס אויף׳ן ים. ס׳איז אַזוי ווייט אַוועק, אַז מיר האָבען זיך סוף כל סוף שוין כמעט גאָרניט

## VI.

נעקענט דערמאָנען, ווי די יבשה זעהט אויס. מיר האָבען זיך זעהר שטאַרק פערענדערט. דאָס אייביגע ליגען אויף אַן אָרט האָט אונז מאָדנע תּמ'עוואַטע, ווירקליך גאַנץ תמ'עוואַטע געמאַכט. מיר האָבען קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן, אַחוץ נעבעל און ים, און קיין אַנדער זאַך ניט געהערט, אויסער ווינד און שטורם פון אויבען און אונטען; מיר האָבען זיך מיט קיין שום זאַך ניט אינטערעסירט און אויפגעהערט צו דיינקען וועגען וואָס עס איז. נאָך וואָס האָבען מיר דען געדאַרפט דיינקען? אונזער שטענדיגע בעשעפטיגונג מיט פיש האָט אונז אַליין געמאַכט פאַר פיש, פאַר מאָדנע, פליישיגע ים־חיות, וועלכע זיינען אַרומגעקראָכען אויף אַ שיף און האָבען גערעדט אַן אייגענע, בלויז פאַר אונז פערשטענדיגע שפראַך."

אויף'ן שיף, צווישען דיזע אַלע מענער, איז געווען איין איינציגע פרוי, דעם קאַפיטאַן'ס ווייב, — „אַ יונגע אָבער זעהר מיאוס'ע בעשעפעניש מיט גאַנצע בערג קרעצלאַך און בראָדעווקעס אויף די הענד און שרעקליך מאָגער און זעהר קליין אין וואוקס, זעהר מיאוס אָנגעטהאָן און שמוציג. דאָך האָבען זיי זי אַלע ליעב געהאַט, „יעדער איינער אויף זיין אופן", זיי האָבען זי פערגעטערט און געברענט פאַר תאוה צו איהר... כדי צו שטילען דעם דאָזיגען שרפה'נדען דורשט, זיינען זיי געפאַלען אויף משונה'דיגע איינפעלע. „אָפטמאָל פלעגען מיר האָבען אַ גאַנץ אוננאַטירליכען פערגניגען צו מאַטערן די פיש, גאָר פשוט מאַטערן אונזער אייגענע פיש. דער עיקר זיינען די ביידע רוסען געווען פערריקט אין דעם. זיי פלעגען אָננעהמען די גרויסע פיש ביי די קעפ, אַריינרוקען די פינגער אין די ווייכע אויגען און זיי האַלטען אַזוי אין דער הויך, און בעת מעשה פלעגען זיי קוקען אויף זיי און לאַכען מיט אַ מאָדנעם געלעכטער"... מעהר פון אַלע איז דער פראַנצויז משוגע געוואָרען פאַר דעם קאַפיטאַן'ס פרוי, נאָר פערליעבט זיינען זיי אַלע געווען אין איהר, און ביינאַכט, אין דער קאַיוטע, האָבען זיי וועגען איהר די ווילדעסטע חלומות געהאַט...

די דאָזיגע קליינע ערצעהלונג איז מערקווירדיג שטאַרק און זי מאַכט אַ טיעפערן איינדרוק ווי מאַנכע פון די שטאַרקסטע ים־ערצעהלונגען פון דעם בעריהמטען פראַנצויזישען שריפטשטעלער פּיער לאָטי.

אַזוי זיינען אַריבער דריי יאָהר. קנוט האַמסון איז אַוועק נאָך אַמעריקאַ, וואו ער איז אָנגעקומען אָהן געלד, אָהן אונטערשטיצונג, עלענד און איינזאַם, אָהן אַ שום פערבינדונג; ער איז געוואָרען אַן אַרבייטער. דריי יאָהר צייט האָט ער געאַרבייט אַלס גערטנער, קוים וואָס ער האָט פערדיענט אויף'ן

לעבען, דאָס נויטינסטע האָט איהם אָפטמאָל געפעהלט, נאָר ער האָט ניט געליטען; מחמת אין איהם האָט זיך ביסלאַכוויים ענטוויקעלט אַן אויסער־געוועהנליכע קראַפט פון אויסדויער. שפעטער ה ט ער אָנגעהויבען טרוימען דערפון צוריקצופאָהרען קיין נאָרוועגען. אָבער ווי אַזוי? פון זיינע פערדיענ־סטען האָט ער ניט געקענט אָבשפאָרען אויף דע רייזע און פרואווען זוכען שטיצע ביי אַלטע בעקאַנטע אין דער היים, — דערצו איז ער געווען צו שטאָלץ. אַחוץ דעם איז דאָס איהם גאָר כמעט אויפ׳ן זינען ניט אַרויף. נאָר ענדליך האָט ער געקראָגען אַ שטעלע אַלס קאָנדוקטאָר אויף איינע פון די גרויסע אַמעריקאַנער אייזענבאַהן־ליניען. ער איז אַלזאָ געווען פערזאָרגט מיט געלט און וואוינונג, און פון דעם קליינעם געהאַלט זיינעם האָט ער זיך אין פיער יאָהר צייט געקענט אָבשפאָרען גענוג געלד אויף דער רייזע צוריק אין זיין היימאַטה.

פון דאַן פאַנגט זיך אָן זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט.



אין 1888-טען יאָהר איז אין נאָרוועגען ערשיענען אַ קליין ביכעל פון קנוט האַמסון מכח „דאָס אינטעלעקטועלע לעבען אין דעם מאָדערנעם אַמעריקאַ", וואָס האָט אַרויסגערופען אַ היבשען אינטערעס דורך דער שאַרפער שפראַך אין דעם מאָדנעם שטאַנדפונקט, וועלכען עס האָט פערטראָטען. אַ קורצע צייט שפעטער איז רשיענען זיין ערשטער ראָמאַן „הונגער", וועלכער האָט אָנגעמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם אין דער גאַנצער ליטעראַרישער וועלט. אין דעם דאָזיגען בוך האָט האַמסון צום ערשטען מאָל געפרואווט דערצעהלען כח יענע אונערקלעהרליכע גענג פון דער מענשליכער נשמה, מכח „דאָס שוועבען פון דעם געדאַנק און דעם געפיהל אין דער לופטען", מכח „די שטילע, שפורלאָזע רייזען, וואָס דער מענש מאַכט מיט דעם מוח און מיט דעם האַרצען, מכח די מערקווירדיגע נערווען-טהעטיגקייטען, דאָס שעפטשען פון דעם בלוט, דאָס געבעט פון די גליעדער". ער איז דערמיט אויף איין ,אָל געוואָרען איינער פון די ערשטע און בעדייטענדסטע פערטרעטער פו דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע אין נאָרוועגען.

דער נאָמען „הונגער" קען דעם דור-שניטליכען לעזער פון אונזער צייט אָבנאַרען. מען קען פיליכט ערוואַרטען צו געפינען דאָ די שילדע־

רונג פֿון דעם סאָציאַלען עלענד און דער סאָציאַלער נויטה; מען ריכט זיך אפשר צו הערען דאָ בעגייסטערטע רעדעס, קללות און צאָרנדיגע געשרייען פֿון די ענטערבטע, פֿון די אונטערדריקטע און אויסגעשטויסענע. ניין, ניטאָ קיין זכר פֿון דעם אַלעמען אין דעם דאָזיגען בוך. „הונגער" איז גאַנץ איינפֿאַך דער ראָמאַן פֿון אַ יונגען מאַן, וועלכער ליידט הונגער, וועלכער מוז טאָג און נאַכט שמאַכטען אָהן אַ ביסען ברויט, וועלכער קלאָגט פֿונדעסטוועגען קיינעם ניט אָן און האָט קיינעם ניט פֿיינט. די איינציגע טענות וואָס ער האָט איז צו זיין ביטערן שיקזאל, און צייטענווייז רעדט ער זיך פֿונאַנדער מיט גאָט, אין אַ נאַאיווען און אין דערזעלבער צייט בייסענדען טאָן. אַרויסגעוואָרפֿען פֿון זיין אָרעמער דירה, שלייעט ער זיך אַרום איבער די גאַסען פֿון קריסטיאַניאַ; ער האָט ניט קיין אַנדער ווינקעל, וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגען, נאָר די פֿייכטע ערד אין די וועלדער הינטערן שטאָדט, קיין אַנדער בעט אַחוץ די בייִנק לעבען האַפֿען. און אין דעם שוידערליך־קלעגליכען צושטאַנד זיינעם קעמפֿפֿט ער מיט זיין שטאָלץ; ער וויל ניט אויסזעהן ווי קיין בעטלער. ער קעמפֿפֿט אויך מיט זיין עהרענהאַפֿטיגקייט; ער וויל ניט ווערן קיין גנב. און דער הונגער מוטשעט און פּלאָגט איהם און טרייבט איהם צו אַלערליי פֿערריקטהייטען. אַ פּאָר מאָל קריגט ער אומגעריכטערהייט אַביסעל געלד. אָבער וואָס פֿאַר אַ בעטרעף האָט עס אַנטקעגען דעם שרעקליכען עלענד זיינעם? דאָס זיינען בלויז קורצע רוה־פּונקטען אויף דעם דאָזיגען מורא'דיגען מאַרטירער־וועג פֿון דעם הונגער. דערצו גיט ער דאָס רוב אַוועק דאָס דאָזיגע געלד צו אַנדערע, וועלכע זייגען אַזוי אָרים און נאָך אָרימער איידער ער. דאָס איז אַ מערקווירדיגע זעעלע, וועלכע בלייבט זאַנפֿט אונטער דעם גרויזאַמסטען שרעק, קינדעריש, כמעט גליקליך... און שטענדיג פֿול מיט האָפֿנונג, נאָך דער ביטערסטער פֿערצווייפֿלונג: פּלענער מאַכט ער פֿאַר ביכער, פֿאַר טהעאַטער־שטיקער, ביינאַכט, ביים שיין פֿון די גאַסען־לאַמטערנעס שרייבט ער אַרטיקלען, וועלכע וועלען איהם זיכער שוין מאָרגען איינברייננען היבשע סומען געלד און אַ בעדייטענדען נאָמען...

ניטאָ קיין אַנדער מאָטיוו אויסער דעם הונגער אין דיזען בוך. דער הונגער רעדט דאָ אַרויס פֿון יעדער שורה, פֿון יעדען וואָרט. און אויף וואָס פֿאַר אַ וואונדערבאַרען אופֿן ווערן דאָ געשילדערט די פֿערשיעדענע, וועקסלענדע שטימונגען, וואָס קומען פֿאָר אין דער זעעלע פֿון דעם דורך הונגער געפּייניגטען! האַמסון'ס פֿיזיאָנאָמיע מיט דעם דאָפּעלטען אויס־

דרוק זעהט זיך אָם דייטליכסטען אַרויס אין דיזער אויטאָביאָגראַפיע זיינער: די אויסגערעכענטע קינסטלערישע איבערלעגענהייט געהט דאָ האַנד אין האַנד מיט דער מורא'דיגער הילפלאָזיגקייט, די ווייכע טרויערישע נשמה מיט דער בייסענדער, שרפה'נדער עמפּעהרונג, די קינדליכע נאַאיוויטעט מיט דעם שטרעבען צור אונגעוועהנליכקייט.

און האָט קנוט האַמסון אין זיין ערשטלינגס-ווערק אויף אַ מערקווירדיגען אופן און מיט אַ מיקראָסקאָפּישער גענויאיגקייט בעשריבען די מערקווירדיגע צושטענדע פון דער זעעלע, וועלכע ווערן אַרויסגערופען דורך דעם גרויזאַמען געפיהל פון הונגער, אַזוי האָט ער דאָסזעלבע אויך אויסגעברייטערט אין זיינע ווייטערע ווערקע, דער עיקר אין „מיסטעריען" און אין דעם ליעבעס-ראָמאַן „פּאַן", אויף דאָס גאַנצע געפיהלס-לעבען און אויף דער ליעבע.

אין דעם בוך „מיסטעריען" גיט ער ווידער אַ פּאָרטרעט פון זיין אייגענער נשמה. אַן איינזאַמקייטס-מענשען, פול מיט אַ מיסטישען לעבען אין זיך און מיט אַ מערקווירדיגער קריטישער אויפפאַסונג פון דער געזעלשאַפט, שטעלט ער אונז פאָר. דאָס לעבען און אַלע זיינע אילוזיאָנען האָט ער אויסגעפאָרשט, און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעפונען, אַז „הכל הבל", אַז אַלעס איז גאָרנישט ווערטה, קומט דער וואַהנזין איבער איהם און יאָגט איהם אַרום ווי אַ געהעצטע, געיאָגטע חיה.

אין „פּאַן" שילדערט האַמסון אויף אַ מייסטערהאַפטען אופן די מיסטיק, די אינערליבע פערבאָרגענהייט פון דעם ליעבעס-געפיהל, פערמישט מיט דער גרויסקייט און טיעף-זעעליגקייט פון דער נאַטור. דער יעגער טהאָמאַס גלאַהן, אַ געוועזענער אָפיציר, וואוינט ביים ברעג וואַלד. דאָס איז אַ פער'חלום'טע, פערטראַכטע נאַטור — ווידער אַן איינזאַמקייטס-מענש. ער שיסט האָזען, קוראָפּאַטקעס, שנעע-היהנער און ים-פויגעל. ער רודערט אַרויס אויף זיין שיפעל איבער'ן ים. פאַר זיינע אויגען הויבט זיך אויף די נאַטור אין איהר פולער פראַכט. וואו ער גיט אַ קוק זעהט ער בוימער און גראָז און אַלערליי בלומען און מערקווירדיגע געוויקסען. די פויגלען שרייען און פלאַטערן איבער איהם און דער ים נעהמט איהם אַרום פון אַלע זייטען, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט איהם געוואָלט אומאַרמען. און ער געניסט פון דיזער נאַטור, ער זויגט זי איין אין זיך און ער לעבט אין איהר און מיט איהר.

און דער פריהלינג קומט. דער וואַלד שיינט, דער הימעל גלאַנצט אָפען און ריין און שטראַהלט אין לילאַ און גאָלד, די פויגעלאַך שרייען,

די נעכט ווערן העל, און אַ זיסע, בייִנקענדע אונרוהיגקייט טרייסעלט דורך די נאַטור. דאַן דערוועקט זיך ביי דעם יעגער אין האַרצען אַ מערקווירדיגע בייִנקעניש. אַלטע ליעבעס־ליעדער ערוואַכען אין טהאָמאַס גלאַהן, און ער שלאָפט ניט גאַנצע נעכט, ער געהט אַרום ווי אין חלום. . .

נאָר פון דעם חלום קומט אַרויס עטוואָס ווירקליכעס: אַ ליעבע מיט אַ טראַגישען סוף. זי שפּיעלט זיך אָב צווישען דעם פון דער נאַטור דורכדרונגענעם יעגער מיט זיינע שטאַרקע לייַדענשאַפטען און דער טאָכטער פון דעם גרויסען סוחר דאָרט אין דער שטאָדט ביים ברעג ים. עדוואַרדאַ איז אַ קליין מיידעל, אַ פערצוויגען, יונג וועזען מיט אַ היציגער פאַנטאַזיע, פול מיט מיידעלשע חלומות: זי טרוימט פון אַ פּרינץ, וועלכער וועט זי אַמאָל נעהמען און זי אַוועקפיהרען איבער'ן ים און איהר אַנידערלייגען זיינע אוצרות צו די פיס. דער מערקווירדיגער מענש דאָרט אויבען אין שטיבעל, וועלכער לעבט אַזוי פאַר זיך, רייצט איהר פאַרשטעלונג. אַז זי זעהט איהם אָנגעטהאָן ווי אַ יעגער געפעלט ער איהר. זיין אויג מיט דעם הייסען בליק, וועלכער ווירקט אויף איהר ווי דער בליק פון אַ חיה, רייצט זי אויף. און טהאָמאַס גלאַהן ווערט איהר שפּיעלצייג; ער ווערט בעהערשט פון דער לייַדענשאַפט מיט איהר גאַנצער קראַפט. עדוואַרדאַ איז אין איהרע לעבענס־שטרעבונגען וויט פון דעם איינזאַמען יעגער. זי האָט טויזענדער קלייניגקייטען, וועלכע זי וויל בשום אופן ניט אויפגעבען. בעלער מוז זי מאַכען און אַנדערע אונטערהאַלטונגען. טהאָמאַס זיצט ביי זיך אין שטיבעל און די אויגען קריכען איהם אַרויס וואַרטענדיג — זי קומט ניט. מוז ער געהן צו איהר; ער מוז זיין אויף איהרע אונטערהאַלטונגען, און ער איז אין גאַנצען אָבגעוואוינט פון דעם גרויסען פערקעהר מיט מענשען, ער ווייסט זיך ניט ווי צו האַלטען. עדוואַרדאַ קוקט אַראָב אויף איהם מיט פעראַכטונג, זי קריינקט איהם מיט איהרע ווערטער. פאַר לייטען בעהאַנדעלט זי איהם זעהר שלעכט, ס'זעהט אויס, אַזוי ווי זי וואָלט זיך מיט איהם געשעהמט. ליעבען ליעבט זי איהם אייגענטליך נור דאַן, ווען זיי זיינען אַליין, און קוים האָט זי גענוג, וואַרפט זי איהם אַוועק.

מיט אַ קראַפטפולער שפּראַך און מיט אַ זעלטענעם סטיל שילדערט האַמסון דעם יעגער'ס שמערצען, ווי אַזוי די קליינע שוואַכע בריאה זויגט אויס דעם שטאַרקען דאָס בלוט פון האַרצען, ווי אַזוי די יסורים'דיגע ליעבע, אויסגעמישט מיט דער מוטשענדער לייַדענשאַפט, מיט דער שרעקליכסטער אייפערזוכט און מיט די טיעפסטע קריינקונגען דורך דער

## XI.

געליעבטער'ס רשעות'דיגע רייד, — ווי אַזוי די דאָזיגע ליעבע צורייסט גלאַהן'ס נשמה. ער ווערט דערשלאָגען און עלענד; זיין שטאָלץ איז פֿערביי. נאָר דאָ קומט אַ צווייטע געשיכטע. טהאָמאַס גלאַהן האָט, אַחוץ עדוואַרדאַ'ן, נאָך אַ מיידעל, דעם שמיעד'ס טאָכטער עוואַ. זי איז אַן איינפֿאַך, נאַאיוו וועזען. זי טראָגט אַ שנעע־ווייס טיכעל איבער די דונקעלע האָר, און אַז דער יעגער קוקט זי אָן, ווערט זי רויט פֿון שעהמעדיגקייט. זי ליעבט איהם און גיט איהם אַלעס וואָס ער פֿערלאַנגט, ניט זשאַלעווענדיג, ניט אויסרעכענענדיג, און דער פֿערשמאַכטעטער שטילט זיין דורשט און טרינקט וויפֿיעל ער קען נור. דיזע ליעבע ווירקט גוט אויף טהאָמאַס גלאַהן, זי ריהרט איהם און מאַכט איהם ווייך, און אַז עוואַ איז ניטאָ לעבען איהם, דאַן בייגקט ער נאָך איהר. אָבער לעבען דעם בווערט זיך די שמערצליכע ליידענשאַפֿט צו דער אַנדערער אַלץ ווייטער און טיעפֿער איין ביי איהם אין דער נשמה, און ער דערפֿיהלט דאַן אַ פֿערגניגען צו ריידען מיט עוואַ'ן וועגען עדוואַרדאַ דער שלעכטער. ער זידעלט זי און שעלט זי, נאָר אַז עוואַ גיט איהם רעכט, דאַן ווערט ער מלא רציחה.

דאָס איז אַ מערקווירדיגע דאָפּעל־ליעבע. קנוט האַמסון דריקט זי אויס אין אַ וואונדער־שעהנער לעגענדע, וועלכע טהאָמאַס גלאַהן דערצעהלט, נאָכדעם ווי עוואַ שטאַרבט און עדוואַרדאַ וויל פֿון איהם ניט וויסען:

„ווי אַ אינגעל האָט ער זיין מיידעל געליעבט. ער האָט זי אָפּט גערופֿען זיין גליק און זיין טויב, און זי האָט אַ הייסען, רוישיגען בוזים געהאַט. ער האָט געזאָגט: גיב מיר דיין הארץ! און זי האָט עס געטהאָן. ער האָט געזאָגט: קען איך ביי דיר עפּעס בעטען, געליעבטע? און בערוישט האָט זי געענטפֿערט יאָ. זי האָט איהם אַלצדינג געגעבען, און ער האָט איהר דאָך ניט געדאַנקט דערפֿאַר.

„די אַנדערע האָט ער געליעבט ווי אַ שקלאַף, ווי אַ וואַהנזיניגער און ווי אַ בעטלער. פֿאַרוואָס? פֿרעג דעם שטויב אויף'ן וועג און דאָס בלאַט, וואָס פֿאַלט אַראָב פֿון בוים, פֿרעג דעם לעבענס רעטהזעלהאַפֿטען גאָט; וואָרים קיין אַנדערער ווייסט ניט פֿון אַזעלכע זאַכען. זי האָט איהם גאָרנישט געגעבען, ניין, גאָרנישט האָט זי איהם געגעבען, און ער האָט איהר פֿונדעסטוועגען דאָך געדאַנקט. זי האָט געזאָגט: גיב מיר דיין פֿריעדען און דיין פֿערשטאַנד! און ער האָט זיך בלויז מצער געווען, וואָס זי האָט ניט ביי איהם זיין לעבען געבעטען."

און אויף עוואַ׳ס קבר:

„איך בין דיך מקבר, עוואַ, און קוש אין אונטערטהעניגקייט דעם זאַמד אויף דיין גרוב. אַ פּולע, רוויזענרוויטע עראינערונג נעהמט דורך מיין זעעלע, ווען איך טראַכט פון דיר; איך בין ווי איבערפלייצט פון גליק, ווען איך דערמאָן זיך אָן דיין שמייכעל. דו האָסט געגעבען אַלצדינג, אַלעס האָסט דו געגעבען, און עס האָט דיך קיין שום אויפאָפּפערונג ניט געקאָסט; מחמת דו ביסט געווען דעם לעבען׳ס אייגענסטעס, בערוי־שענדסטעס קינד. אָבער אַנדערע, וועלכע שפּאָרען און זיינען קאַרג אויף אַ בליק אפילו, זיי קענען האָבען מיין גאַנצען געדאַנק. פאַרוואָס? פרעג די צוועלף חדשים פון יאָהר און די שיפען אויף׳ן ים, פרעג דעם האַר־צען׳ס רעטהזעלהאַפטען גאָט....״

* * *

פונקט אַזוי טיעף און שאַרף ווי ער איז אין זיינע פסיכאָלאָגישע ראָמאַנען, איז קנוט האַמסון אויך אין זיינע פּ אָ ל ע מ י ש ע ביכער. זיין פּאָלעמיק בעציהט זיך אָבער ניט אויף ספעציעלע זאַכען; ער „גרייפט אָן אַלצדינג צווישען הימעל און ערד״, ווי עס הייסט וועגען זיין העלד אין דעם דראַמאַ „ביי די טויערן פון דער מלוכה״.

האַמסון׳ס פּאָלעמיק בעציהט זיך הויפּטזעכליך אויף דעם „האַמבאָג״, און האַמבאָג איז ביי איהם אין די אויגען כמעט אַלעס, וואָס ווערט אָנער־קענט אַלס גרויס. קודם כל גיסט זיך זיין האַס אויס איבער די, וועמען דער המון אָנערקענט פאַר גרויסע לייט, מחמת גרויסע מענער זיינען ביי איהם אין די אויגען ניט יענע, וועלכע מאַכען אַ גרויסען רושם אויף דער וועלט, נאָר די, וועלכע האָבען בערייכערט דאָס מענשליכע לעבען מיט געוויסע נייע גרונד־אידעען. ער איז אַן איינזאַמקייטס־אַריסטאָקראַט נאָך ניעצשע׳ס מוסטער און מחמת דעם האָט ער פיינט די מענער, פאַר וועמען דער המון פאַלט צו די פיס אין הוילע פערגעטערונג, וואָרים „עס געהערט דומהייט דערצו, פּאָפּולער צו ווערן״. אין דערזעלבער צייט אָבער אָנערקענט ער פונדעסטוועגען „יענע אייגענאַרטיגע, פיינע זשענים, פון וועמען מען רעדט קיינמאָל ניט, וועלכע לעבען אַ קורצע צייט און שטאַרבען יונג און אונבעקאַנט״.

און זיין פּאָלעמיק בעציהט זיך ווייטער אויף זיין פאָלק, וואָס זעהט ביי איהם אין די אויגען אויס ווי יענער מאַן, וואָס געהט איבער דער גאַס

מיט דעם גראָבען וואָלענעם שאַל אַרום האַלז, כדי קיין ביסעל פֿרישע לופֿט זאָל חס חלילה ניט צוקומען צו איהם, מיט אַ ברויט אונטערן אָרים און מיט אַ קוה הינטער זיך. איבעראַל זעהט ער בלויז: „גרויסע אומגעלומפערטע שטיוועל און שמוץ און לוטהער'ס קאַטעכיזם. און די מענשען זיינען מיטעל-גרויסע בירגער אין דריי שטאָקיגע הייזלאַך. זיי עסען און טרינקען וויפֿיעל זיי דאַרפֿען נור, לאָזען זיך וואויל־געהן ביי דער וואַהל־פּאָליטיק און האַנדלען טאָג-אויס טאָג-איין מיט גרינער זייף און מעשענע קעמלאַך און פֿיש. אָבער ביינאַכט, ווען עס דונערט, ליגען זיי אין דערהיים אין איין שרעק און זאָגען תהילים."

מיט דער דאָזיגער בייסענדער סאַטירע זיינען דורכדרונגען זיינע ראָמאַנען „נייע ערד" און „רעדאַקטאָר לינגע" און זיינע דראַמען „אָווענדרויטקייט" און „ביי די טויערן פֿון דער מלוכה". ער גיסט אויס זיין גאַנצען שפּאָט איבער די פּרייזיניגע דעמאָקראַטיע און די מאַטעריאַליסטישע פֿעוּשטאַנדס-ניכטערקייט, איבער די דאָזיגע מענשען, וועלכע „בראָדזשען אַרום אין הויכע שטיוועל און וואו עס לוינט זיי וואַרפֿען זיי זיך פֿון איין ריכטונג צו דער אַנדערער". און זיינע ביטערע שאַרפֿע פֿיילען שליידערט ער אויף די ליטעראַטור־קליקען, געגען די פּוסטע גאוה פֿון די רייכע קאָפּע-פּאָעטלאַך, געגען די זשורנאַליסטען-קאָרופּציאָן און די איבערצייגונגס-פֿאַנאַטיקער, וועלכע זיינען ביי איהם אין די אויגען איינפֿאַכע קאָמעדיאַנטען, וואָס זוכען צו ציהען נוצען פֿון זייערע בעוועגונגען.



זיינע קליינע נאָוועלען און סקיצען זיינען פֿערשיעדענאַרטיג; האַמסונען פֿעהלען ניט קיין סוזשעטען. ער נעהמט זיי פֿון דעם רעעלען, ווירקליכען לעבען און ער שעפּט זיי פֿון זיין אייגענער פֿאַנטאַזיע. נאָר אויך דאָס אַלטעגליכע, וואָס ער נעהמט פֿון לעבען, ווערט זיינס, עס ליגט עטוואָס אייגענאַרטיגעס, עטוואָס האַמסונישעס אין יעדע איינע פֿון זיינע סקיצען. אָפֿטמאָל בעגעגענען מיר זיך דאָ מיט דעם זעלבען פֿיינפֿיהלענדען, קאָמפּליצירטען און זאָנדערבאַרען טיפּ פֿון „הונגער", נאָר אונטער אַנדערע אומשטענדען, פֿערשטעהט זיך, ווי אין „מלכת שבא", אין דער קליינער סקיצע „אויף דער גאַס" און אין אַנדערע פֿון זיינע נאָוועלען. אָבער ער קען זיך אויך גאַנץ געלאַסען אַרונטערלאָזען אין די דונקעלסטע טיעפֿענישען פֿון דער נשמה, ווי אין „שקלאַפֿען פֿון ליעבע", אָדער שטעהן שטום ביי דער

זיים, ווי אַ פאָטאָגראַף, און אַראָבנעהמען בילדער, ווי אין דער בעשרייבונג פון זיין רייזע „איבער'ן ים" קיין אמעריקאַ. ער האָט אויך סקיצען, וואו ער עפּענט אויף גאַנצע גרויסע וועלטען מיט ווייניג ווערטער. ער לאָזט אָפּט־מאָל דעם לעזער לייענען צווישען די שורות און גיט איהם מעהר צו טרעפען, איידער ער דעקט פאַר איהם אויף.

דערצו האָט קנוט האַמסון אַ בעזונדערע ליעבע צו פאַנטאַסטישע מעשה'לאַך. פאַר אַזאַ מענשען ווי ער איז לאָזט זיך דאָס מענשליכע לעבען ניט אויפלייזען איינפאַך אין מאַטעמאַטישע פאָרמולען. פאַרהאַן זאַכען, וואָס די „אַלוויסענדע וויסענשאַפט איז צו פיערעקיג און צו גראָב צו דערגרונ־טעווען", ווי ער דריקט זיך אַליין אויס, זאַכען, אין וועלכע מען קען שפירען אַ הויך פון אונזיכטבאַרע מעכטע און בלינדע לעבענס-קרעפטען. זיי זיינען דאָ ביי יעטווערען אַלטאָגס-מענשען און זיי בעאיינפלוסען יעדענס לעבען; אָבער אין מענשען, וועלכע האָבען ענטוויקעלט אין זיך אַ רייכעס, אינער־ליכעס לעבען, וועלכע הערען זיך צו צו די דאָזיגע אינערליכע שטימען און קענען דורך זייער פאַנטאַזיע פערוואַנדלען דיזע פאָרשטעלונגען אין קלאָהרע ערשיינונגען, — אין אַ דיכטער ווי קנוט האַמסון פילט דיזער מיסטיציזם ניט נור אויס דאָס גאַנצע לעבען, נאָר עס וואַקסען אָפּט פון איהם אַרויס אַזעלכע פאַבעלהאַפט שעהנע, אָפּטמאָל זוניגע און אָפּטמאָל שרעק־דער־וועקענדע פאַנטאַזיע־בילדער, וועלכע גיסען זיך אויף אַ מערקווירדיגע אופן פונאַנדער פאַר איהם און ווערן עפּעס אַזוי ווי עכט רעאַליסטישע ווירקליכ־קייטען. ער האָט ליעב אָנצוטהאָן די שילדערונג פון די זעעלען־צושטענדע און די שטימונגען אין דעם קלייד פון סימבאָלישע פאַנטאַזיעס, וועלכע ער קען מאָהלען מיט וואונדערבאַרע פאַרבען, אַזוי ווי די פערשיעדענע חלומות און פאַנטאַסטישע מעשה'לאַך אין „הונגער", „מיסטעריען" און „נייע ערד".

אַ מענש מיט אַזאַ רייכען און שעהנהייטס־פילען זעעלען־לעבען ווי האַמסון מוז זיך אויך אַזוי שטאַרק פיהלען צוגעצויגען צו דער נ אַ ט ו ר, פונקט אַזוי שטאַרק ווי די האַנדלונגען פון די מענשען שטויסען איהם אָב און רעגען איהם אויף. וואָרים אין דער נאַטור ליגט גרויסקייט, שטילקייט און שעהנקייט; זי איז די מעכטיגסטע דערוועקערין פון שטימונגען. דערום געפינען מיר ביי איהם ניט נור אַ שטענדיגעס פערזינקען אין דאָס נאַטור־לעבען, אַ מין אַנטרינען צו איהר אַזוי ווי צו דער לעצטער רעטונג, דאַן ווען אַלעס אַנדערע האָט איהם ענטטוישט, נאָר ער האָט אויך אויסגעפונען פאַר איהר די רייכסטע און אויסדרוק־פולסטע טענער און איהרע פער־באָרגענסטע שעהנהייטס־סודות האָט ער אויסגעפאָרשט.

געטריבען פֿון דער ליעבע צו די פֿאַבעלהאַפֿטע, פֿאַנטאַסטישע ערשיינונגען און צו דער שטילער נאַטור, מאַכט האַמסון זיין רייזע אין קאַווקאַז. דאָרט אין יענע וואונדערבאַרע מזרח־לענדער פֿיהלט ער זיך אַזוי גוט, אַזוי איבערגליקליך. זיין אויג ווערט ענטציקט פֿון דעם מורא'דיגען באַרג קאַזבעק מיט זיין אייז־שפּיץ. בייגאַכט וואַנדערט ער אַרום אויף די ווייטע, ענדלאָזע וועגען, ווערלכע שטרעקען זיך אויס פֿאַר זיינע אויגען. ער זויגט איין אין זיך דעם צויבער, וואָס ליגט אין דער שטילקייט, אין דער פֿערטראַכטקייט פֿון יענע געגענדען, און ער געפֿינט מיט אַ טיעפֿער צופֿרידענהייט אויס, אַז „וואָס ווייטער מען קומט צו צום מזרח, אַלץ וויניגער ריידען די מענשען. די אַלטע פֿעלקער זיינען שוין אַריבער די מדרגה פֿון פלוידערן און לאַכען, זיי שווייגען און שמייכלען."

ס'איז דערזעלבער קנוט האַמסון, אויך אין דיזער בעשרייבונג פֿון זיין רייזע אין קאַווקאַז איז פֿאַרהאַן גענוג בייסענדע איראָניע, גענוג שפּאַט, נאָר ער ערגערט זיך ניט אַזוי שטאַרק; ער איז שוין ניט אַזוי גרויזאַם מיט זיך אַליין. פֿרעהלאַך און אַנגעגנעהם טרינקט ער די וואונדער פֿון די מזרח־לענדער, פֿערזונקען אין די הערליכקייטען פֿון דער דאָרטיגער נאַטור. נאָר ווען ניט ווען דערמאָנט ער זיך אָן זיין היימאַטה, אָן קריסטיאַניאַ, „די שטאָדט, וואָס קיינער פֿערלאָזט ניט, איידער זי האָט איהם אָבגעשטעמפעלט", און דער מורא'דיגער קאָנטראַסט רופֿט אַרויס אַ ביטערן שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

א. פּ.

ס'איז געווען דעמאָלט, ווען איך בין אַרומגעגאַנגען און געהונגערט אין קריסטיאַניאַ, אין יענער מערקווירדיגער שטאָדט, וואָס קיינער פערלאָזט ניט, איידער זי האָט איהם אָבגעשטעמפּעלט — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

איך בין געלעגען אויפערהייט אין מיין דאַך־שטיבעל און געהערט ווי אַ זייגער אונטער מיר שלאָגט זעקס. ס'איז שוין געווען נישקשה'דיג ליכטיג, און די לייט האָבען אָנגעהויבען לויפען אַרויף און אַראָב אויף די טרעפּ. אונטען לעבען טהיר, וואו מיין צימער איז געווען טאַפּעצירט מיט אַלטע נומערן פון'ם „מאָרגענבלאַט", האָב איך גאַנץ דייטליך געקענט לייענען דעם לייכט־טהורם אינספּעקטאָר'ס אַ בעקאַנטמאַכונג און אַן אַנאָנסע מיט פעטע בוכשטאַבען וועגען פריש ברויט, וואָס דער בעקער פאַביאַן אָלסען האָט צו פערקויפען.

אַזוי גיך ווי איך האָב נאָר די אויגען געעפענט, האָב איך, ווי מיין טבע איז שוין געווען, אָנגעהויבען טראַכטען, צי האָב איך היינט עפּעס, מיט וואָס זיך צו פרעהען. די לעצטע צייט איז מיר געוואָרען גאַנץ שמאָל; מיינע זאַכען זיינען שטיק פאַר שטיק אַוועק צום „פעטער", איך בין געוואָרען נערוועז און אונגעדולדיג, אַ פּאָר מאָל האָב איך געמוזט בלייבען אין בעט אויף אַ גאַנצען טאָג, אַזוי האָט מיר געשווינדעלט אין קאָפּ. ווען ניט ווען, אַז דאָס גליק האָט מיר געשפּיעלט, האָב איך פון עפּעס אַ בלאַט געקראָגען פינף קראָנען פאַר אַ פעליטאָן.

וואָס ווייטער איז אַלץ ליכטיגער געוואָרען, און איך האָב אָנגעהויבען לעזען די אַנאָנסען אונטען לעבען טהיר. איך האָב שוין זאָגאַר געקענט איבערלייענען די מאָגערע פֿערקרימטע אותיות „תכריכים ביי יונגפֿרוי אַנדערסען אין טויער רעכטס". דאָס האָט מיך אַ היבשע ווײלע בעשעפֿטיגט. אונטען, האָב איך געהערט, האָט דער זייגער געשלאָגען אַכט, איידער איך בין אויפֿגעשטאַנען און זיך אָנגעטהאָן.

דערנאָך האָב איך געעפֿענט דאָס פֿענסטער און אַרויסגעקוקט אויף דרויסען. פֿון דאָ, וואו איך בין געשטאַנען, האָב איך געקענט זעהן אַ שטריק נרעט צו הייגגען און אַ פֿרייעס פֿעלד. ווייט אַוועק איז געלעגען אַן אָנגעשאָטען בערגעל פֿון אַן אָבגעברענטער שמיעדעריי, וואָס אַ פּאָר אַרבייטער האָבען גערהאַלטען אין אָבראַמען. כ'האָב זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן עלענבויגען אָן פֿענסטער־שוועל און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער לופֿטען. עס מאַכט זיך געוויס אַ קלאָרער טאָג; דער אָסיען איז געקומען, די צאַרטע קיהלע יאָהרעס־צייט, ווען אַלצדינג בייט איבער די פֿאַרב און פֿערגעהט דערנאָך. דער ליאַרם, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבען אין די גאַסען, האָט מיך געצויגען אויף דרויסען. אָט דאָס ליידיג שטיבעל, וואו די פּאָדלאָגע האָט זיך געטרייסעלט און געוואָרפֿען אַרויף און אַראָב ביי יעדען טריט וואָס איך האָב געמאַכט, איז געווען אַזוי ווי אַן אָרעמער טויטענזאַרג; קיין רעכטער שלאָס אויף דער טהיר, קיין אויווען; ביינאַכט פֿלעג איך די זאָקען ניט אויסטהאָן, כדי זיי זאָלען זיך ביי מיר אויף די פֿיס אַביסעל צוטריקענען ביז מאָרגען אין דער פֿריה. דאָס איינציגע, פֿון וואָס איך האָב אַ שטיקעל נחת געהאַט, איז געווען אַ קליינער, רויטער שאָקעל־שטוהל, אויף וועלכען איך פֿלעג ביינאַכט זיצען און חלום'ן און טראַכטען וועגען אַלערליי זאַכען. טאָמער האָט געבלאָזען אַ שאַרפֿער ווינד, און די טהירען אונטען זיינען אָפֿען געווען, האָבען זיך דורך דער פּאָדלאָגע און דורך די וועגד אַריינגעשפּאַרט אַלערליי משונה'דיגע קרעכצענדיגע קלאַנגען, און דאָס „מאָרגענבלאַט" דאָ אונטען לעבען טהיר איז געביך אויסגעריסען געוואָרען: יעדער ריס, וואָס עס האָט געקראָגען, איז געווען אַזוי לאַנג ווי אַ האַנד.

כ'האָב זיך אויפֿגעהויבען און גענומען זוכען אין אַ בינדעל, וואָס איז געלעגען הינטען אין אַ ווינקעל לעבען מיין בעט, אפשר וועל איך דאָרט פֿאָרט געפֿינען וואָס עס איז אויף אָנבייסען; אָבער אומזיסט. דערנאָך בין איך ווידער צוגעגאַנגען צום פֿענסטער.

גאָט ווייסט, האָב איך געטראַכט, צי וועט עס זיך מיר שוין גאָרניט איינגעבען צו געפֿינען עפּעס אַ שטעלע. די פֿיעלע אָבשלאָגען, די האַלבע צוזאָגען, אַן אָפֿענער ניין, זיסע האָפֿנונגען, וואָס זיינען אַוועק מיט'ן רויך,

גייע פראָבעס, וואָס האָבען זיך יעדעסמאָל אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט: דאָס אַלצדינג האָט געמאַכט אַ תל פֿון מיין מוטה. צולעצט האָב איך געזוכט אַ שטעלע אַלס קאַסע־געהילף, בין איך אָבער צו שפּעט געקומען, אַחוץ דעם האָב איך ניט געקענט שאַפֿען די פֿופֿציג קראָנען, וואָס איז נייטיג איינצו־לייגען פֿון זיכערהייט וועגען. איך האָב מיך אויך געמעלדעט ביי דער פֿאָזשאַרנע קאָמאַנדע, אַלס פֿייער־מאַן. מיר זיינען געשטאַנען אונזערע פֿופֿציג לייט אין קאָרידאָר און אויסגעשטרעקט יעדער איינער זיין ברוסט, כדי צו ווייזען וואָס פֿאַר אַ גבור ער איז. אַ בעאַמטער איז אַרומגעגאַנגען און האָט בעטראַכט די קאַנדידאַטען, זיי געטאַפּט די. אָרעמס און זיי געשטעלט פֿערשיעדענע פֿראַגען. פֿאַר מיר איז ער פֿערביי־געגאַנגען, האָט נור צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט, אַז מחמת דיברילען, וואָס איך טראָג, קען איך גאָר ניט אַריינקומען אין דעם כלל פֿון די קאַנדידאַטען. איך בין נאָך אַמאָל אַוועק אַהין, שוין אָהן ברילען, און בין דאָרט געשטאַנען מיט איינגעקאָרטשעטע ברעמען און מיט אַזאַ שאַרפֿען בליק ווי אַ מעסער, און דער מאַן איז אַריבער פֿערביי מיר און האָט אַ שמייכעל געטהאָן — ער האָט מיך ווידער דערקענט! ערגער פֿון אַלצדינג איז נאָך געווען, וואָס מיין אַנצוג האָט אָנגעהויבען אַזוי שלעכט צו ווערן, אַז איך האָב שוין מעהר ניט געהאַט דאָס אויסזעהן פֿון אַן אַנשטענדיגען מענשען, וואָס איז ראשית כל נייטיג אויף צו קריגען אַ שטעלע.

ווי רעגעלמעסיג און גלאַט איז עס מיט מיר כסדר געגאַנגען באַרג־אַראָב! צולעצט האָב איך זיך אויסגעבייטעלט און אויסגעליידיגט פֿון אַלעם מעגליכע, וואָס איך האָב נאָר געהאַט. קיין קעמעל אפילו איז מיר ניט געבליבען אָדער אַ בוך צו לייענען, בשעת מיר איז געווען קאַלעמוטנע אויף'ן האַרצען. דעם גאַנצען זומער נאָכאַנאַנד פֿלעג איך געהן אויף די בית עולם'ס אָדער אין שלאָס־פּאַרק, וואו איך פֿלעג זיצען און שרייבען אַרטיקלען פֿאַר די צייטונגען, קאָלום פֿאַר קאָלום, מכח די פֿערשידענסטע זאַכען, פּלאי פּלאים'דיגע איינפֿעלע, שטימונגען, ערפֿינדונגען פֿון מיין אונרוהיגען מוח. אין מיין פֿערצווייפֿלונג האָב איך אָפֿטמאָל אויסגעקליבען אַזעלכע משונה'דיגע, זעלטזאַמע טהעמאַס, מיט וועלכע איך האָב זיך לאַנג אָבגעמוטשעט, און וועלכע פֿלעגען דערנאָך ניט אָנגענומען ווערן. אַז איינס איז פֿאַרטיג געווען, האָב איך דאָס צווייטע אָנגעפֿאַנגען; דעם רעדאַקטאָר'ס ניין האָט מיך זעלטען דערשלאָגען; כ'האָב זיך כסדר געטראַכט, איינמאָל מוז עס דאָך געראָטען! און ווירקליך, אָפֿטמאָל, אַז איך האָב געשאַפֿען עפּעס רעכטס, האָט מיר די אַרבייט פֿון איין איינציגען נאָכמיטאָג איינגע־בראַכט גאַנצע פֿינף קראָנען.

ווידער אַמאָל האָב איך אָבגעטראָטען פֿון פֿענסטער, בין צוגעגאַנגען צום וואַש־בעקען און האָב אַרויפֿגעשפּריצט אַביסעל וואַסער אויף מיינע הויזען־קניע, כדי זיי זאָלען אויסזעהן שוואַרצער און נייער. נאָכדעם ווי איך האָב דאָס געטהאָן, האָב איך, ווי דער שטייגער איז, אַריינגעלייגט פּאַפּיר און אַ בלייפֿעדער אין קעשענע און בין אַרויסגעגאַנגען. שטילערהייט האָב איך זיך אַראָבגעגנב׳עט פֿון די טרעפּ, די בעל הבית׳טע מיינע זאָל מיך ניט בעמערקען; שוין פֿון אַ פּאָר טעג האָב איך געדאַרפֿט צאָהלען דירה־געלד, און איך האָב גאָרנישט געהאַט וואָס צו געבען.

ס׳איז געווען ניין אַזייגער. דער גערויש פֿון וועגען און פֿערשיעדענע קולות האָבען אָנגעפֿילט די לופֿט, אַ שרעקליכער מאָרגען־כאָר, אין וועלכען די טריט פֿון די פֿוס־געהער האָבען זיך אויסגעמישט מיט די קנאַקערייִ פֿון די קוטשער־בייטשען. דער דאָזיגער ליאַרם האָט מיך גלייך אויפֿגעמונטערט, און איך האָב מיך פֿון דאָס ניי אָנגעהויבען פֿיהלען צופֿריעדען. כ׳האָב וויניג וואָס חשק געהאַט צו מאַכען אַ שפּאַציר אין דער פֿרישער לופֿט. צו וואָס האָבען מיינע לונגען געדאַרפֿט האָבען לופֿט! איך בין געווען שטאַרק ווי אַ ריעז און האָב געקענט טראָגען אַ גאַנצען וואָגען אויף מיינע פּלייצעס. אַ צאַרטע, זעלטענע שטימונג, דאָס געפֿיהל פֿון אַ פֿרעהליכער זאָרגלאָזיגקייט איז איבער מיר געקומען. כ׳האָב גענומען בעטראַכטען די מענשען, וואָס איך האָב בעגעגענט; כ׳האָב געלייענט די פּלאַקאַרדען אויף די ווענד; כ׳האָב אויפֿגעכאַפּט וואָס פּאַר עס איז בליק, וואָס מען האָט מיר פֿון טראַמוויי אַראָב צוגעוואָרפֿען; כ׳בין נתפעל געוואָרען פֿון יעטוועדער קליי־ניגקייט, פֿון אַלע קליינע פּאַסירונגען, וואָס האָבען געטראָפֿען און זיינען טאַקי באַלד פֿערשוואונדען אויף מיין וועג.

אַז מען וואָלט אין אַזאַ הערליכען טאָג געהאַט כאָטש וואָס עס איז צו עסען! דער איינדרוק פֿון׳ם קלאָרען פֿריה־מאָרגען האָט מיך געפֿאַנגען גענומען, איך בין געוואָרען שטאַרק צופֿריעדען, געקליבען נחת פֿון זיך אליין און פֿאַר פֿרייד האָב איך גאָר אָהן אַ שום גרונד אָנגעהויבען זינגען. ביי אַ יאַטקע איז געשטאַנען אַ פֿרוי מיט אַ קאָרב אויף׳ן אָרם און האָט אָבגעקליבען וואורשטלאַך אויף וואַרעמעס. אַז איך בין פֿערבייגעגאַנגען, האָט זי אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען. זי האָט מעהר ניט געהאַט ווי איין פֿאָדער־צאָהן אין מויל. נערוועז און לייכט אויפֿגערעגט צו ווערען ווי איך בין די לעצטע טעג געוואָרען, האָט דאָס געזיכט פֿון דער פֿרוי גלייך געמאַכט אויף מיר אַ דערווידערדיגען איינדרוק. דער לאַנגער, געלער צאָהן האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ קליינער פֿינגער, וועלכער איז אַרויסגעקראָכען פֿון מויל, און דער בליק, מיט וועלכען זי האָט מיך אָנגעקוקט, איז געווען

דורכגענומען פֿון הוילע וואורשט. כ'האָב אויף'ן שטעל פֿערלאָרען דעם אַפּעטיט און ס'איז מיר געוואָרען ניט גוט אויף'ן האַרצען. אַז איך בין צוגעקומען צום באַזאַר, בין איך צוגעגאַנגען צום ברונען און האָב געטרונקען אַביסעל וואַסער. איך גיב אַ קוק — אויף'ן ערלעזער־טהורם איז צעהן אַזייגער.

איך האָב זיך ווייטער געלאָזט געהן איבער די גאַסען און זיך אַרומ־געדרעהט אָהן אַ שום זאָרג, געבליבען שטעהן ביי איין קאָלץ, כאָטש ס'איז גאָרניט נייטיג געווען, זיך פֿערקירעוועט אין אַ זייטיג געסעל, ניט האָבענדיג דאָרט וואָס צו טהאָן—; כ'האָב זיך אין דעם דאָזיגען פֿרעהליכען פֿריה־מאָרגען געלאָזט אַרומפֿיהרען פֿון זיך אַליין אָהן אַ שום ציעל, זיך אַרומגעוויגט אָהן זאָרג אַהין און אַהער צווישען די גליקליכע מענשען. די לופֿט איז געווען לייכט און קלאָהר און אויף מיין געמיטה איז קיין שום שאָטען ניט געלעגען.

זייט צעהן מינוטען איז אַן אַלטער מאַן געגאַנגען הינקענדיג פֿאַר מיר. אין איין האַנד האָט ער געטראָגען אַ בינדעל און איז געגאַנגען מיט'ן גאַנצען קערפּער זיינעם און האָט געאַרבייט מיט אַלע כוחות, צו קומען אַלץ ווייטער. כ'האָב געהערט ווי ער סאָפּעט פֿאַר אָנשטריינגונג און ס'איז מיר איינגעפֿאַלען, אַז איך וואָלט איהם געקענט טראָגען זיין בינדעל; אָבער איך האָב ניט געמאַכט קיין פֿערזוך, איהם אָנצוזאָגען. אויבען אויף דער „גרענעץ" האָט מיך בעגעגענט האַנז פּאַולי, וועלכער האָט מיך בעגריסט און איז אַריבערגעלאָפֿען. וואָס איילט ער זיך אַזוי? איך האָב אויף קיין פֿאַל ניט געהאַט אין זינען צו בעטען ביי איהם אַ קראָנע און האָב געהאַט בדעה איהם גאָר אין גיכען אָבצושיקען די קאָלדרע, וואָס ער האָט מיר מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק אַנטליהען. זאָל מיר נור אַקאָרשט אַביסעל גראַמער ווערן, בין איך, כ'לעבען, ניט דער מענש, וואָס וועט אימיצען בלייבען שולדיג אַ קאָלדרע. אפשר וואָלט איך נאָך היינט געקענט אָנהויבען אַן אַרטיקעל איבער „די פֿערברעכען פֿון דער צוקונפֿט" אָדער די „פֿרייהייט פֿון'ם ווילען" אָדער אירגענד וואָס אַנדערש, עפּעס וואָס זאָל האָבען די ווערטה געלעזען צו ווערען און וואָס וועט מיר איינברייגען לכל הפּחות צעהן קראָנען... און טראַכטענדיג וועגען דעם דאָזיגען אַרטיקעל האָב איך אין מיר פּלוצלונג דערפֿיהלט אַ שטאַרקען חשק, שוין אויף'ן שטעל אָנצו־פֿאַנגען און שעפּען פֿון מיין פֿולען מוח. אויבען אין שלאָס־פּאַרק האָב איך מיר געוואָלט אויסזוכען אַ פּאַסענדען אָרט צום זיצען און ניט אָבטרעטען ביז וואַנען דער אַרטיקעל וועט זיין פֿאַרטיג.

אבער דער אַלטער קריפּעל, וואָס איז געגאַנגען פֿאַר מיר אויף דער

גאַס, האָט נאָך אַלץ געמאַכט זיינע צאַפּעלדיגע בעוועגונגען. ענדליך האָט עס מיך אָנגעהויבען פֿערדריסען, וואָס איך דאַרף די גאַנצע צייט האָבען דעם דאָזיגען קאַליקע פֿאַר די אויגען. ס'האָט אויסגעוויזען, אַז זיין רייזע וועט גאָר קיין סוף ניט נעהמען; פּילייכט לאָזט ער זיך פּונקט אויף דעם זעלבען מאַרשרוט וואָס איך, און איך וועל דעם גאַנצען וועג פֿון איהם ניט פּטור ווערן. אין מיין פֿערדרוס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך ביי יעדען קאָלץ געגומען געהן לאַנגזאַמער און געוואַרט אַ ווײַלע, כדי צו זעהן וואָס פֿאַר אַ וועג איך געה, און דערנאָך ווידער אַ הויב געטהאָן זיין בינדעל און געגאַנגען ווייטער, אום צו זיין פֿאַר מיר. אָט די פֿערקריפּעלטע בריאה, וועלכע האָט זיך מיך כסדר געוואָרפֿען אין די אויגען, האָט מיר אַלץ מעהר און מעהר פֿערביטערט דאָס האַרץ. איך האָב געפֿיהלט ווי ער האָט מיר וואָס ווייטער אַלץ מעהר צוריסען מיין גליקליכע שטימונג און פֿערוואַנדעלט דעם ריינעם שעהנעם פֿריה־מאָרגען אין הוילע מיאוס'קייט. ער האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ גרויסער, אומגעלומפּערטער שרץ, וואָס וויל זיך אַראָבלאָזען מיט אַלע כוחות ערגעץ וואו אויף דער ערד און פֿערנעהמען דעם גאַנצען טראָטואַר פֿאַר זיך אַליין. אַז מיר זיינען אָנגעקומען אויבען, אויף'ן שפּיץ גאַס, האָב איך עס שוין מעהר ניט געקענט דערטראָגען; כ'האָב זיך אָבגעשטעלט ביי אַ פֿענסטער פֿון אַ קלייט, כדי איהם צו געבען אַ געלעגענהייט זיך צו דערווייטערן פֿון מיר. אַז איך האָב אין אַ פּאָר מינוטען אַרום ווידער גענומען געהן, איז דער מאַן פֿון דאָס ניי געווען עטליכע טריט פֿאַר מיר; אויך ער איז געבליבען שטעהן. זיך ניט בערעכענענדיג וואָס איך טהו, האָב איך געמאַכט אַ דריי פֿיער ווילדע טריט, האָב איהם דעריאָגט און איהם דערלאַנגט אַ קלאַפּ אָן פּלייצע.

ער איז גלייך געבליבען שטעהן. מיר האָבען אויסגעשטעלט די אויגען איינער אויף'ן צווייטען.

„אַ שילינג אויף מילך!" האָט ער ענדליך אַ זאָג געטהאָן און האָט אָנגעבויגען דעם קאָפּ אָן אַ זייט.

אַזוי; נו, מעהר האָט מיר טאַקי ניט געפֿעהלט! כ'האָב גענומען זוכען אין די קעשענעס און געזאָגט:

„אויף מילך, יאָ, הם! געלד געהט היינט־צו־טאָג ניט צו פֿוס, און איך וויים גאָרניט, צי איהר זייט זעהר נויט־בעדערפֿטיג."

„פֿון נעכטען אָן האָב איך גאָרנישט געגעסען," האָט זיך דער מאַן אָבגערופֿען. „כ'האָב קיין העלער ניט ביי דער נשמה, און קיין אַרבייט האָב איך נאָך אויך ניט געפֿונען."

„איהר זייט אַ בעל־מלאכה?"

„יאָ, כ'בין אַ נאָדעל־מאַכער."

„וואָס?"

„נאָדעל־מאַכער. אַ רעשטע, כ'קען אויך מאַכען שיך."

„זעהט איהר, דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך," האָב איך געזאָגט. „וואַרט אויס דאָ אַ פּאָר מינוטען, כ'וועל אייך ברייגנען אַביסעל געלד, אַ פּאָר ערע."*)

מיט דער גרעסטער איילעניש בין איך אַרונטער די פּילעסטרעדע, וואו איך האָב געוואוסט פון אַ געלד־לייהער ערגעץ־וואו אויף אַ צווייטען עטאַזש. דעם אמת זאָגענדיג בין איך נאָך קיינמאָל ביי איהם ניט געווען. אַז איך בין אַריין אין טויער, האָב איך אויף גיך אויסגעטהאָן מיין וועסט, זי צוזאַמענגעדרעהט און גענומען אונטער מיין אָרם. דערנאָך בין איך אַרויף אויף די טרעפּ און האָב אָנגעקלאַפּט אין טהיר. כ'האָב זיך פערנייגט און אַ וואָרף געטהאָן די וועסט אויף'ן טיש.

„אָנדערהאַלבען קראָנען," האָט דער מאַן געזאָגט.

„גוט," האָב איך געענטפערט. „אַז זי וואָלט מיר ניט געווען אַביסעל צו ענג, וואָלט איך זי, פערשטעהט זיך, ניט אַוועקגעגעבען."

ער האָט מיר דערלאַנגט דאָס געלד און דעם לייה־צעטעל און איך בין אַרויס צוריק. אָט די זאַך מיט דער וועסט איז אייגענטליך געווען אַן אויסגעצייכענטער איינפאַל; מיר איז נאָך איבערגעבליבען גענוג געלד פאַר אַ היבשען אָנבייסען, און פאַרנאַכט איז מיין אַרטיקעל איבער די פערברעכען פון דער צוקונפט פאַרטיג געווען. גלייך אויף'ן שטעל האָט מיר דאָס לעבען אָנגעהויבען אויסזוויזען פריינדליכער און איך בין צוריקגעלאָפען צו דעם מאַן, כדי וואָס גיכער פון איהם פטור צו ווערן.

„ביטע!" האָב איך זיך אָבגערופען. „מיך פרייט, וואָס איהר האָט זיך גלייך צו מיר געווענדעט."

דער מאַן האָט צוגענומען דאָס געלד און האָט מיך גענומען אָבמעסטען מיט די אויגען פון קאָפּ ביז די פיס. וואָס קוקט ער מיך פאָרט אַזוי אָן? מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט מעהר פון אַלצדינג בעטראַכט מיינע הויזען־קניע, און זיין אונפערשעמטהייט האָט מיך אַרויס־געבראַכט פון די כלים. וואָס זשע, אָט דער שלעפער דאָ מיינט אפנים, אַז איך בין ווירקליך אַזוי אָרעם, ווי איך זעה אויס? האָב איך דען ניט אַזוי גוט ווי אָנגעפאַנגען אַן אַרטיקעל פון צעהן קראָנען? איבערהויפּט האָב איך

*) אַן „ערע" איז אַ הונדערטעל קראָנע, וואָס בעטרעפט אונגעפעהר אַ שילינג אָדער פופציג קאָפּיקעס.

ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבען פאַר דער צוקונפט; כ'האָב געקאָכט אין פיעל טעפּ. וואָס זשע געהט עס אַלזאָ אָן אַ פרעמדען מענשען, אַז איך גיב אַוועק אין אַזאַ הערליכען טאָג אַ טרינק־געלד? דעם דאָזיגען מענשען'ס בליק האָט מיך זעהר געערגערט, און איך האָב ביי זיך אָבגעמאַכט, איהם דערלאַנגען אַ גאָב, איידער איך געה אַוועק. איך האָב געצויגען מיט די אַקסלען און געזאָגט:

„מיין גוטער מאַן, איהר האָט אַ מיאוס'ע טבע, אויסצוגלאָצען אַ פּאָר אויגען אויף מענשען און זיי קוקען צופיעל אויף די קניע, ווען מען גיט אייך אַ קראָנע."

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אָן וואַנד און האָט געעפענט דאָס מויל. ביי איהם הינטער דעם בעטלער־שטערן האָט עפּעס געאַרבייט, ער האָט אַודאי געמיינט, אַז איך טרייב דאָ מיט איהם קאַטאָוועס און האָט צוריק אָבגעגעבען דאָס געלד.

כ'האָב געקלאַפּט מיט'ן פוס און געשאָלטען און געשריען, ער זאָל דאָס געלד האַלטען פאַר זיך. וואָס מיינט ער, איך האָב די גאַנצע קאַשע אומזיסט פערקאָכט? מעגליך, אַז איך בין איהם אָט די קראָנע זאָגאַר שולדיג; נישקשה, כ'געדענק גוט מיינע אַלטע חובות; ער שטעהט פאַר אַ מענשען, וועלכער איז עהרליך, ביז דאָס מינדסטע פינגער'ל זיינס עהרליך. הקיצור, דאָס געלד געהערט צו איהם... אָה, ניטאָ פאַרוואָס צו דאַנקען! ס'איז איינפאַך געווען מיין פערגניגען דערביי, אַדיע.

און איך האָב זיך געלאָזט געהן. ענדליך בין איך פּטור געוואָרען פון דיזען צרה'דיגען קאַליקע, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיר, און איך בין אַלזאָ געווען אונגעשטערט. איך בין פון דאָס ניי אַראָב מיט דער פּילעסטראַדע און בין געבליבען שטעהן ביי אַ באַקאַליי־קלייט. אין פענסטער איז געלעגען אַ גאַנצער באַרג מיט שפּייז, און איך האָב בעשלאָסען אַריינצוגעהן און זיך מיטנעהמען עפּעס אויף'ן וועג.

„אַ שטיק קעז און אַ ברויטעל!" האָב איך געזאָגט און אַ וואָרף געטהאָן מיין האַלבע קראָנע אויף דעם קלייט־טיש.

„ברויט און קעז פאַר דאָס גאַנצע?" האָט די פרוי געפרעגט איראָניש, ניט אַ קוק געבענדיג אויף מיר.

„יאָ, פאַר די גאַנצע פופציג ערע," האָב איך געענטפערט.

איך האָב געקראָגען דאָס, וואָס איך האָב פערלאַנגט, געזאָגט דער אַלטער, דיקער פרוי אַ זעהר העפליכען גוטען טאָג און איך בין מיט שנעלע טריט אַרויף דעם שלאָס־באַרג צום פּאַרק. כ'האָב זיך אויסגעזוכט אַ באַנק פאַר זיך אַליין און אָנגעהויבען מיט חשק עסען מיין פּראָוויאַנט. ווי גוט

מיר איז געוואָרען אויף'ן האַרצען דערפֿון! שוין אַ היבשע צייט, אַז איך האָב ניט געהאַט אַזאַ רייכען מאָהל־צייט, און וואָס ווייטער איז דיזעלבע געזעטיגטע רוהיגקייט אַלץ שטאַרקער געוואָרען אין מיר, די רוהיגקייט, וואָס מען פֿיהלט נאָך אַ לאַנגען געוויין. מיין מוטה איז געוואַקסען און געוואַקסען; מיר איז שוין ניט גענוג געווען צו שרייבען אַן אַרטיקעל איבער אַזאַ איינפֿאַכע און זעלבסט־פֿערשטענדליכע זאַך ווי „די פֿערברעכען פֿון דער צוקונפֿט", וועלכע יעדער איינער וואָלט נאָך אַלעמען אַליין געקענט אויסגעפֿינען, יאָ, זיי גאָר פשוט אויפֿזוכען אין דער וועלט־געשיכטע. איך האָב זיך געפֿיהלט בכח פֿאַר עפּעס גרעסערעס, כ'בין געווען אין דער שטימונג, גאַנצע בערג איבערצוקעהרען, און האָב ביי זיך אָבגעמאַכט צו שרייבען אַן אָבהאַנדלונג אין דריי טהייל איבער „דאָס פֿילאָזאָפֿישע וויסען". נאַטירליך וועל איך דאָ קענען האָבען אַ געלעגענהייט צו מאַכען אַש פֿון קאַנט'ס עטליכע פלפולים...

אז איך האָב געהאַט בדעה, אַרויסצונעהמען מיין שרייב־געציייג און אָנהויבען אַרבייטען, ערשט איך כאַפּ זיך, אַז איך האָב מיין בלייפֿעדער ניט; כ'האָב זי פֿערגעסען ביים „פֿעטער"; זי האָט געשטעקט אין דער וועסט־קעשענע.

רבונו של עולם, ווי ס'איז מיר דאָס אַביסעל געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָב! כ'האָב זיך געשטילט דעם כעס מיט אַ פּאָר קללות, זיך אויפֿגעהויבען פֿון באַנק און גענומען געהן אויף'ן וועג הין און צוריק. איבעראַל איז געווען שטיל; העט וויט לעבען דער קעניגין'ס לוסט־הויז האָבען אַ פּאָר קליינטשינקע מיידעלאַך אַרומגעפֿיהרט די קליינע וועגעלאַך, ווייטער האָט מען קיין שום מענשען אין די אויגען ניט געזעהן. כ'בין געווען זעהר פֿערביטערט און בין אַרומגעלאָפֿען ווי אַ משוגע'נער אַרויף און אַראָב לעבען מיין באַנק. אָט דאָס הייסט אַביסעל אַ שלים־מזל! אַן אַרטיקעל אין דריי טהייל מוז געהן קאַפּוט, גאָר פשוט דערפֿאַר וואָס איך האָב אפילו ניט קיין בלייפֿעדער פֿאַר צעהן ערע אין קעשענע! אַשטייגער, ווען איך זאָל אַקאָרשט אַריבערגעהן אין דער פילעסטראַדע און אָבנעהמען מיין בלייפֿעדער? ס'וואָלט נאָך אַלץ געבליבען גענוג צייט, אָנצושרייבען אַ היבשעס שטיק, איידער די שפּאַציר־געהער וועלען אָנפֿילען דעם פּאַרק. ס'קען דאָך אַזוי פֿיעל אָבהייגגען פֿון אָט דער אָבהאַנדלונג איבער „דאָס פֿילאָזאָפֿישע וויסען"; פֿילייכט גאָר דאָס גליק פֿון מעהרערע מענשען — ווער קען וויסען! איך האָב זיך געטראַכט ביי זיך, אַז זי קען אפשר ברייגגען הילף פֿאַר אַסך יונגע מענשען. נאָך אַ שטיקעל ישוב־הדעת, איז ביי מיר געבליבען זיך ניט צו פֿערטשעפּען מיט קאַנט'ן; דאָס קען דאָך אויסגעמיטען ווערן, כ'דאַרף נור, צוקומענדיג צו דער פֿראַגע מכח צייט און אָרט, אַ זאָג טהאָן עפּעס, וואָס זאָל זיין ניט אַהין און ניט אהער; פֿאַר רענאַן'ס קריוודע אָבער האָב

איך זיך ניט געוואָלט אָננעהמען, פֿאַר דעם אַלטען גלח רענאַן... על כל פנים האָט זיך דאָ געהאַנדעלט, אָנצושרייבען אַן אַרטיקעל פֿון אַזויפֿיעל און אַזויפֿיעל שפּאַלטען; די אונבעצאָהלטע דירה־געלד, דער לאַנגער בליק פֿון דער בעל הבית'טע, בשעת איך פֿלעג איהר בעגעגענען אין דער פֿריה אויף די טרעפּ, האָבען מיך געמוטשעט דעם גאַנצען טאָג און זאָגאַר אין מיינע פֿרעהליכע שטונדען, װען איך האָב, דוכט זיך, גאָר קיין אומעטיגע געדאַנקען ניט געהאַט, האָבען זיי מיך אויך ניט צורוה געלאָזט. כ'מוז מאַכען אַ סוף דערפֿון. אין איילעניש האָב איך פֿערלאָזען דעם פּאַרק, אום אָבצונעהמען מיין בלייפֿעדער ביים געלד־לייהער.

אַז איך בין אַרונטער דעם שלאָס־באַרג, האָב איך אָנגעיאָגט צוויי דאַמען, וואָס זיינען געגאַנגען פֿאַר מיר. אַריבערגעהענדיג פֿערביי זיי, האָב איך זיך פֿערטשעפּעט אָן איינער'ס אַן אַרבעל; כ'גיב אַ קוק, זי האָט אַ פֿול, בלייכלאַך געזיכט. מיט אַמאָל ווערט זי רויט און עפּעס מאָדנע שעהן. כ'ווייס ניט פֿאַרוואָס, — אפשר איז דאָס געווען אַ וואָרט, וואָס זי האָט פֿון אַ פֿערבייגעהער געהערט, אפשר נור אַ שטילער געדאַנק. אָדער איז דאָס פֿילייכט געווען, מחמת דעם וואָס איך האָב איהר אָרם אָנגעריהרט? איהר פֿולע ברוסט הויבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָב אַ פּאָר מאָל, און די האַנד איהרע ווערט אַזוי ווי צוגעשמידט צום זונען־שירם. וואָס איז איהר אַזוינס געשעהן?

כ'בין געבליבען שטעהן און האָב זיי ווידער געלאָזט געהן פֿאַר מיר. כ'האָב אין דער רגע ניט געקענט ווייטער געהן; דער גאַנצער עסק איז מיר עפּעס פֿאָרגעקומען אַזוי מאָדנע. איך בין געווען שטאַרק צורייצט, אויפֿגערעגט אויף זיך אַליין, מכח דער געשיכטע מיט דער בליי־פֿעדער, און מורא'דיג צוקאָכט פֿון דער גרויסער פּאָרציע ברויט מיט קעז, וואָס איך האָב אַריינגעפּאַקט אין זיך אויף אַ ליידיגען מאָגען. מיט אַמאָל גיבען זיך מיינע געדאַנקען גאָר אַ קעהר אין אַן אַנדער משונה'דיגער זייט: עס יאַוועט זיך אין מיר עפּעס אַ מאָדנער חשק, די דאָזיגע דאַמע צו פֿערטומלען, זי אָבצושרעקען, איהר נאָכצוגעהן און אויף וואָס פֿאַר עס איז אופֿן איהר צו לאַסטען צו פֿאַלען. ווידער אַמאָל יאָג איך איהר אָן, געה פֿערביי, דרעה זיך פּלוצלונג אום און שטעה געזיכט צו געזיכט אַנטקעגען איהר, כדי איהר צו בעטראַכטען. איך שטעה און קוק איהר אין די אויגען און אויף'ן שטעל, כהרף עין, געפֿין איך אויס עפּעס אַ נאָמען, וואָס איך האָב פֿריהער קיינמאָל ניט געהערט, עפּעס אַן אויסגעצויגענער, נערוועזער קלאַנג: אילאַיאַלי! און אַזוי ווי זי שטעהט גאַנץ נאָהענט לעבען מיר, גיב איך זיך אַ הויב און זאָג מיט אַ צודרינגליכען טאָן:

„איהר פערלירט אייער בוך, פרייליין."

כ'האב געהערט, ווי מיין הארץ האט ביי דיזע ווערטער א קלאפ געטהאן אין דער הויך.

„מיין בוך?" גיט זי א פרעג איהר בעגלייטערין און געהט זיך ווייטער איהר וועג.

מיין כעס איז געוואקסען, און איך בין נאכגעגאנגען נאך די דאמען אין דער רגע בין איך געווען זיכער ביי זיך, אז איך האב אבגעטהאן עפעס א משוגענע זאך, ניט ווילענדיג, אונגערן, פערשטעהט זיך. ביי מיר איז געווען א גאנצע מישינינע; עפעס האט מיר אזוי ווי געשטופט אבצוטהאן די וואהנזיניגסטע שטיק, און איך האב געמוזט פאלגען. אומזיסט האב איך גע'טענה'ט צו מיר אליין, אז מיין בענעהמען זיך איז פון א פעררריקטען, ס'האט ניט געהאלפען. כ'האב געמאכט אלערליי נארישע העויות הינטער דער דאמע'ס רוקען און א פאר מאל האב איך זיך צוהוסט ווי א ווילדער, בשעת איך בין פערבייגעגאנגען נאהענט לעבען איהר. און ווי איך בין מיר אזוי געגאנגען שטילערהייט מיט עטליכע טריט פאר איהר, האב איך געפיהלט איהר בליק אויף מיין רוקען, און איך האב מיך ניט ווילענדיג איינגעבויגען פאר שאנדע, וואס איך האב זיך אויף אזא אונערהערטען אופן אנגעוועצט אויף איהר. וואס ווייטער האט זיך אין מיר פערקליבען א וואונדערבארעס געפיהל, עפעס אזוי ווי איך וואלט געווען העט ווייט, ערגעץ אנדערש; כ'האב געהאט עפעס א ניט קלאהרעס געפיהל, — פונקט ווי דאס וואלט גארניט געווען איך, וואס געהט דא איינגעבויגען איבער'ן גאס.

אין א פאר מינוטען ארום איז די דאמע צוגעקומען צו פאשא'ס בוכהאנדלונג; איך בין שוין פריהער געבליבען שטעהן ביים ערשטען פענסטער, און אז זי איז פערבייגעגאנגען, שטעה איך שוין ווידער פאר איהר און זאג:

„איהר פערליערט אייער בוך, פרייליין."

„אבער ניין, וואס פאר א בוך?" זאגט זי צוטראגען. „דו ווייסט ניט פון וואס פאר א בוך ער רעדט אייגענטליך?"

און זי בלייבט שטעהן. כ'האב א מורא'דיגען פערגניגען פון איהר צוטומעלטקייט, די דאזיגע ראטהלאזיגקייט אין איהר בליק פערשאפט מיר אן אונבעשרייבליכען נחת רוח. דער געדאנק איהרער איז ניט אים שטאנד צו בעגרייפען מיינע עטליכע, ווילדע ווערטער; זי האט, דוכט זיך, גאר ניט געהאט קיין בוך מיט זיך, ניט אמאל א בלעטעל פון א בוך, און דאך זוכט זי אין די קעשענעס, בעקוקט זיך אלע ווילע די הענד, קעהרט אום י'עם קאפ, קוקט זיך אום אויף דער גאס הינטער זיך, און שטרענגט געביך

אַן איהר קליין, צאַרט מוח'ל, כדי צו דערגרונטעווען, פון וואָס פאַר אַ בוך איך רעד אייגענטליך. איהר געזיכט ענדערט זיך אַלע ווײלע, אָט נעהמט עס אָן דעם און אָט יענעם אויסדרוק, און זי אָטהעמט אַזוי שטאַרק, אַז מען קען כמעט הערען יעדען הויך; זאָגאר די קנעפ אויף איהר קלייד זעהען אויס אַזוי ווי זיי וואָלטען געקוקט אויף מיר, מיך דורכגענומען אַזוי ווי אַ שורה דערשראָקענע אויגען.

„קוק זיך גאָרניט אום אויף איהם," מאַכט איהר בעגלייטערין און גיט איהר אַ ציה ווייטער, „ער איז דאָך שכור. דו זעהסט דען ניט, אַז ער איז שכור?!"

ווי פרעמד איך בין מיר אַליין געווען אין דיזען מאָמענט, פערזונקען, פאָלשטענדיג געפאַנגען פון מאָדנע, אונזיכטבאַרע איינפליסע, — דאָך איז מיר קיין זאַך ניט אַריבער פאַר די אויגען, איך זאָל עס ניט בעמערקען. אַ גרויסער, ברוינער הונד איז אַריבערגעלאָפען די גאַס אין דער ברייט אַראָב נאָך טיוואָלי, ער האָט געטראָגען אַ שמאָלען האַלז־באַנד פון נייזילבער. ווייטער אַרויף אין דער גאַס האָט מען אין אַ וואַוינונג אויף'ן צווייטען שטאָק געעפענט אַ פענסטער. אַ מיידעל האָט זיך אַרויסגעבויגען און גענומען ווישען די שויבען פון דרויסען. קיין זאַך איז מיר ניט פערבייגעגאַנגען אונבעמערקטערהייט, כ'בין געווען גאַנץ קלאָהר און ביים פולען פערשטאַנד, אַלצדינג איז מיר פאָרגעקומען אַזוי ליכטיג און אַזוי דייטליך, עפעס אַזוי ווי אַ שטאַרקעס ליכט וואָלט פלוצלונג אַ שיין געטהאָן פאַר מיינע אויגען. די דאַמען, וואָס זיינען געגאַנגען אין פאָראויס, האָבען געהאַט יעדע איינע אַ בלויען פויגעל־פליגעל אויף'ן הוט און אַ שאָטישעס זיידען־באַנד אַרום האַלז. כ'האָב זיי געהאַלטען פאַר שוועסטער.

זיי האָבען זיך פערקירעוועט און זיינען געבליבען שטעהן לעבען אייזלער'ס מוזיק־געשעפט, וואו זיי האָבען גערעדט איינע מיט דער אַנדערער. אויך איך בין געבליבען שטעהן. דערנאָך זיינען זיי צוריקגעקומען, געגאַנגען אויף'ן זעלבען וועג, אַריבערגעגאַנגען פערביי מיר און האָבען זיך געלאָזט אַרויפגעהן דירעקט נאָך סאַנט אָלאָף'ס פּלאַץ. די גאַנצע צייט בין איך זיי נאָכגעגאַנגען אַזוי נאָהענט הינטער זיי ווי איך האָב נאָר געקענט. איינמאָל האָבען זיי זיך אומגעדרעהט און מיר צוגעוואָרפען אַ האַלב דערשראָקענעם, האַלב נייגיריגען בליק; כ'האָב אין זייערע מיענעס ניט געזעהן ניט קיין צאָרן און ניט קיין זאָרג. די דאָזיגע געדולד, וואָס זיי האָבען געהאַט מיט מיינע שטיק, האָט מיך איינפאַך פערשעהמט און איך האָב אַראָבגעלאָזט די אויגען. כ'האָב זיי שוין מעהר ניט געוואָלט בעלעסטיגען, נאָר זיי בלויז פון

דאַנקבאַרקייט מיט די בליקען נאָכגעהן, זיי ניט פֿערלירען פֿון די אויגען, ביז וואַגען זיי ווערען ערגעץ־וואו פֿערשווינדען.

ביים נומער צוויי, אַ גרויס פֿיער־שטאָקיג הויז, האָבען זיי זיך נאָך אַמאָל אומגעדרעהט און דערנאָך זיינען זיי אַריין אין טהיר. כ'האָב זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ גאַז־לאַמטערנע לעבען דעם פֿאָנטאַן און זיך צוגעהערט צו זייערע טריט אויף די טרעפּ; אויף'ן צווייטען עטאַזש זיינען די טריט פֿערשטומט געוואָרען. איך טרעט אָב פֿון די לאַמטערנע און קוק אַרויף אויף'ן הויז. דאָ פּאַסירט עפּעס מערקווירדיגעס. די פֿאָרהענגלאַך הויבען זיך אויף, גלייך נאָכדעם עפֿענט זיך אַ פֿענסטער, אַ קאָפּ ווערט אַרויסגעשטעקט, און צוויי שאַרפֿבליקענדע אויגען שטעלען זיך אָב אויף מיר. אילאַיאַלי! האָט זי אַ זאָג געטהאָן אין דער שטיל און האָט געפֿיהלט, ווי איך בין רויט געוואָרען. פֿאַרוואָס האָט זי ניט גערופֿען נאָך הילף? פֿאַרוואָס האָט זי ניט אַראָבגעוואָרפֿען אַ בלומען־טאָפּ, מיר אויף'ן קאָפּ, אָדער פֿאַרוואָס האָט זי ניט אַראָבגעשיקט עמיצען, מיך דורכטרייבען פֿון דאַנען? מיר קוקען זיך איינע די אַנדערע אין די אויגען און ריהרען זיך ניט פֿון אָרט; דאָס געדויערט אַ מינוט; געדאַנקען פֿליהען אַרום פֿון גאַס אין פֿענסטער, פֿון פֿענסטער אין גאַס, אָבער קיין וואָרט ווערט ניט גערעדט. זי קעהרט זיך אָב, איך ווער אַ פֿערציטערטער פֿון אויפֿרעגונג; כ'זעה אַ שולטער, אַ רוקען, וואָס פֿערשווינדט אין צימער. דאָס דאָזיגע לאַנגזאַמע אָבטרעטען פֿון פֿענסטער, די בעטאָנונג, וועלכע איז געלעגען אין דיזען מאַך מיט דער פּלייצע, דאָס איז געוועזען עפּעס אַזוי ווי אַ וואונק צו מיר; מיין בלוט האָט דערשפּירט דיזען צאַרטען גרוס, און אין דערזעלבער רגע בין איך געוואָרען זעהר פֿרעהלאַך. דערנאָך בין איך אַרונטער מיט דערזעלבער גאַס.

כ'האָב ניט געוואַגט זיך אומצוקוקען און ניט געוואוסט, צי איז זי נאָך אַמאָל צוגעגאַנגען צום פֿענסטער. וואָס מעהר אָט די פֿראַגע האָט זיך דערוועקט אין מיר, אַלץ אונרוהיגער און נערוועזער בין איך געוואָרען. וואַהרשיינליך איז זי אין יענער רגע געשטאַנען דאָרט אויבען און מיר נאָכגעקוקט די טריט, און עס איז מיר פשוט געוואָרען אונערטרעגליך צו ווימען, אַז אימיצער קוקט מיר נאָך פֿון הינטען. כ'האָב צונויפֿגענומען מיינע כוחות און גענומען געהן ווייטער. די פֿיס האָבען מיר געציטערט און איך האָב זיך געשאָקעלט געהענדיג, מחמת איך האָב געוואָלט מיין גאַנג שעהן מאַכען. כדי אויסצואווייזען רוהיג און גלייכגילטיג, האָב איך געפֿאָכעט מיט די אָרעמס, אַ שפּיי געטהאָן און פֿערוואָרפֿען דעם קאָפּ אַהינטער, אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפֿען. איך האָב אַלץ געפֿיהלט די פֿערפֿאָלגענדע אויגען הינטער מיין רוקען, און אַ שוידער איז מיר אַריבער איבער'ן לייב.

ענדליך בין איך דורך א וויטיג געסעל אַראָבגעלאָפען אין די פּילעסטערדע, אָבצוזונעהמען מיין בליי־פעדער.

ס'איז מיר גאָרנישט שווער אָנגעקומען, איהר צוריקצוקריגען. דער געלד־לייהער האָט מיר אַליין צוגעטראָגען די וועסט און האָט מיך געבעטען דורכזוכען אַלע קעשענעס; כ'האָב אויך געפונען אַ פּאָר לייה־צעטלען, וועלכע איך האָב צוגענומען, און בעדאַנקט דעם פריינדליכען מאַן פאַר דער טובה, וואָס ער האָט מיר געטהאָן. ער איז מיר וואָס וויטער אַלץ מעהר געפעלען, און מיט אַמאָל האָב איך זיך בערעכענט, אַז מען דאַרף אויף איהם מאַכען אַ גוטען איינדרוק. כ'האָב אַ טראָט געטהאָן צו דער טהיר און זיך דערנאָך ווידער אומגעקעהרט צום קלייט־טיש, פּונקט ווי איך וואָלט עפּעס פערגעסען; כ'האָב גערעכענט אַז איך בין איהם שולדיג אַן ערקלעהרונג און האָב אָנגעהויבען שטילערהייט אונטערברומען, אום צוד־צוציהען זיין אויפמערקזאַמקייט. דערנאָך האָב איך גענומען די בליי־פעדער אין דער האַנד און איהר אויפגעהויבען אין דער הויך.

ס'וואָלט מיר, פערשטעהט זיך, ניט איינגעפאַלען צו מאַכען אַזא לאַנגען וועג צוליעב אַ פּראָסט־פּשוט'ער בליי־פעדער, האָב איך געזאָגט; אָבער מיט דער דאָ איז עפּעס אַנדערש, גאָר אַ זאַך פאַר זיך. ווי איינפאַך עס זעהט אויס — אָבער דאָס דאָזיגע שטיקעל האָלץ האָט פּשוט געמאַכט פון מיר דאָס וואָס איך בין, ס'האָט מיך אַזוי צו זאָגען אַרויפגעבראַכט אויף מיין פּלאַץ אין לעבען...

מעהר זאָג איך ניט. דער מאַן איז צוגעגאַנגען נאָהענט צום קלייט־טיש.

„אַזוי," מאַכט ער און קוקט מיר אָן מיט נייגיריגע אויגען.

מיט דער בליי־פעדער האָב איך געשריבען מיין אָבהאַנדלונג איבער דאָס פילאָזאָפישע וויסען אין דריי בענדער, האָב איך וויטער געזאָגט קאַלטבלוטיג. צי האָט ער גאָרניט געהערט דערפון?

דער מאַן גלויבט, אַז ער האָט דעם נאָמען געהערט, דעם טיטעל פון'ם ווערק.

יאָ, דאָס איז טאַקי פון מיר! ס'דאַרף איהם אַלזאָ אייגענטליך ניט וואונדערן, וואָס איך וויל די בליי־פעדער האָבען צוריק ביי מיר; זי האָט אַ צו גרויסען ווערטה פאַר מיר, זי איז כמעט ווי אַ קליינער מענש! על כל פנים בין איך איהם זעהר, זעהר דאַנקבאַר פאַר זיין גוט־האַרץ און וועל עס איהם ניט פערגעסען — געווים, כ'וועל עס איהם קיינמאָל ניט פער־געסען; אַ מאַן אַ וואָרט; אָט אַזוי בין איך שוין איינמאָל פאַר אַלע מאָל, און ער פערדיענט עס כשר. אדיע.

כ׳האָב זיך געלאָזט געהן צו דער טהיר מיט אַזאַ אָנשטעל, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געקענט דעם מאַן פֿערשאַפֿען אַ הויכע שטעלע ביי דער פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע. דער פֿריינדליכער געלד־לייהער האָט זיך פֿאַר מיר צוויי מאָל פֿערנייגט, איידער איך בין אַרויס פֿון דער טהיר, און איך האָב זיך נאָך אַמאָל אומגעדרעהט און געזאָגט אַדיע.

אויף די טרעפּ איז מיר אַנטקעגען געקומען אַ פֿרוי, וואָס האָט געהאַלטען אַ רייזע-טאַש אין דער האַנד. זי האָט זיך עפּעס אַזוי ווי דערשראָקען, זיך אָבגערוקט אָן אַ זייט, כדי מיר מאַכען פּלאַץ דורכצוגעהן, און איך האָב ניט ווילענדיג זיך געכאַפּט פֿאַר דער קעשענע איהר עפּעס צו געבען. אַזוי ווי איך האָב דאָרט גאָרנישט געפֿונען, בין איך צוטומעלט געוואָרען און מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ דורכגעלאָפֿען פֿערביי איהר. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך דערהערט, אַז זי קלאַפּט אויף ביים „פּעטער" אין טהיר. דאָרט, פֿאַר דער טהיר, איז געווען אַ גראַטקע פֿון אייזען־דראָט און איך האָב גלייך דערקענט דעם קלאַנג, בשעת אימיצער האָט עס אָנגעריהרט מיט אַ פֿינגער.

די זונן איז געשטאַנען אין מיטען הימעל, ס׳איז געווען אונגעפֿעהר צוועלף אַזייגער. די שטאָדט האָט אָנגעהויבען קאָכען, אַלץ נעהענטער איז געקומען די צייט פֿון שפּאַצירען, און גריסענדע מענשען מיט לאַכענדיגע פּנים׳ער האָבען גענומען געהן אַרויף און אַראָב אין דער קאַרל־יאָהאַן־גאַס. כ׳האָב צונויפֿגעקאָרטשעט די עלענבויגען מיינע, זיך געמאַכט קליין, מען זאָל מיך ניט אַרויסזעהן און זיך דורכגעגנב׳עט דורך עטליכע בעקאַנטע, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ ווינקעלע לעבען דער אוניווערזיטעט און האָבען זיך איינגעקוקט אויף די פֿערבייגעהער. אַזוי בין איך מיט פֿערזונקענע מחשבות אַרויף דעם שלאָס־באַרג.

אָט די אַלע מענשען, וואָס איך האָב בעגעגענט, ווי לייכט און לוסטיג האָבען זיי דאָס געוויגט די קעפּ זייערע און זיך געגאַנגען לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, דורך דאָס לעבען, פּונקט ווי אויף אַ באַל. אין קיין איינציגען אויג איז קיין שום קומער ניטאָ, אויף קיין פּלייצע קיין שום משא ניט; ניט אַמאָל אַן אומעטיגע מחשבה אפשר, ניט אַמאָל אַן אינעווייניגסטער, בעהאַלטענער שמערץ אין קיין איינער פֿון די דאָזיגע פֿרעהליכע נשמות. און איך געה מיר גאַנץ נאָהענט לעבען אָט די מענשען, יונג און נאָר וואָס פֿון איי אַרויס, און איך האָב שוין פֿערגעסען, ווי דאָס גליק זעהט אויס! אַזוי בין איך אַריין אין אַ שמועס מיט דעם דאָזיגען געדאַנק און האָב אויסגעפֿונען, אַז דאָס איז בנאמנות אַ גרויסע, מורא׳דיגע עולה געגען מיר. פֿאַרוואָס איז מיר די לעצטע חדשים אַזוי שלעכט, אַזוי סטראַשנע שלעכט געגאַנגען?

כ'קען גאָר מיינע געדאַנקען ניט צונויפֿנעהמען, און פֿון אַלע זייטען קומען אויף מיר אָן אַזעלכע מאָדנע פּלאָגען. כ'קען זיך ניט אַוועקזעצען אַליין אויף אַ באַנק אָדער געהן ערגעץ־וואו, עס זאָלען מיר ניט בעפֿאַלען אַזעלכע קליינע צופֿעלע, אָהן אַ שום בעדייטונג, אַזעלכע מאָדנע, קלעגליכע קלייניגקייטען, וואָס שפּאַרען זיך אַריין אין מיין געדאַנק און צוטרייבען מיינע כוחות אין אַלע ווינדען. אַ הונד, וואָס לויפֿט דורך פֿערביי מיר, אַ געלע רויז ביי אַן אויסגעפּוצטען פֿראַנט אין לאַפּעל, קענען מיר צוטומלען די מחשבות און מיך בעשעפֿטיגען אַ לאַנגע צייט. וואָס איז מיר אַזוינס געשעהן? וואָס זשע, איז דאָס אפשר אַן אצבע אלהים? צי טייטעלט דאָס גאָט מיט'ן פֿינגער אויף מיר? פֿאַרוואָס ניט פּונקט אַזוי גוט אויף אַ מאַן אין זיד־אַמעריקאַ? אַז איך פֿלעג זיך גוט בערעכענען, איז מיר וואָס ווייטער אַלץ מעהר קשה געוואָרען, פֿאַרוואָס עפּעס בין איך גראָד אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פּרוביר־שטיין פֿאַר די קאַפּריזען פֿון'ם שיקזאַל. ס'איז דאָך אַ מאָדנע זאַך; האָט איהר געהערט אַביסעל? מען זאָל אַריבערשפּרינגען אַ גאַנצע וועלט מיט מענשען און זיך אָבשטעלען גראָד אויף מיר! דער סוחר פֿון אַנטיקען פּ אַ ש אַ און דער שיפֿס־אַגענט ה ע נ ע כ ע ן לעבען דאָך נאָך אויך עפּעס אויף דער וועלט.

כ'בין אַרומגעגאַנגען, האָב כסדר געטראַכט וועגען דער זאַך און ניט געקענט פּטור ווערען דערפֿון, און די שווערסטע טענות האָב איך געהאַט צו גאָט, פֿאַרוואָס ער לאָזט עפּעס גראָד מיך ליידען פֿאַר די שולד פֿון אַנדערע. זאָגאַר נאָכדעם ווי איך האָב שוין געפֿונען אַ באַנק און זיך אַנידער־געזעצט, האָט די דאָזיגע פֿראַגע אַלץ ניט אויפֿגעהערט מיך צו מוטשען און צושטערען מיינע געדאַנקען וועגען אַלע אַנדערע זאַכען. פֿון יענע טעג אין מאַי אָן, זינט מיינע צרות האָבען זיך אָנגעהויבען, האָב איך דייטליך געשפּירט ווי איך ווער אַלץ שוואַכער און שוואַכער; כ'בין צו מאַט געוואָרען און האָב קיין כוח ניט געהאַט אַליין צו רודערן, אַליין צוצוגעהן אַהין, וואו מיר האָט זיך געגלוסט. אַ מחנה פֿון קליינע שעדליכע ווערים האָבען זיך אַריינגעשפּאַרט צו מיר אינעווייניג און אויסגענאָגט און אויסגעהייהלט האָבען זיי מיך. ווי, צי האָט גאָט ניט אַקאָרשט בדעה, מיך אין גאַנצען צו פֿערניכטען?! כ'בין אויפֿגעשטאַנען און אַרומגעגאַנגען לעבען באַנק אַרויף און אַראָב.

מיין גאַנצעס וועזען האָט זיך אין דער רגע געפֿונען אין אַ צושטאַנד פֿון העכערען שמערץ; כ'האָב זאָגאַר געפֿיהלט אַ ווייטאָג אין די אָרעמס און האָב זיי כמעט ניט געקענט האַלטען ווי געוועהנליך. נאָך מיין לעצטער שווערער מאָהלצייט האָב איך זיך זעהר גוט געפֿיהלט; כ'בין געווען צו

זאַט און אויפֿגערייצט און האָב אַרומגעשפּאַצירט אַהין און אַהער, זיך ניט אומקוקענדיג אויף קיינעם; די מענשען, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען פֿערביי מיר, האָבען אויסגעזעהן ווי שאָטענס. ענדליך איז מיין באַנק פֿערנומען געוואָרען, צוויי הערען האָבען זיך דאָרט אַנידערגעזעצט פֿעררויכערט זייערע ציגאַרען און אָנגעפֿאַנגען הויך צו שמועסען איינער מיט'ן צווייטען. כ'בין אין כעס געוואָרען און האָב געוואָלט אויסלאָזען מיין ביטער האַרץ צו זיי, נאָר כ'האָב זיך באַלד מישב געווען און בין אַוועק אויף דער אַנדער זייט פּאַרק, וואו איך האָב זיך ווידער אויסגעזוכט אַ באַנק. דאָ האָב איך זיך אַנידערגעזעצט.

דער געדאַנק וועגען גאָט האָט מיך פֿון דאָס ניי גענומען מוטשען. ס'איז מיר אויסגעקומען עפּעס גאָרניט פֿערנינפֿטיג, גאָרניט מעשה מענש, וואָס יעדעס מאָל, ווען איך זוך נור אַ שטעלע, איז ער דאָ אין מיטען און צושטערט אַלצדינג — וואָרים נאָך אַלעמען האָב איך דאָך ניט געבעטען זער ווייסט וואָס, בלויז דאָס טעגליך שטיקעל ברויט. בעמערקט האָב איך, אַז ווען איך בין אַ לענגערע צייט הונגעריג, פֿלאַקערט מיין מוח שטילערהייט אויס און מיין קאָפּ בלייבט ליידיג, פּוסט. גאַנץ גרינג ווערט ער דעמאָלט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָרניט געווען; כ'פֿיהל גאָר זיין געוויכט ניט אויף די שולטערן, און ס'דוכט זיך מיר עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט דאַן אויסגעגלאָצט אַ פּאָר צו גרויסע, אויפֿגעריסענע אויגען אויף יעדען איינעם, וואָס ציהט צו מיין אויפֿמערקזאַמקייט.

כ'בין געזעסען אויף דער באַנק און האָב געטראַכט און געטראַכט און אַלץ פֿערביטערטער געוואָרען אויף גאָט און די לאַנגע, לאַנגע יסורים, וואָס ער האָט אויף מיר אָנגעשיקט. אויב ער רעכענט, אַז ער וועט קענען מיך אַרויפֿשלעפּען צו זיך אויבען און מיך דאָרט בעסער מאַכען, דורך דעם וואָס ער פּייניגט מיך צום טויט און שיקט אויף מיר אָן איין שלים־מזל נאָך'ן אַנדערן, האָט ער אַ ביטערן טעות; דאָס איז זיכער. און כמעט וויינענדיג פֿאַר עקשנות האָב איך אַרויפֿגעקוקט אויבען און עס איהם איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אַוועקגעזאָגט אין מיין שטילער מחשבה.

גאַנצע שטיקער דערפֿון, וואָס איך האָב קינדווייז געלערנט, זיינען מיר אַרויף אויף'ן זינען. דער ביבעל־טאָן, דער ניגון פֿון דער תורה האָט מיט אַמאָל אָבגעקלונגען אין מיינע אויערן, און איך האָב גאַנץ שטיל גענומען רוען צו זיך אַליין, אָנבויגענדיג מיט שפּאָט דעם קאָפּ אָן אַ זייט. נאָך וואָס דאגה איך זיך אַזוי, וואָס איך וועל עסען, וואָס איך וועל טרינקען, אין וואָס איך וועל מיין עלענדען גוף אַרומוויקלען? צי האָט מיין פֿאָטער אין הימעל ניט געזאָרגט פֿאַר מיר, אַזוי ווי פֿאַר די קליינע פֿויגעלאַך אויפֿן

דאַך? און האָט ער מיר דען ניט זיין חסד געוויזען, אָנצייגענדיג מיט'ן מינדסטען פֿינגערל אויף זיין אָרעמען, פראָכטען קנעבט? גאָט האָט מיין נערוועז־נעץ מיט'ן פֿינגער אָנגעריהרט און די פֿעדים דאָרט לאַנגזאַם צופּלאָנטערט. און גאָט האָט זיין פֿינגער צוריקגענומען, און קניפּלאַך און וויכינקע, צאַרטע וואָרצעלאַך זיינען היינגען געבליבען. און גאָט'ס פֿינגער האָט אַ לאָך געבוירערט און אַ וואונד ביי מיר אין מוח. אָבער ווי גאָט האָט מיר נור אָנגעריהרט מיט'ן פֿינגער פֿון זיין האַנד, האָט ער מיך תיכף אָבגעלאָזען און מיך שוין מעהר ניט געטשעפּעט און פֿון אַלדאָס בייז מיך אָבגעהיט. נייערט אין פֿריעדען האָט ער מיך געלאָזט געהן, און אַוועקגע־לאָזט האָט ער מיך מיט יענער וואונד. און קיין שום בייז טרעפֿט מיך ניט פֿון גאָט, וואָס איז דער האַר פֿון דער וועלט לעולם ועד סלה...

פֿון סטורענטען־וועלדעל האָט מיר דער ווינד געבראַכט צו טראָגען מוזיק; ס'איז שוין אַלזאָ געווען נאָך צוויי אַזייגער. כ'האָב אַרויסגענומען מיין פּאַפּיר, אום צו פּרובירען, צי וועל איך קענען שרייבען, אין דערזועלבער רגע איז מיר אַרויסגעפֿאַלען מיין באַרביער־ביכעל פֿון קעשענע. כ'האָב עס גענפֿענט און איבערגעצעהלט די בלעטלאַך, עס זיינען נאָך געווען זעקס אַבאָנעמענטס־קאַרטען. גאָט זיי דאַנק! האָב איך ניט ווילענדיג אַ זאָג געטהאָן, כ'וועל זיך נאָך, הייסט עס, קענען אַ פּאָר וואָכען ראַזירען און באַטש אויסזעהן אביסעל מעשה מענש! דאָס דאָזיגע קליינע פֿערמעגען, וואָס איז מיר נאָך געבליבען, האָט מיר גלייך געמאַכט בעסער אויפֿגעלייגט: אַ ווילע האָב איך געגלעט די קאַרטען און דערנאָך ווידער אַריינגעשטעקט דאָס ביכעל אין קעשענע.

שרייבען האָב איך פֿונדעסטוועגען ניט געקענט. נאָך אַ פּאָר שורות איז מעהר ניט געגאַנגען; די געדאַנקען מיינע זיינען געווען ערגעץ אַנדערש. און איך האָב זיך ניט געקענט צוזאַמענעהמען צו אַ בעשטימטער אָנ־שטרייננגונג. אַלצדינג און יעדע זאַך בעזונדער האָט געווירקט אויף מיר און מיך צורודערט. פֿליגען און קליינטשיקע פֿליגעלאַך האָבען זיך אַראָבגעלאָזט אויף'ן פּאַפּיר און האָבען מיך געשטערט; כ'האָב געבלאָזען, כדי זיי אַוועקצוטרייבען, אָבער אומזיסט. די קלייניגקע ברואים'לאַך לייגען זיך אויס אין דער לייגג און אין דער ברייט, מאַכען זיך שוועד און ווילען ניט אָבטרעטען, אַזוי אַז די דינע פֿיסלאַך זייערע קרימען זיך אַזש אוים. ניט פֿון אָרט זיי צו ריהרען. זיי געפֿינען שוין עפּעס, אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטען, פֿערטשעפּען די פֿים אָן אַ קאָמאַ, אַ פּאַסיקעל, אָדער אַ קנייטש אויף'ן פּאַפּיר און בלייבען אַזוי לאַנג, ניט ריהרענדיג זיך פֿון אָרט, ביז וואַנען ס'פֿערגלוסט זיך זיי אַליין צו אַנטלויפֿען.

אַ היבשע ווײלע האָבען מיך די דאָזיגע קלײנע טײוואָלים בעשעפֿטיגט, כ'האָב פֿערלײגט אַ פֿוס איבער אַ פֿוס און מיר גענומען צײט, זײ צו בעטראַכטען. פלוצלונג האָבען אַ ציטער געטהאָן אַ פּאָר הויכע טענער פֿון אַ קלאַרנעט פֿון וועלדעל אַרויף צו מיר און האָבען מײנע געדאַנקען געגעבען אַ שטויס. פֿון פֿערדרוס, וואָס איך האָב ניט געקענט אָנשרײבען מײן אַרטיקעל, האָב איך דאָס פּאַפּיר ווידער אַרײנגעלײגט אין קעשענע און זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער באַנק. אין דער רגע איז מיר דער קאָפּ אַזוי קלאָר, אַז איך קען טראַכטען איבער די פֿײנסטע געדאַנקען און ניט מיעד ווערן. ווי איך ליג דאָ אַזוי אין דער דאָזיגער פּאָזיציע און וואַרף אַריבער מײן בליק איבער דער ברוסט אויף מײנע פֿיס, דערשפּיר איך אַז דער פֿוס גיט מיר אַלע ווײלע אַ ציה, בײ יעדען פולס-שלאָג. איך גיב זיך אַ הויב אַביסעל און דערלאַנג אַ קוק אויף מײנע פֿיס, און אין דער רגע פֿאַלט אויף מיר אָן אַ פֿאַנטאַסטישע, מאָדנע שטימונג, וועלכע איך האָב קײנמאָל פֿריהער ניט געהאַט; אַ שטילער, מאָדנער שטויס געהט מיר דורך דורך די נערוועז, עפּעס אַזוי ווי אַ שטראָם פֿון קאַלטען ליכט וואָלט זײ דורכגענומען. אַז איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף מײנע שיך, האָב איך געפֿיהלט עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט זיך געטראָפֿען מיט אַ גוטען פֿרײנד און צוריקגעקראָגען אַן אויסגעריסענעם שטיק פֿון מײן איך; אַ געפֿיהל פֿון ווידערדערקענונג נעהמט דורך אַלע מײנע חושים, טרעהרען שטעלען זיך מיר אין די אויגען, און מיר דוכט זיך עפּעס אַזוי ווי די שיך מײנע וואָלטען געווען אַ שטיל רוישענדער טאָן, וואָס שלאָגט מיר אַנטקעגען. שוואַכקײט! האָב איך אַ זאָג געטהאָן האַרט און צונויפֿגעדריקט די פֿויסטען און נאָך אַמאָל אַ זאָג געטהאָן: שוואַכקײט! כ'האָב זיך אויסגעלאַכט פֿון מיר אַלײן פֿאַר די דאָזיגע לעכערליכע געפֿיהלען, זיך געמאַכט צום נאַר, שטרענג און פֿערנינפֿטיג אײנגע'טענה'ט מיט זיך אַלײן און מיט געוואַלט צונויפֿגעדריקט די אויגען, כדי די טרעהרען זאָלען ניט אַרויסשפּאַרען. אַקוראַט ווי איך וואָלט מײנע שיך צום ערשטען מאָל דערזעהן, הויב איך אָן זײ צו בעטראַכטען, ווי זײ זעהן אויס; די מיענעס וואָס זײ מאַכען, בשעת איך גיב אַ ריהר מיט די פֿוס; זײער פֿאָרמע, די אָבגעטראָגענע אויבערשטע לעדער, און דערבײ געפֿין איך אויס, אַז די קנײטשען זײערע און די ווײסע נעט גיבען די שיך אַ געוויסען אויסדרוק, אַ פֿיזיאָגנאָמיע. עטוואָס פֿון מײן אײגענעם וועזען איז אַריבערגעגאַנגען אין דיזע שיך, זײ האָבען אויף מיר געווירקט אַזוי ווי אַ הויך געגען מײן אײגענעם איך, אַן אָטהעמדיגער טהײל פֿון מיר גופא...

מיט אַט די געפֿיהלען האָב איך לאַנג פֿערבראַכט, פֿיליכט אַ גאַנצע שטונדע. אַ קליינער, אַלטער מאַן האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף'ן אַנדערן ברעג פֿון מיין באַנק; בעת ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, האָט ער זיך שטאַרק אָבגעסאָפּעט נאָך'ן גאַנג און געזאָגט: „יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, ווירקליך!"

אַזוי ווי אַ שטורם-ווינד האָט עס מיר געטרישט אין קאָפּ, בשעת איך האָב זיין שטימע געהערט; כ'האָב די שיך געלאָזט בלייבען שיך, און מיר האָט זיך שוין געדוכט, עפּעס אַזוי ווי די ביטערע מרה שחורה, וועלכע האָט מיר נאָר וואָס געהאַלטען פֿעסט אין די הענד און פֿון מיר אָדערן געצויגען, וואָלט גאָר אָבגעשטאַמט פֿון אַ לאַנג פֿערשוואונדענער צייט, פֿיליכט שוין אַ יאָהר אָדער צוויי און הויבט שוין אָן פֿערלאָשען ווערן ביי מיר אין זכרון. כ'האָב אָנגעפֿאַנגען בעטראַכטען דעם אַלטען.

וואָס איז מיר אָט דער קליינער אַלטער אָנגעגאַנגען? גאָרנישט! ניט אַ האָר אפילו. נאָר אַ צייטונג האָט ער אין דער האַנד געהאַלטען, אַן אַלטע נומער, מיט די אַנאָנסען פֿון דרויסען; ס'האָט אויסגעוויזען, אַז עפּעס איז איינגעוויקעלט דערין. כ'בין נייגיריג געוואָרען און כ'האָב שוין קיין אויג ניט געקענט אָבטהאָן פֿון דער צייטונג; אַ משוגענע אידעע איז מיר אַ־ויף אויף'ן זינען, ס'קען אפשר זיין אַ מערקווירדיגע צייטונג, איינציג אין איהר סאָרט. מיין נייגיריגקייט איז געוואַקסען און איך האָב זיך גענומען אַרום־רוקען איבער דער באַנק אַהין און צוריק. ווער ווייס? אפשר זיינען דאָ גאָר דאָקומענטען, געפֿעהרליכע פּאַפּירען, וואָס ער האָט ערגעץ פֿון אַן אַרכיוו אַרויסגע'גנב'עט. פֿאַר די אויגען האָט מיר געשוועבט עטוואָס פֿון געהיימע אָבמאַכען, קאָנספּיראַציעס.

דער מאַן איז זיך געזעסען שטיל און האָט געטראַכט פֿון עפּעס. פֿאַרוואָס האָט ער זיין צייטונג ניט געטראָגען ווי יעטוועדער אַנדערער טראָגט אַ צייטונג, מיט'ן טיטעל פֿון דרויסען? וואָס זיינען דאָס פֿאַר קונץ־שטיק? דאָס פּעקעל זיינס, ווייזט אויס, וויל ער פֿון האַנד ניט אַרויסלאָזען, פֿאַר קיין געלד ניט; ער וואַגט אפשר ניט, עס זיין אייגענער קעשענע אפילו צו פֿערטרויען. כ'וואָלט זיך געקענט חע־ען אויף מיין לעבען, אַז דאָ מוז עפּעס שטעקען הינטער דעם.

אַזוי בין איך געזעסען און האָב געקוקט גלאַט אין דער וועלט אַריין, ניט וויסענדיג בעשטימט אויף וואָס איך קוק. גראָד די אונמעגליכקייט, אַריינצוקריכען אין דער פֿערשטעלטער, געהיימער אַנגעלעגענהייט, האָט מיך שיער ניט אַראָבגעפֿיהרט פֿון זינען פֿאַר נייגיריגקייט. כ'האָב איבערגעטאַפּט מיינע קעשענעס, געזוכט עפּעס, וואָס איך זאָל דעם מאַן

קענען געבען, כדי אַריינגעהן מיט איהם אין אַ שמועס; כ'האָב אַרויס־גענומען מיין באַרביער־ביכעל, האָב עס אָבער גלייך צוריק אַריינגעלייגט. מיט אַמאָל בין איך געפאַלען אויף אַ המצאה, אַן אונערהערטע חוצפה, כ'האָב זיך אַ קלאַפּ געטהאָן אָן מיין ליידיגער בוזים־קעשענע און געזאָגט:

„איהר ווערט אפשר רויכערן אַ ציגאַרעטעל?"

אַ דאַנק; דער מאַן רויכערט ניט; ער האָט עס געמוזט אַוועקוואַרפען, כדי זיינע אויגען צו שוינען, ער איז כמעט בלינד. אַ שעהנעם דאַנק פונדעסטוועגען!

צי ער ליידט שוין פון לאַנג אָן אויף די אויגען? דאַן קען ער דאָך מן הסתם לעזען אויך ניט? ניט אַמאָל די ציימונג?

ליידער ניט אַמאָל די צייטונג.

דער מאַן האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר. די קראַנקע אויגען זיינען געווען אַריבערגעצויגען מיט אַ הייטעל און האָבען אויסגעזעהן ווי פערגלעזערט; זיין בליק איז געווען ביסטרע און האָט געמאַכט אַ דערווידערדיגען איינדרוק.

„איהר זייט פרעמד דאָ?" האָט ער געפרעגט.

יאָ. — צי קען ער אפילו ניט איבערלייענען דעם נאָמען פון דער צייטונג, וועלכע ער האַלט אין דער האַנד?

קיים. אבעריגענס האָט ער גלייך געהערט, אַז איך בין דאָ פרעמד; עטוואָס אין מיין שפּראַך, אין דעם טאָן מיינעם האָט עס אויסגעזאָגט. ער האָט אַזאַ פיינעם געהער; ביינאַכט, אַז אַלע שלאָפען, הערט ער ווי די לייט אין צוויימען צימער, לעבען זיינעם, אָטהעמען... „וואָס איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, וואו וואוינט איהר ערגעץ?"

כ'האָב אויף'ן שטעל געהאַט אַן אָנגעגרייטען ליגען. כ'האָב געלייגט ניט ווילענדיג, אָהן אַן אויסרעכנונג און אָהן אַ שום הינטער־געדאַנק.

„סאַנט אָלאַף'ס פלאַץ נומער 2."

ווירקליך? ער קען יעטוועדען שטיין אויף סאַנט אָלאַף'ס־פּלאַץ. דאָרט איז פאַרהאַן אַ פאָנטאַן, אַ פּאָר גאַז־לאַמטערנעס, עטליכע ביימער, ער קען זיך גאַנץ גוט דערמאָנען אָן דעם... „וואָסער נומער וואוינט איהר? —"

כ'האָב געוואָלט מאַכען אַ סוף צום עסק און בין אויפגעשטאַנען, אויסער זיך פאַר נייגיריגקייט צו וויסען וואָס די צייטונג בעדייט. דער סוד מוז אַרויס, ס'מעג קאָסטען וואָס עס וויל זיך.

„אַז איהר קענט ניט לעזען די צייטונג, טאָ פאַרוואָס זשע..."

„אין נומער 2, מיין איך, האָט איהר געזאָגט?" האָט דער מאַן זיך גע'טענה'ט דאָס ביסעלע, זיך ניט אומקוקענדיג אויף מיין צורודערטקייט. „כ'האָב אַמאָל געקענט אַלע לייט אין נומער 2. ווי הייסט דער בעל הבית אייערער?"

אין דער גרעסטער איילעניש האָב איך אויסגעפונען עפעס אַ נאָמען, כדי זיך אָבצושטעפען פון איהם. אין אַ רגע האָב איך מיר דעם נאָמען צורעכט געמאַכט און איהם אַ שליידער געטהאָן, אום די שטיק צרה מיינע זאָל ניט קענען ווייטער געהן און מיך אויפהערען מוטשען.

„האַפּאָלאַטי", האָב איך זיך אָבגערופען.

„האַפּאָלאַטי, יאָ," האָט דער מאַן צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ; קיין איינציגע זילבע אפילו האָט ער ניט פערלאָרען פון דעם דאָזיגען שווערען נאָמען.

ערשטווינט האָב איך איהם אָנגעקוקט; ער איז געזעסען זעהר ערנסט מיט אַ פערטראַכטער מיענע. קוים האָב איך נור אויסגערעדט דיזען נאַרישען נאָמען, וועלכער איז מיר אַזוי פלוצלונג איינגעפאַלען, האָט דער מאַן עס אָנגענומען פאַר גאַנץ ריכטיג און האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי ער וואָלט איהם שוין פריהער אַמאָל געהערט. דערווייל האָט ער אַנידערגעלייגט זיין פעקעל אויף דער באַנק, און איך האָב דערפיהלט ווי מיין נייגיריגקייט נעהמט דורך מיט אַ ציטער אַלע נערווען מיינע. איצט האָב איך בעמערקט אַ פּאָר פעטע פלעקען אויף דער צייטונג.

„איז אייער בעל הבית ניט אַ מאַטראָז?" האָט דער מאַן אַ פרעג געטהאָן, אָהן דער מינדעסטער שפור פון איראָניע אין זיין שטימע. „כ'מיין, איך דערמאָן זיך, אַז ער איז געווען אַ מאַטראָז."

„מאַטראָז, ענטשולדיגט, דאָס מוז זיין דער ברודער, וועמען איהר קענט; דיזער איז י. א. האַפּאָלאַטי, אַגענט."

כ'האָב געמיינט, דאָס וועט מאַכען אַ סוף צום פּלאָנטער; אָבער דער מאַן איז מרוצה געווען אויף אַלצדינג, ס'האָט איהם גאָרנישט אויסגעמאַכט. ווען איך וואָלט איהם אַשטייגער אויסגעטראַכט אַ נאָמען ווי באַראַבאַס רוויזען-קנאָספע, וואָלט דאָס אויך וואַהרשיינליך קיין שום חשד ניט דערוועקט.

„ווי איך האָב געהערט, איז ער אַ מעכטיגער מאַן," האָט ער געזאָגט און איז זיך ווייטער געגאַנגען זיין וועג. —

„אָה, אַ חכם אַ יונג," האָב איך געענטפערט, „אַ מיכטיגער געשעפטסמאַן, אַן אגענט פאַר אַלץ וואָס איהר ווילט איז דער וועלט,

דרויסיגע יאַגדעס פֿון כינאַ, פֿעדערן און פוך פֿון רוסלאַנד, פֿעל, האָלץ, שרייב־טינט..."

„הע־הע, ווייסט דער רוח וואָס נאָך!" האָט מיר דער אַלטער איבער־געשלאָגן די רייד, אויף'ן העכסטען גראַד אויפֿגעלייגט.

דאָס האָט אָנגעהויבען אינטערעסאַנט צו ווערען. כ'בין אַריינגעצויגען געוואָרען אַזוי ווי אין אַ נעץ, און איין ליגען נאָך'ן אַנדערן האָט זיך מיר אַרויסגעשפּאַרט פֿון מוח. איך האָב זיך צוריק אַנידערגעזעצט, זיך פֿערגעסען אָן דער צייטונג, אָן די וויכטיגע דאָקומענטען און גענומען טענה'ן מיט חשק, איהם אַריינפֿאַלען אין די רייד. דאָס וואָס דער דאָזיגער אַלטער קאַרליק האָט מיר אַזוי געקוקט אין מויל און געגלויבט יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב אַרויסגערעדט, האָט מיך איינפֿאַך ווילד געמאַכט; כ'האָב איהם געוויאָלט פֿערשיטען מיט ליגענס פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, איהם אָנריידען אַזעלכע ניט געשטויגענע, ניט געפֿלויגענע זאַכען, אַז ער זאָל פֿאַר ערשטוינונג קיין וואָרט ניט קענען ברייננגען איבער די ליפּען.

צי ער האָט געהערט מכח דעם עלעקטרישען געזאַנג־בוך, וואָס האַפּאָלאַטי האָט אויסגעפֿונען?

„ווי — עלעק..."

מיט עלעקטרישע בוכשטאַבען, וואָס לייכטען אין דער פֿינסטער! זעהר אַ גרויסאַרטיגע אונטערנעהמונג, וואָס קאָסט אָב מאַסען מיליאָנען פֿון קראָנען, מיט איינִיגע גיסערייען און דרוקערייען, און וואָס בעשעפֿטיגט גאַנצע מחנות פֿון גוט־בעצאָהלטע מעכאַניקער, ווי איך האָב געהערט, אַן ערך זיבען הונדערט מענשען.

„יאָ, קען איך דאַרויף נישט זאָגען!" האָט זיך דער מאַן אָבגערופֿען. מעהר האָט ער גאָרנישט געזאָגט; ער האָט געגלויבט יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב דערצעהלט, און דאָך איז ער דערפֿון ניט נתפעל געוואָרען. כ'בין אַביסעל ענטמוטיגט געוואָרען דעריבער, מחמת איך האָב זיך געריכט, אַז מיינע ניט געשטויגענע, ניט געפֿלויגענע מעשיות וועלען איהם אַרויסברייננגען פֿון די כלים.

כ'האָב אויסגעטראַכט נאָך אַ פּאָר מורא'דיגע שקרים, אָבגעלאָזט דעם צוים און געלייגט אויף וואָס די וועלט שטעהט, דערצעהלט, אַז האַפּאָלאַטי איז 9 יאָהר געווען אַ מיניסטער אין פערזיען. „איהר האָט, ווייזט אויס, גאָר קיין בעגריף ניט וואָס דאָס הייסט אַזוינס, זיין מיניסטער אין פערזיען?" האָב איך געפֿרעגט. דאָס איז אַסך מעהר איידער דאָ אַ קעניג אין לאַנד, אַן ערך אַזוי פֿיעל ווי סולטאַן, אייב ער ווייס, וואָס דאָס איז אַזוינס. האַ[illegible]בער האָט זיך מיט אַלעמען איספּראַוועט און איז קיין איינמאָל

ניט אַריינגעפֿאַלען. און דערנאָך האָב איך דערצעהלט פֿון אילאַיאַלי'ן, פֿון זיין טאָכטער אילאַיאַלי, אַ פּרינצעסין, וואָס האָט דריי הונדערט שקלאַפֿינען און ליגט אויף אַ געלעגער פֿון געלע רויזען, דאָס שעהנסטע וועזען, וואָס איך האָב ווען עס איז געזעהן, ביי גאָט, כ'האָב אין מיין גאַנצען לעבען וואָס עהנליכעס ניט געזעהן!

„ווירקליך? אַזאַ פּאַרשוין?" האָט דער אַלטער געזאָגט גלייכגילטיג און אַראָבגעקוקט אויף דער ערד.

אַזאַ פּאַרשוין? זי איז שעהן, רייצענד, אַן אמת'ער יצר הרע! אויגען אַזוי ווי רויע זייד, אָרעמס ווי בורשטין! איין איינציגער בליק איהרער פֿיהרט דיך אַראָב פֿון וועג אַזוי ווי אַ קוש, און אַז זי האָט מיך גערופֿען איז די שטימע איהרע צוגאַנגגען אין אַלע מיינע גליעדער! פֿאַרוואָס זאָל זי עפּעס ניט זיין שעהן? וואָס זשע, ער האַלט איהר אפשר פֿאַר אַ משרת־יונגעל אָדער פֿאַר עפּעס וואָס עס איז פֿון דער פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע? זי איז גאַנץ איינפֿאַך אַ הימלישעס וועזען, קען איך איהם זאָגען, אַ פֿאַבעל־האַפֿטע פֿיגור.

„יאָ, יאָ!" האָט זיך דער מאַן אָבגערופֿען אַביסעל צוטומעלט.

זיין רוהיגקייט האָט מיך געערגערט; מיין אייגענע שטימע האָט מיך אויפֿגערעגט, און איך האָב גערעדט מיט אַ פֿאָלשטענדיגען ערנסטען טאָן. די גע'גנב'עטע פּאַפּירען, דער געהיימער אָבמאַך מיט דיזער אָדער יענער פֿרעמדער מאַכט זיינען פֿערגעסען געוואָרען; דאָס קליינע פֿלאַכע פּעקעל איז געלעגען צווישען אונז אויף דער באַנק, און איך האָב שוין קיין שום לוסט ניט געהאַט צו דערגעהן וואָס דערין טהוט זיך. כ'בין אין גאַנצען פֿערנומען געווען מיט מיינע אייגענע געשיכטען, וועלכע האָבען אַרויסגערופֿען מאָדנע בילדער און זיי דורכגעפֿיהרט פֿאַר מיינע אויגען; דאָס בלוט איז מיר אַרויף אין קאָפּ און איך האָב זיך צולאַכט אויף'ן קול.

אַצונד האָט דער מאַן אַפּנים געוואָלט אַוועקגעהן. ער האָט זיך אַ הויב געטהאָן, און כדי ניט אָבצוברעכען פלוצלונג, פֿון דער העלער הויט, האָט ער געזאָגט:

„אָט אַפּנים ער מוז האָבען געוואַלדיג גרויסע רייכטהימער, דער דאָזיגער האַפּאָלאַטי?"

ס'אַ חוצפה אַביסעל פֿון אַ בלינדען, מיאוס'ען אַלטען זיך אַזוי אַרומ־צוואוואַרפֿען מיט יענעם פֿרעמדען נאָמען, וואָס איך האָב אויסגעפֿונען אַקוראַט ווי עס וואָלט געווען אַ פּראָסט פשוט'ער נאָמען, וואָס שטעהט אויף'ן שילד ביי יעטוועדען קרעמער אין שטאָדט! ער האָט זיך ניט פֿער־היקעט ביי קיין איינציגען בוכשטאַב און האָט קיין זילבע ניט פֿערגעסען;

דיזער נאָמען האָט זיך פֿעסט אַריינגעביסען ביי איהם אין מוח און האָט זיך פֿון אָרט ניט גערוהרט. כ'בין געוואָרען אין כעס; מיר האָט שרעקליך פֿערדראָסען אויף דעם דאָזיגען מאַן, וועמען קיין זאַך איז ניט אים שטאַנד געווען אַריינצוברייננגען אין פֿערלעגענהייט און ערוועקען אין איהם אַ מיסטרויען צו מיינע רייד.

„דאָס וויים איך ניט," האָב איך דעריבער געענטפֿערט בייזלאַך, „דאָס וויים איך אַבסאָלוט ניט. אַ רעשטע, זאָג איך אייך איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל, אַז דער מאַן הייסט יאָהאַן אַרענדט האַפּאָלאַטי."

„יאָהאַן אַרענדט האַפּאָלאַטי," האָט דער אַלטער ווידערהאָלט אַביסעל ערשטוינט איבער מיין שטאַרקען טאָן. דערנאָך איז ער אַנשוויגען געוואָרען.

„זיין פֿרוי האָט איהר בעדאַרפֿט זעהן," האָב איך געשריען כמעט ווי אַ משוגע'נער, „אַ דיקליכע פערזאָן... וואָס זשע, איהר גלויבט זיך, הייסט עס, גאָרנישט, אַז זי איז בעזונדערנס דיק?"

חלילה, איבער דעם וויל ער זיך לחלוטין ניט אַמפּערן מיט מיר, פֿאַר אַזאַ מאַן פּאַסט זיך גאָרניט שלעכט צו האָבען אַ היבשלאַך דיקע פֿרוי.

שטיל און רוהיג האָט דער אַלטער געענטפֿערט אויף מיינע משוגעת'ן, און דערביי האָט ער עפּעס אַזוי ווי געזוכט ספּעציעלע ווערטער, פּונקט ווי ער וואָלט מורא געהאַט, ער זאָל זיך חלילה ניט פֿערטשעפּען מיט מיר.

„צום טייוועל נאָכאַמאָל, מענש וואָס איהר זייט, איהר מיינט אַפּנים, אַז איהר האָט דאָ מיט אַ ליגנער צו טהאָן?" האָב איך אַ געשריי געטהאָן אויסער זיך פֿאַר כעס. „איהר גלויבט אודאי גאָרניט, אַז ס'איז פֿאַרהאַן אַזאַ מאַן מיט'ן נאָמען האַפּאָלאַטי? אין מיין לעבענסטאָג האָב איך ניט געזעהן אַזוי פֿיעל איינגעשפּאַרטקייט, אַזוי פֿיעל רשעות ביי אַן אַלטען מאַן. וואָס פֿאַלט אייך פֿאָרט איין, צו'ן אַלדע שוואַרץ יאָהר? איהר האָט זיך אפשר נאָר וואָס געטראַכט, אַז איך בין אַ גאַנץ אָרעמער מענש, וואָס זיצט זיך דאָ כמלך בגדוד, אַזוי ווי אַ הונד אויף זיין מיסט, און האָט קיין שאַכטעל מיט פּאַפּיראָסען ניט אין קעשענע? צו אַזאַ מין בעהאַנדלונג בין איך ניט געוועהנט, וויל איך אייך זאָגען, און כ'וויל עס, הערט איהר, פֿון קיינעם ניט אַריבערטראָגען, ניט פֿון אייך און ניט פֿון קיין אַנדערן! איהר מעגט עס טאַקע וויסען!"

דער מאַן איז אויפֿגעשטאַנען. שטום און מיט אַן אָפֿענעם מויל איז ער געשטאַנען און אויסגעהערט מיין שטורמדיגע דרשה ביז'ן סוף. דערנאָך האָט ער האַסטיג אַ כאַפּ געטהאָן זיין פּעקעל פֿון באַנק און גענומען געהן אָדער, בעסער געזאָגט, לויפֿען מיט שטרויכלענדע טריט פֿון אַ זקן איבער דעם וועג באַרג־אַראב.

כ׳בין געבליבען זיצען און געקוקט אויף זיין רוקען, וועלכער איז אַלץ מעהר פערשוואונדען און האָט וואָס ווייטער עפּעס אַלץ אויסגעקרימטער אויסגעזעהן. כ׳וויים ניט, ווי אַזוי ס׳איז געקומען, אָבער מיר האָט זיך פּלוצלונג אָבגעדוכט, אַז קיין אונעהרליכערן, אויסגעלאַסענערן רוקען ווי דעם דאָזיגען האָב איך אין מיין לעבען ניט געזעהן, און איך האָב קיין שום חרטה ניט געהאַט, וואָס איך האָב דעם מענשען אויסגעזידעלט, איידער ער איז אַוועק...

דער טאָג האָט גענומען פערשווינדען, די זונן האָט אָנגעהויבען אונ־טערגעהן, אַ שטילער ווינד האָט געבלאָזען צווישען די בוימער, און די קליינע מיידעלאַך, וועלכע זיינען ווייטער געזעסען אונטען ביי דער הוידעלקע, האָבען גענומען זיך רוקען מיט זייערע וועגעלאַך אַהיים. מיר איז געווען אַזוי גוט און אַזוי רוהיג אויף׳ן האַרצען. די אויפרעגונג, אין וועלכער איך האָב מיך נאָר וואָס געפונען, איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערשוואונדען, כ׳בין געוואָרען מיעד און שלעפעריג; די סך ברויט, וואָס איך האָב אַריינ־גענומען אין זיך, איז ניט געבליבען אָהן אַ ווירקונג אויף מיר. שטאַרק צופריעדען מיט זיך אַליין האָב איך זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ באַנק, צוגעמאַכט די אויגען און בין אַלץ שלעפעריגער געוואָרען; כ׳האָב איינגעדרעמעלט און ס׳האָט שוין געהאַלטען דערביי, איך זאָל אַריינפאַלען אין אַ פעסטען שלאָף, מיט אַמאָל קומט צו אַ פּאַרק-אויפזעהער, לייגט מיר אַרויף די האַנד אויף׳ן אַקסעל און זאָגט:

„דאָ שלאָפט מען ניט."

„ניין," האָב איך זיך אָבגערופען און זיך גלייך אויפגעהויבען. און מיט איין קלאַפּ איז מיר די טרויעריגע לאַגע מיינע ווידער געשטאַנען לעבעדיג פאַר די אויגען. איך מוז דאָך וואָס עס איז טהאָן, דאָס אָדער יענעס אָנפאַנגען! א שטעלע געפינען האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען; די רעקאָ־מענדאַציעס, וואָס איך האָב געהאַט צו צייגען, זיינען שוין אַלט געוואָרען, אַחוץ דעם האָבען זיי געשטאַמט פון ווינציג וואָס בעקאַנטע פערזאָנען און האָבען דעריבער קיין שום ווירקונג ניט געקענט האָבען. אויסערדעם האָבען מיר אָט די ענטפערס אויף „ניין", וואָס איך האָב כסדר געקראָגען אין פערלויף פון גאַנצען זומער, אַביסעל דערשלאָגען. נו מילא — דירה-געלד מוז איך על כל פנים צאָהלען, און איך מוז געפינען אַן אויסוועג, ווי אַזוי עס צו קריגען. מיט אַלעם איבעריגע איז דאָ נאָך צייט.

ניט ווילענדיג האָב איך ווידער אַרויסגענומען פּאַפּיר און בלייפעדער און אָנגעשריבען די ציפערן פון׳ם יאָהר 1848 אויף אַלע עקען. ווען איין איינציגער ברוזענדער געדאַנק זאָל כאָטש וועלען מיך אַ פּאַק טהאָן און

מיר די ווערטער אַריינלייגען אין מויל! ס'האָט שוין פֿריהער אַמאָל געטראָפֿען — ס'האָט ווירקליך פּאַסירט, אַז מיר זיינען אָנגעקומען אַזעלכע מאָמענטען, אין וועלכע איך האָב אָהן מיה, אָהן אַ שום אָנשטריינגונג אָנגעשריבען לאַנגע און דערצו נאָך זעהר, זעהר געלונגענע אַרטיקלען.

און אָט זיץ איך אַלזאָ דאָ אויף דער באַנק און שרייב צעהנדליגע מאָל דעם ציפֿער 1848, כ'שרייב די דאָזיגע צאָהל אין דער ברייט און אין דער לייננ אויף אַלערליי אופנים, אין אלערהאַנד פֿאָרמען, און איך וואַרט, מיר זאָל עפּעס איינפֿאַלען אַ אידעע, אַ מחשבה, וואָס זאָל טויגען אויף עפּעס. אַ הויפֿען פּוסטע געדאַנקען שוועבט מיר אַרום אין קאָפּ, די שטימונג פֿון'ם פֿערגעהענדען טאָג מאַכט מיך אומעטיג און סענטימענטאַל. דער הערבסט איז געקומען און הויבט אָן אַלצדינג צו פֿערוואַרפֿען אין טיעפֿען שלאָף. פֿליגען און אינזעקטען האָבען שוין געקראָגען דעם ערשטען קלאַפּ, אין די בוימער און אויף דער ערד הערט מען די קולות פֿון קעמפּפֿענדע לעבענס, פֿערטהאָן, אונרוהיג, אַרומלויפֿענדיג, אַרבייטענדיג, כדי ניט אומצוקומען! אַלע ציטערנדע ווערים־ברואים גיבען זיך נאָך איינמאָל אַ ריהר, שטעקען אַרויס די געלע קעפּלאַך זייער'ע פֿון די פֿייכטע גראָזען, הויבען אויף די פֿיסלאַך, שלעפּען זיך מיט לאַנגע פֿעדים פֿאָראויס, דערנאָך פֿאַלען זיי פּלוצלונג אַנידער, דרעהען זיך אום מיט די בייכער נאָך אויבען. יעדעס געוויקס האָט זיין בעזונדער שטעמפּעל, אַ צאַרטען הויך פֿון דער ערשטער קעלט; די וואָרצלען שטרעקען זיך אויס בלייך אַנטקעגען דער זונן, און די בלעטער פֿון די בוימער פֿאַלען אַראָב אויף דער ערד מיט אַזאַ טומעל, אַזוי ווי וואַנדערענדע זייד־ווערים. ס'איז דער הערבסט, אין רעכטען מיטען דעם פּורים־שפּיעל פֿון דער אויסשטאַרבונג! די רויטקייט פֿון די רויזען איז קראַנקהאַפֿט, אַ פֿיבערדיגער, מאָדנער גלאַנץ אויף דער בלוט־רויטער פֿאַרב.

אָט די צושטערונגס־אַרבייט אין מיטען דעם איינגעדרעמעלטען וועלט־אַל האָט אויף מיר געמאַכט אַ ביטערן איינדרוק; כ'האָב זיך אַליין געפֿיהלט עפּעס אַזוי ווי אַ וואָרים, וואָס דאַרף אומקומען. אַ דערשראָקענער האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אָרט און געמאַכט אַ פּאָר טריט אויף'ן פֿוס־וועג. ניין! האָב איך אַ געשריי געגעבען, צוגויפֿדריקענדיגביידע פֿויסטען מיינ ע ס'מוז נעהמען אַ סוף דערצו; און איך האָב זיך ווידער אַנידערגעזעצט, גענומען די בליי־פֿעדער אין דער האַנד און געוואָלט איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אָנשרייבען אַן אַרטיקעל; די פֿערצווייפֿלונג האָט דאָך קיין שום נוצען ניט, אַז מען דאַרף צאָהלען דירה־געלד.

לאַנגזאַם, גאַנץ לאַנגזאַם האָבען זיך מיינע געדאַנקען גענומען צו־נויפקלייבען איינע צו די אַנדערע. דאָס האָב איך אויסגענוצט, און רוהיג און איבערלייגט האָב איך אָנגעשריבען אַ פּאָר זייטלאַך אַלס הקדמה צו וואָס עס איז; דאָס האָט געקענט ווערן אַן אויסגעצייכענטער אָנהויב צו אָס איהר ווילט נאָר אַליין.

דערנאָך האָב איך אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אַ בעשטימטע פּראַגע, עלכע איך זאָל בעהאַנדלען, וועגען אַ מענשען, אַ זאַך, אויף וועמען איך זאָל זיך קענען אַרויפוואַרפען — אָבער כ'האָב גאָרנישט געפונען. אין משך פון די דאָזיגע אַרויסגעוואָרפענע, פּרוכטלאָזע אָנשטריינגונגען זיינען מיינע געדאַנקען דערוויל ווידער אַראָב פון גלייכען וועג; כ'האָב געפיהלט ווי מיין מוח האָט גאָר פשוט באַנקראָטירט, ווי מיין קאָפּ איז וואָס ווייטער אַלץ פוסטער און פוסטער געוואָרען, ביז וואַנען ער איז מיר ענדליך געוואָרען אַזוי גרינג און אָהן אַ שום אינהאַלט, אַז איך האָב איהם גאָר אויף די פּלייצעס ניט געשפּירט. די דאָזיגע מורא'דיגע פוסטקייט ביי מיר אין קאָפּ האָב איך מיט מיין גאַנצען קערפּער געפיהלט, כ'בין מיר אַליין פאָרגעקומען, אַזוי ווי אויסגעהייהלט פון קאָפּ ביז די פיס.

„רבונו של עולם, גאָטעניו-טאַטע!" האָב איך מיט שמערץ אויסגערופען און האָב דיזען געשריי ווידערהאָלט עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד, ניט צולייגענדיג קיין וואָרט דערצו.

דער ווינד האָט גערוישט אין די בלעטער, ס'האָט אויסגעזעהן, אַז אַ שטורם דאַרף אָנקומען. אַ רגע בין איך נאָך געבליבען זיצען און געקוקט פערלאָרען אויף מיינע פּאַפּירען. דערנאָך האָב איך זיי צונויפגעלייגט און זיי לאַנגזאַם אַריינגעשפּאַרט אין קעשענע. ס'איז געוואָרען קיהל, און איך האָב קיין וועסט ניט געהאַט אויף זיך; כ'האָב זיך צוגעקנעפעלט דעם ראָק ביז צום האַלז און אַריינגעשטעקט די הענד אין די קעשענעס. דערנאָך האָב איך זיך אויפגעהויבען און זיך געלאָזט געהן.

אַז עס וואָלט מיר כאָטש נור דאָס איינציגע מאָל אָבגעגליקט — דאָס א י י נ צ י ג ע מאָל! שוין צוויי מאָל האָט מיין בעל הבית'טע מיט די אויגען דאָס דירה-געלד געמאָהנט, און איך האָב זיך געמוזט איינבויגען און אין פערלעגענהייט אַ שאָקעל טהאָן מיט'ן קאָפּ און זיך דורכ'גנב'ענען פערביי איהר. דאָס קען איך ניט טהאָן נאָך אַמאָל; אַז איך וועל אָט די אויגען דאָס נעכסטע מאָל בעגעגענען, וועל איך גאָר פשוט ערקלעהרען, אַז איך ציה אַרויס פון צימער און וועל בלייבען אַן עהרליכער מאַן; אַזוי קען עס לאַנג ניט אָנגעהן.

אַז איך בין צוגעקומען צום אַרויסגאַנג פֿון פּאַרק, האָב איך ווידער דערזעהן דעם אַלטען קאַרליק, ווען איך האָב מיט מיין ווילדע צו־קאָכטקייט פֿעריאָגט פֿון מיר. דאָס געהיימניספֿאָלע ציימונגס־בלאַט איז געלעגען אָפֿען לעבען איהם אויף דער באַנק; דאָרט איז געלעגען עסענוואַרג, מאכלים פֿון פֿערשיעדענע סאָרטען, וועלכע ער האָט אַצונד געגעסען. כ'האָב געוואָלט צוגעהן צו איהם און זיך ענטשולדיגען, בעטען אום פֿערצייהונג פֿאַר מיין אויפֿפֿיהרונג, אָבער דאָס עסען זיינס האָט מיך אָבגעשטויסען; די אַלטע פֿינגער, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי צעהן אויסגעקרימטע נעגעל, פֿעסט איינגעגראָבען אין דאָס פֿעטע שטיק ברויט מיט פּוטער, האָבען אין מיר אַרויסגערופֿען אַ ניט־גוטקייט, און איך בין דורכגעגאַנגען פֿערביי איהם, ניט אויסרייהדענדיג צו איהם קיין וואָרט. ער האָט מיך דערקענט; טרוקען ווי צוויי שטיקער האָלץ האָבען זיינע אויגען מיך אָנגעקוקט, און ער האָט זיך קיין קרים ניט געטהאָן דערביי.

איך בין מיר געגאַנגען מיין וועג ווייטער.

מחמת געוואוינהייט בין איך געבליבען שטעהן ביי יעדער אַרויסגע־האַנגענער ציימונג, וועלכע איך בין נור פֿערבייגעגאַנגען, כדי דורכצושטודירען די „פֿערלאַנגטס", די אַנאָנסען, וואו מען זוכט מענשען פֿאַר ליידיגע שטעלען, און איך בין גליקליך געווען צו געפֿינען אַ שטעלע, וואָס איך וואָלט געקענט גאַנץ גוט אָננעהמען: אַ קרעמער אין גרענלאַנדסלערעט האָט געזוכט אויף אַ פּאָר שטונדען יעדען אָבענד אַ מאַן, וואָס זאָל איהם פֿיהרען די ביכער; געהאַלט וועט דערנאָך בעשטימט ווערן. כ'האָב זיך פֿערצייכענט דעם מאַן'ס אַדרעס און שטילערהייט געבעטען גאָט, ער זאָל מיר צושיקען דעם דאָזיגען פּלאַץ. כ'האָב געוואָלט פֿערלאַנגען ווייניגער פֿון יעדען אַנדערן פֿאַר דער אַרבייט, פֿופֿציג ערע איז גענוג, אָדער אפשר גאָר פֿערציג ערע, דאָס לאָז איך איבער אויף זיין יושר.

אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך אויף'ן טיש געפֿונען אַ צעטעל פֿון מיין בעל הבית'טע, וואו זי האָט מיך געבעטען, איך זאָל ענטוועדער צאָהלען דירה-געלד אין פֿאָראויס אָדער זיך אַרויסציהען אַזוי שנעל ווי מעגליך. כ'דאַרף אויף איהר קיין פֿאַראיבעל ניט האָבען, מחמת זי איז געצוואונגען עס צו פֿערלאַנגען. מיט פֿריינדשאַפֿטליכען גרוס, מאַדאַם גונדע־סען.

איך האָב אָנגעשריבען אַ בריעף, זיך אָנבאָטענדיג פֿאַר דער שטעלע, צו דעם קרעמער קריסטי, גרענלאַנדסלערעט נומער 31, איהם אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און אַרונטערגעטראָגען אין פּאָסט קעסטעל בייס קאָלין פֿון דער גאַס. דערנאָך בין איך ווידער אַרויף צו מיר אין צימער און האָב

זיך אריינגעזעצט אין דעם שאָקעל־שטוהל. ס׳איז געוואָרען אַלץ פינסטע־רער און פינסטערער. אַצונד איז שוין געווען שווער זיך צו האַלטען אויף די פיס.

אויף מאָרגען האָב איך זיך אויפגעכאַפּט גאַנץ פריה. ס׳איז נאָך געווען גאַנץ דונקעל, בשעת איך האָב די אויגען אויפגעמאַכט, און ערשט אין אַ היבשע ווײלע אַרום האָב איך געהערט ווי דער זייגער אין דער וואוינונג אונטער מיר האָט געשלאָגען פינף. כ׳האָב געוואָלט ווידער אײנ־שלאָפען, ס׳איז מיר אָבער ניט געגאַנגען; וואָס ווייטער בין איך אַלץ מונטערער געוואָרען און איך בין געלעגען און האָב געטראַכט פון טויזענד זאַכען.

פּלוצלונג פאַלען מיר איין אַ פּאָר גוטע זעצע, וואָס קענען צוניץ קומען פאַר אַ סקיצע אָדער אַ פעליטאָן, פיינע אָבגעטאָקטע שטיקלאַך, וואָס אַזוינס האָב איך נאָך קיינמאָל ניט ערפונדען. איך ליג מיר אַזוי און ווידערהאָל די ווערטער און געפין, אַז זיי זיינען אויסגעצייכענט. וואָס ווייטער קומען צו נאָך ווערטער און שליסען זיך אָן איינע אָן די אַנדערע. מיט אַמאָל בין איך גאַנץ מונטער און כ׳שטעה אויף און נעהם הינטער מיין בעט פּאַפּיר און בלײי־פעדער. מיר קומט פאָר, עפּעס אַזוי ווי אַן אָדער וואָלט אין מיר געפּלאַצט, איין וואָרט לויפט נאָך דאָס אַנדערע, שליסט זיך צונויף מיט די פריהערדיגע; איין סצענע קומט נאָך דער צווייטער, די האַנדלונג און די געשפרעכען קוועלען אַרויס פון מיין מוח, און אַ וואונדערבאַרער פער־גניגען נעהמט מיך אַרום. איך שרייב מיט אימפעט, אַזוי ווי אַ שד וואָלט געזעסען אין מיר און מיך געטריבען, און איך פיל אָן אָהן אַן אָברוה איין בויגען נאָך׳ן אַנדערן. די געדאַנקען קומען מיר אָן אַזוי פּלוצלונג און פלייצען אַרויס מיט אַזעלכע שטראָמען, אַז איך מוז אַרויסלאָזען אַ מאַסע פיינע נעבענ־זאַכען, אינטערעסאַנטע קליינינקייטען, וועלכע איך האָב איינפאַך קיין מעגליכקייט ניט אויפצושרייבען אַזוי שנעל ווי זיי קומען מיר אַרויף אויף׳ן זינען, כאָטש איך אַרבייט מיט אַלע כוחות. עס שפּאַרט און שפאַרט וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַרום פון מיר; איך בין פול מיט מיין שטאָף, און יעדעס וואָרט, וואָס איך שרייב, ווערט מיר איינפאַך אַריינגעלייגט אין מויל.

עס געדויערט, געדויערט אַ רעכטע ווײלע, איידער דיזער מערקווירדיגער אויגענבליק געהט פערביי. פופצעהן, צוואַנציג בעשריבענע זייטלאַך ליגען פאַר מיר אויף די קניע. ענדליך בין איך פאַרטיג און לייג אַוועק די בלײי־פעדער אָן אַ זייט. האָבען אַלזאָ אָט די פּאַפּירען ווירקליך אַ ווערטה, דאַן בין איך געראַטעוועט! איך שפּרינג אַרויס פון בעט און טהו זיך אָן. ס׳ווערט

אלץ ליכטיגער, איך קען שוין דערקענען דעם לייכט־טהורם־אינספעקטאָר'ס אנאָנסע דאָרט ביי דער טהיר, און ביים פענסטער איז שוין אַזוי ליכטיג, אַז איך קען על פי נויטה זעהן ווי צו שרייבען. איך נעהם זיך אַלזאָ גלייך איבערשרייבען מיינע פאַפירען אויף ריין.

אַ מאָדנער געדיכטער וואָלקען פון ליכט און פאַרבען געהט אויף פון אָט די פאַנטאַזיען; כ'פערגייג זיך פאַר איין איינפאַל נאָך'ן אַנדערן און טראַכט זיך, אַז דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז געלעזען. כ'ווער איינפאַך שכור פאַר נחת, די פרייד מונטערט מיך אויף, און עס פיהלט זיך מיר אַזוי יום טוב'דיג, אַזוי גרויסאַרטיג צו מוטה. איך וועג אָב מיין שריפט אין דער האַנד און בעשטים גלייך אויף'ן אָרט אַ פרייז: פינף קראָנען. ס'וועט דאָך קיין מענשען ניט איינפאַלען נאָך צו ווען ארויף־דינגען פון פינף קראָנען; אדרבה, צעהן קראָנען איז אויך אַ גאָרנישט, ווען מען זאָל נעהמען אין בעטראַכט וואָס פאַר אַן אינהאַלט דאָס איז. כ'האָב ניט בדעה אַזאַ מערקווירדיגע אַרבייט אַוועקצוגעבען בחינם; אַזוי ווייט ווי איך ווייס, וואַלגערן זיך אַזוינע ראָמאַנען ניט אַרום אין גאַס. און איך האָב אָבגעמאַכט מיט מיר אַליין אויף צעהן קראָנען.

אין צימער איז וואָס וויימער אַלץ ליכטיגער געוואָרען. איך האָב געוואָרפען אַ בליק אונטען ביי דער טהיר און האָב אָהן מיה געקענט איבערלייענען די דינע בוכשטאַבען וועגען יונגפרוי אַנדערסען'ס תכריכים רעכטס ביים אַריינגאַנג אין טויער. עס האָט שוין אָבער אויך מיט אַ היבשער ווייל צוריק געשלאָגען זיבען.

איך בין אויפגעשטאַנען און האָב זיך אַנידערגעשטעלט אין מיטען צימער. נאָך אַלעמען, האָב איך זיך געטראַכט, איז מאַדאַם גונדערסען'ס נאָטיס געקומען אין דער ריכטיגער צייט. דאָס איז אייגענטליך קיין צימער ניט פאַר מיר; זעהר פראָסטע גרינע פאָרהענגלאַך פאַר די פענסטער און צופיעל משוועקעס אויף די ווענד, די קליידער אויפצוהייגען, זיינען אויך ניטאָ. דער קלעגליכער שאָקעל־שטוהל דאָ הינטען אין ווינקעל איז דאָך אייגענטליך נור אַ וויץ פון אַ שאָקעל־שטוהל, איבער וועלכען מען קען זיך קאַטשען פאַר געלעכטער. ער איז צו נידעריג פאַר אַן ערוואַקסענעם מענשען; אחוץ דעם איז ער אַזוי ענג, אַז מען דאַרף אַזוי צו זאָגען האָבען אַ משרת, אום פון דאָרט ווי עס איז ווידער אַרויסצוקריכען. הקיצור, דאָס צימער איז ניט געווען איינגעריכטעט אַזוי, אַז מען זאָל זיך דערין קענען אָבגעבען מיט גייסטיגע זאַכען, און איך וואָלט עס סיי ווי סיי ניט געהאַלטען. פאַר קיין פאַל ניט! איך האָב שוין צו לאַנג געשוויגען און דערטראָגען און אויסגעהאַלטען אין דעם דאָזיגען שטאַל.

אָנגעפילט מיט האָפנונג און צופרידענהייט און נאָך אַלץ פערטהאָן מיט מיין סקיצע, וועלכע איך האָב אַלע ווילע אַרויסגענומען פון טאַש און איבערגעלייענט, האָב איך בעשלאָסען ניט צו מאַכען קיין שהיות און טאַקי שוין זיך נעהמען אַריבערציהען פון דאַנען. כ'האָב אַרויסגענומען מיין בינדעל, אַ רויטע פאַטשיילקע, וואו ס'זיינען געלעגען אַ פּאָר ריינע קעלנער און אַ שטיק צוקנייטשטע צייטונגס־פאַפיר, אין וועלכען איך האָב אַמאָל מיט־געבראַכט ברויט אַהיים, צונויפגעדרעהט מיין קאָלדרע און אַריינגעלייגט דעם רעשט ווייסע שרייב פאַפיר צו מיר אין קעשענע. דערנאָך האָב איך פון זיכערהייט וועגען אַ זוך געטהאָן אין אַלע ווינקעלאַך, כדי צו וויסען אויף געוויס, אַז איך האָב גאָרנישט פערגעסען, און אַז איך האָב מעהר גאָרנישט געפונען, בין איך צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָב אַרויסגע־קוקט אויף דרויסען. אַ טרויעריגער, פייכטער פריה־מאָרגען; ביי דער אָבגעברענטער שמידעריי איז קיין מענש ניט געווען, און דער גרעט־שטריק אין הויף, צוזאַמענגעפרעסט פון נאַסקייט, האָט זיך געצויגען פון איין וואַנד צו דער אַנדערער. דאָס אַלץ איז מיר שוין פון פריהער געווען בעקאַנט; דעריבער האָב איך גלייך אָבגעטראָטען פון פענסטער, גענומען מיין בינדעל אונטער'ן אָרים, זיך פערנייגט פאַר דעם לייכט־טהורם־אינספעקטאָר'ס אַנאָנסע און פאַר יונגפרוי אַנדערסען'ס תכריכים און געעפענט די טהיר.

פלוצלונג האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיין בעל הבית'טע; איך מוז איהר דאָך לאָזען וויסען, אַז איך ציה זיך אַרויס, כדי זי זאָל זעהן, אַז זי האָט צו טהאָן מיט אַן אָרענטליכען מענשען. כ'האָב איהר אויך געוואָלט דאַנקען פאַר די פּאָר טעג, וואָס איך האָב דאָס צימער בענוצט איבער דער צייט. די געוויסהייט, אַז איך בין שוין איצט ווידער געראַטעוועט פאַר אַ לענגערערע צייט, האָט מיך אַזוי שטאַרק בעהערשט, אַז איך האָב דער פרוי זאָגאַר פערשפּראָכען פינף קראָנען, ווען איך וועל אַמאָל פערבייגעהן אין דער גאַס; איך וועל איהר נאָך אַלעמען בעווייזען, וואָס פאַר אַן עהרליכען מענשען זי האָט עס געהאַט אונטער איהר דאַך.

דאָס צעטעל האָב איך איבערגעלאָזט אויף'ן טיש.

נאָך אַמאָל בין איך געבליבען שטעהן ביי דער טהיר און איך האָב זיך אומגעדרעהט. דער דאָזיגער פרעהליכער געדאַנק, אַז איך ווער פון דאָס ניי דערהויבען, האָט מיך ענטציקט און מיך דאַנקבאַר געמאַכט צו גאָט און צו דער גאַנצער וועלט, און איך בין געפאַלען אויף די קניע לעבען בעט און הויך אויף'ן קול האָב איך געדאַנקט גאָט פאַר זיין גרויסען חסר, וואָס ער האָט מיט מיר געטהאָן דעם דאָזיגען פריה־מאָרגען. כ'האָב געוואוסט, אָה, כ'האָב עס געוואוסט, אַז דער דאָזיגער שטראָם פון

אינספּיראַציאָן, וועלכען איך האָב נאָר וואָס דורכגעלעבט און אויפגעשריבען, איז געווען אַ נס מן השמים, אַ גאָט־זאַך, אַן ענטפער אויף מיין נויט־געשריי פון נעכטען. דאָס איז גאָט! דאָס איז גאָט! האָב איך צו מיר אַליין געזאָגט און געוויינט פאַר בעגייסטערונג איבער מיינע ווערטער. אַלע ווײלע האָב איך זיך געמוזט אָבשטעלען און זיך צוהערען, צי געהט ניט אימיצער אויף די טרעפ. ענדליך בין איך אויפגעשטאַנען און אַרוים־געגאַנגען; שטיל בין איך אַרונטער אַלע טרעפ און דערגרייכט אומגעזעהן די גאַס־טהיר.

די גאַסען האָבען געבלאַנקט פון'ם רעגען, וואָס איז גאַנץ פריה געגאַנגען, דער הימעל איז געהאנגען טרויעריג איבער דער שטאָדט, און אין ערגעץ האָט זיך ניט געוויזען קיין זונען־שטראַהל. ווי שפּעט קען עס זיין? ווי מיין שטייגער איז געווען בין איך ראשית כל אַוועק צום דאַטה־הויז און דאָרט האָב איך געזעהן, אַז עס איז האַלב ניין אַזייגער. ס'זיינען מיר נאָך אַלזאָ געבליבען אַ פּאָר שטונדען; ס'האָט דאָך קיין זינן ניט אַריינקומען אין דער רעדאַקציע פאַר צעהן און אפשר עלף אַזייגער. ביז דאַן מוז איך, הייסט עס, אַרומגעהן אין די גאַסען און דערווייל אַ טראַכט טהאָן, ווי מען דאַקאַזשעט עפּעס אַ קליינעם אָנבייסען. פאַר שפּעטער האָב איך ניט געזאָרגט; כ'האָב קיין מורא ניט געהאַט, אַז איך וועל זיך היינט מוזען לייגען שלאָפען אַ הונגעריגער: די צייטען זיינען גאָט צו דאַנקען פערביי! אַן איבערגעקומענער קריזיס, אַ פינסטערער ווילטער חלום; פון אַצונד אָן געהט עס ווידער ווי ס'דאַרף צו זיין!

דערווייל האָט מיר די גרינע קאָלדרע אָנגעהויבען פאַלען צו לאַסט; כ'קען זיך דאָך ניט אַרומטראָגען מיט איהר פאַר אַלע מענשען אין די אויגען. וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך ביי זיי האָבען? כ'האָב זיך אַלזאָ מישב געווען, וואו איך וואָלט זי אַם בעסטען געקענט אַוועקלייגען אויף עטליכע שטונדען. דאָ איז מיר איינגעפאַלען, איך זאָל אַריבערגעהן צו זעמב'ן אין געשעפט און זי לאָזען איינפּאַקען אין פּאַפּיר. דאָס וועט שוין בעסער אויסזעהן, און עס וועט אויך קיין שאַנדע ניט זיין, זי צו טראָגען. איך בין אַריין אין קלייט און האָב פאָרגעלייגט מיין פערלאַנג פאַר איינעם פון די קאָמיס.

ראשית האָט ער בעטראַכט די קאָלדרע, דערנאָך מיך; מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט אין זיך, אין זיין געדאַנק, אַביסעל געצויגען מיט די אַקסלען און געלאַכט, בשעת ער האָט ביי מיר צוגענומען דעם פּאַק. דאָס האָט מיך בעליידיגט.

„גאָט איז מיט אייך! גיט נאָר גוט אַכטונג!“ האָב איך אַ געשריי געטהאָן. „ס'ליגען דאָ צוויי גלעזערנע וואַזען; דאָס פּאַקעט געהט קיין סמירנאַ.“

דאָס האָט געהאָלפען, — דאָס האָט געהאָלפען גרויסאַרטיג. מיט יעדען קעהר, וואָס ער האָט זיך געטהאָן, מיט יעדער מיענע האָט דער מאַן מיך געבעטען, איך זאָל איהם ענטשולדיגען, פאַרוואָס ער האָט תיכף ניט בערעכענט, אַז דאָ מוזען זיין אַזעלכע וויכטיגע זאַכען אין דער קאָלדרע. אַז ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן פערפּאַקען, האָב איך איהם געדאַנקט פאַר דער הילף אַזוי ווי אַ מאַן וואָס האָט שוין עפּטער אַריבערגעשיקט טייערע זאַכען קיין סמירנאַ. ער האָט מיר געעפענט די טהיר און זיך צוויי מאָל פערנייגט, בשעת איך בין אַרויסגעגאַנגען.

איך האָב זיך אַרומגעדרעהט צווישען די לייט אויף דעם סטאַרטאָרוו און זיך דאָס רוב געהאַלטען לעבען די ווייבער, וואָס האָבען פערקויפט די בלומען־טעפּ. די שווערע רויטע רויזען, וואָס די בלעטער זייערע האָבען געגלאַנצט בלוטיג און רויט אין דעם פייכטען פריה־מאָרגען, האָבען אין מיר דערוועקט אַ חשק, מיך אָנגערעדט צו גנב'ענען איינע פון זיי, און איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף'ן פּרייז, נור כדי צו קענען שטעהן אַזוי נאָהענט ווי מעגליך לעבען די בלומען. אַז מיר וועט איבערבלייבען אַביסעל געלד, וועל איך זיי קויפען, מעג זיין וואָס עס וויל זיך; נישקשה, כ'קען דאָך דערנאָך עפּעס אָבשפּאָרען פון מיינע לעבענס־בעדירפניסע, כדי זיך אויסצוגלייכען.

ס'איז געוועזען צעהן אַזייגער, און איך בין אַרויף אין דער רעדאַקציע. דער מאַן מיט דער שער רויעט זיך אין אַ גאַנצען באַרג אַלטע ציימונגען; דער רעדאַקטאָר איז נאָך ניטאָ. אויף זיין אויפפאָדערונג דערלאַנג איך איהם מיין פּעקעל מאַנוסקריפּט, גיב דעם מאַן אָנצוהערן, אַז דאָס איז עפּעס מעהר ווי סתם אַ געוועהנליכע שרייבאַכץ און בעט איהם גאַנץ שטאַרק, ער זאָל עס איבערגעבען דעם רעדאַקטאָר אין דער האַנד אַריין, אַזוי גיך ווי ער וועט קומען. שפּעטער בייטאָג וועל איך אַליין אַריבערקומען נאָך אַ תשובה.

„גוט!“ האָט דער שערל־מאַן געזאָגט און זיך ווייטער גענומען צו זיינע ציימונגען. — מיר האָט זיך אפילו געדוכט, אַז ער נעהמט די זאַך צו גלייכגילטיג; אָבער כ'האָב גאָרנישט געזאָגט, נאָר אַ לייכטען שאָקעל געגעבען מיט'ן קאָפּ און איך בין מיר אַוועק מיין וועג.

אַצונד האָב איך ווידער צייט געהאַט. אַז עס וואָלט זיך נור אַביסעל אויסגעלייטערט! ס'איז געווען אַ קלעגליכעס וועטער, אָהן ווינד און אָהן

פרישקייט. פון זיכערהייט וועגען האָבען די דאַמען געעפענט זייערע דעגענשירמס, און די וואָלקענע היטעלאַך פון די מאַנסבילען האָבען אויס־געזעהן פלאַך און אומעטיג. כ'בין נאָך אַמאָל דורכגעגאַנגען דעם מאַרק און האָב בעטראַכט די גרינוואַרג און די רויזען. פלוצלונג דערפיהל איך אַ האַנד אויף מיין פלייצע און איך דרעה זיך אום. די „יונגפרוי" זאָגט מיר גוט מאָ־גען.

„גוט מאָ־גען," האָב איך געענטפערט מיט אַ שטיקעל פראַגע, כדי גלייך טאַקי געוואָהר צו ווערן וואָס ער וויל. די „יונגפרוי" איז מיר ניט זעהר שטאַרק געפעלען.

ער קוקט נייגיריג אויף דאָס גרויסע שפּאָגעל־נייע פּעקעל אונטער מיין אָרים און פרעגט:

„וואָס טראָגט איהר דאָ?"

„כ'בין געווען ביי זעמבּ'ן אין געשעפט און האָב זיך געקויפט שטאָף אויף אַן אַנצוג," האָב איך מיט אַן אויפגעבלאָזענעם טאָן געענטפערט. „איך וויל שוין מעהר ניט אַרומגעהן אַזוי אָבגעריסען; מען קען נאָך אויסזעהן צו קאַרג ביי לייטען אין די אויגען."

ער קוקט מיך אָן און שטוינט.

„איבעריגענס, ווי געהט עס אייך?" פרעגט ער לאַנגזאַם.

„אויסגעצייכענט גוט; בעסער ווי מען האָט גאָר געקענט ערוואַרטען."

„איהר האָט, הייסט עס, איצט אַ בעשעפטיגונג?"

„בעשעפטיגונג?" האָב איך געענטפערט שטאַרק פערוואונדערט, „איך בין דאָך בוכהאַלטער ביי דער גרויסהענדלער־פירמאַ קריסטי."

„אַך, אַזוי גאָר!" רופט ער זיך אָב און טרעט אָב אַביסעל צוריק, „גאָט, ווי איך פערגין דאָס אייך! אַז מען וואָלט נור יעצט ניט אויס־בעטלען ביי אייך דאָס געלד, וואָס איהר פערדיענט! אַ גוטען טאָג אייך!"

גלייך נאָכדעם קעהרט ער זיך אום און קומט צוריק; ער ווייזט אָן מיט'ן שטעקען אויף מיין פּעקעל און זאָגט:

„כ'קען אייך נאַראַיען מיין שניידער. איהר וועט קיין בעסערן שניידער ניט געפינען איידער איזאַקסען. זאָגט איהם נור, אַז איך האָב אייך געשיקט."

דאָס איז מיר שוין אַביסעל צופיעל. וואָס האָט ער אַריינצושטעקען זיין נאָז אין מיינע אַנגעלעגענהייטען? וואָס געהט עס איהם אָן וואָס פאַר אַ שניידער איך וועל נעהמען? איך בין געוואָרען מלא רציחה; דער אָנבליק פון דיזען פוסטען, אויסגעפוצטען מענשען האָט מיך דערצאָרענט,

און איך האָב איהם אויף אַ גאַנץ גראָבען אופן דערמאָנט אָן די צעהן קראָנען, וואָס ער האָט ביי מיר געבאָרגט. נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט צו ענטפערן, האָב איך חרטה געהאַט, וואָס איך האָב איהם געמאָנט; כ'בין צוטומעלט געוואָרען און האָב איהם ניט געקוקט אין די אייגען. אַזוי ווי אַ דאַמע איז גראָד אין דער רגע פאַרביי געגאַנגען, האָב איך גלייך אָבגעטראָטען אָן אַ זייט, כדי זי דורכצולאָזען און דערנאָך האָב איך זיך מיט דער געלעגענהייט בענוצט און זיך אַרויסגעמאַכט פון דער צרה.

וואוהין טהוט מען זיך אַלזאָ אַהין, אין דער צייט וואָס איך מוז וואַרטען? מיט אַ לייריגער קעשענע קען איך אין קאַפע ניט אַריינגעהן, און קיין בעקאַנטער איז אויך ניטאָ ביי דער האַנד, וואו צו פאַרברענגען די עטליכע שטונדען. אינסטינקטיוו האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער שטאָדט, פאַרבראַכט אַ היבשע צייט אויף'ן וועג פון מאַרק צו דער „גרענעץ", כ'האָב געלייענט די „אָבענד־פּאָסט", וועלכע איז אָקאָרשט אַרויסגעהאַנגען געוואָרען, בין אַראָב די קאַרל־יאָהאַן־גאַס, האָב זיך דערנאָך אומגעקעה־ט און זיך געלאָזט געהן צום ערלעזער־בית־עולם, וואו איך האָב געפונען אַ רוהיגען פלאַץ אויף אַ בערגעל לעבען דער קירכע.

דאָרט בין איך געזעסען שטיל און האָב גע'חלום'ט אין דער פייכטער לופט אַריין, געדרעמעלט און שיעור ניט איינגעפראָרען. און די צייט איז פאַרגאַנגען. איז עס דען אַזוי זיכער, אַז מיין פעליטאָן איז טאַקי אַ קליינעם מייסטערווערק, אַ קונסט־אַרבייט? גאָט ווייסט, צי ס'האָט זיך ניט פער'גנב'עט ערגעץ־וואו אַ פעהלער אָדער אפשר גאָר עטליכע פעהלערן! אויב אַזוי איז עס ענדליך גאָר ניט אָנגענומען געוואָרען, גאָר פשוט ניט אָנגענומען געוואָרען! ס'איז אפשר געווען מיטעלמעסיג אָדער גאָר שלעכט; ווער קען מיר גאַראַנטירען, צי עס ליגט שוין גאָר איצט ניט אין פּאַפּיר־קאָרב?... מיין האָפנונג, מיין בטחון איז צוטרייסעלט געוואָרען, כ'בין אויפגעשפרונגען און מיט אימפעט אַנטלאָפען פון בית עולם.

אונטען אין אַקערסגאַדען האָב איך אַריינגעקוקט דורך די פענסטער פון די קלייטען און געזעהן, אַז עס איז ערשט עפּעס נאָך צוועלף. דאָס האָט מיך נאָך פערצווייפעלטער געמאַכט, כ'בין געווען אַזוי זיכער, אַז עס איז שוין ווייט, ווייט נאָך מיטאָג, און פאַר פיער אַזייגער האָט עס דאָך קיין זינן ניט צו געהן צום רעדאַקטאָר. דאָס שיקזאַל פון מיין פעליטאָן האָט מיך אָנגעפילט מיט אומעטיגע געדאַנקען; וואָס מעהר איך האָב

געטראַכט דערפֿון, אַלץ אונגלויבליכער איז עס מיר פֿאָרגעקומען, אַז איך זאָל האָבען אָנגעשריבען אַ רעכטע זאַך אַזוי פּלוצלונג, פֿון דער העלער הויט, כמעט אין שלאָף, מיט אַ מוח פֿול מיט פֿיבער און חלומות. פֿער־שטעהט זיך, אַז איך האָב זיך גענאַרט און זיך דעם גאַנצען פֿריה־מאָרגען פֿאַר גאָרנישט און ווידער גאָרנישט געפֿרעהט! פֿערשטעהט זיך!... כ'בין אַרויף שנעל מיט אולעוואָלד־וועיען פֿערביי סאַנט האַנזהאַוגען, פֿון דאָרט אַרויס אויף אָפֿענע פֿעלדער, דערנאָך אין די ענגע גאַסען ביי די זעגע־מיהלען; אַזוי בין איך געגאַנגען איבער בוי־פּלעצער און פֿעראַקערטע פֿעלדער, ביז איך בין ענדליך אַרויס אויף אַ וועג, וועלכער האָט זיך געצויגען זעהר ווייט און איך האָב ניט געקענט זעהן, וואו ער ענדיגט זיך.

דאָ בין איך שטעהן געבליבען און האָב בעשלאָסען זיך אומצוקעהרען. איך בין געוועזען דערהיצט פֿון גאַנג און איך האָב זיך געלאָזט געהן לאַנגזאַם און זעהר דערשלאָגען צוריק. צוויי וועגען מיט היי זיינען מיר אַנטקעגען געקומען; די פֿיהרער זיינען געלעגען אויבען אויף די וועגען און האָבען געזונגען. ביידע זיינען געגאַנגען מיט הויל קעפּ, ביידע האָבען געהאַט קיילעכדיגע, זאָרגלאָזע געזיכטער. כ האָב זיך געקלעהרט, אַז זיי וועלען מיר אודאי עפּעס זאָגען, מיר צואוואַרפֿען עפּעס אַ בעמערקונג אָדער מאַכען מיט מיר אַ וויץ, און אַז איך בין געוועזען נאָהענט גענוג צו זיי, האָט מיך איינער פֿון זיי טאַקי אַ רוף געטהאָן און געפֿרעגט, וואָס איך טראָג אונטערן אָרים.

„אַ קאָלדרע,“ האָב איך געזאָגט.

„וויפֿיעל איז דער זייגער?“ האָט ער געפֿרעגט.

„כ'ווייס ניט אויף ריכטיג, אַרום דריי, מיין איך.“

דאָ האָבען זיי זיך ביידע צולאַכט און זיינען געפֿאָהרען ווייטער. אין דערזעלבער רגע האָב איך דערפֿיהלט אַ שניט איבער'ן אויער מיט אַ בייטש און דער הוט מיינער איז מיר אַרונטערגעריסען געוואָרען פֿון קאָפּ; די יונגע חברה־לייט האָבען מיך ניט געקענט דורכלאָזען אַזוי טרוקען און ניט אָבטהאָן מיר קיין שפּיצעל. צוטומעלט אַביסעל פֿון קלאַפּ, האָב איך זיך אַ כאַפּ געטהאָן פֿאַר'ן קאָפּ, דערנאָך האָב איך אויפֿגעזוכט מיין הוט און בין מיר אַוועק ווייטער מיין וועג. אונטען אין סאַנט האַנזהאַוגען האָב איך בעגעגענט אַ מאַן, פֿון וועמען איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז עס איז שוין נאָך פֿיער אַזייגער.

נאָך פֿיער! שוין נאָך פֿיער אַזייגער! כ'האָב גענומען שטעלען פֿיס, בין כמעט אַרונטערגעלאָפֿען אין שטאָדט, דערנאָך האָב איך זיך פֿערקירעוועט אין אַ זייטען־גאַס און געיאָגט זיך אין דער רעדאַקציע. ווער ווייסט, דער

רעדאקטאָר איז שוין אפשר לאַנג דאָרט געווען און איז שוין אַוועק? כ'בין געגאַנגען און געלאָפען; עטליכע מאָל האָב איך זיך אויסגעגליטשט, זיך אָנגעשלאָגען אָן וועגען, וואָס זיינען פאַרבייגעפאָהרען, אַריבערגעיאָגט אַלע שפּאַציר־געהער, זיך דורכגעשפּאַרט צווישען די פערד — הקיצור, כ'בין געלאָפען ווי אַ משוגע'נער, אַבי קומען צו דער רעכטער צייט. כ'האָב זיך אַריינגעשליידערט אין דער הויז־טהיר, מיט איספּעט די טרעפּ אַרויף; אין פיער שפּאַן בין איך אויבען און קלאַפּ אָן.

קיין ענטפער.

ער איז ניטאָ! ער איז שוין ניטאָ! טראַכט איך. כ'גיב אַ נעהם אָן די קליאַמקע. די טהיר איז אָפען; קלאַפּ איך אָן נאָך אַמאָל און בין אינעווייניג.

דער רעדאַקטאָר זיצט זיך ביי זיין טיש, מיט'ן פּנים צום פענסטער און די פעדער אין דער האַנד, גרייט צום שרייבען. דערהערענדיג מיין קייכענדיגען גוטען אָבענד, גיט ער זיך אַביסעל אַ דרעה אויס צו מיר, קוקט מיך אָן, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זאָגט:

„כ'האָב נאָך קיין צייט ניט געהאַט, איבערצולייענען אייער סקיצע."

כ'פרעה זיך אַזוי שטאַ־ק, וואָס ער האָט זי ווענינגסטענס ניט אַריינגעוואָרפען אין קאָרב, אַז איך זאָג:

„נו געוויס, מיין הערר, כ'קען מיר שוין פאָרשטעלען, אַז איהר האָט קיין צייט ניט געהאַט. ס'איז גאָרנישט אַזאַ יאָגעניש דערמיט. אין אַ פּאָר טעג פיליייכט, אָדער. . ."

„יאָ, כ'וועל זעהן. איבעריגענס, האָב איך דאָך אייער אַדרעס."

און איך האָב פערגעסען איהם אָנזאָגען די בשורה, אַז איך האָב שוין מעהר גאָר קיין אַדרעס ניט.

די אָדיענץ איז צו ענדע, כ'פערנייג זיך, שטעל אַ פּאָר טריט און לאָז זיך געהן. די האָפנונג פלאַקערט פון דאָס ניי אויף אין מיר; נישקשה, ס'איז נאָך גאָרנישט פערלאָרען. אדרבה, ס'איז נאָך אַלצדינג צו געווינען. און מיין מוח האָט גענומען פאַנטאַזירען פון אַ גרויסער אסיפה פון די פמליא של מעלה אויבען אויף'ן הימעל, וואו ס'איז געבליבען בהסכם כולם, אַז איך זאָל פערדיענען, צעהן קראָנען פערדיענען פאַר אַ פעליטאָן. . .

ווען איך וואָלט אַצונד בלויז געהאַט וואו זיך אַהינצוטהאָן פאַר דער איינער נאַכט! כ'בין זיך מישב, וואו איך וואָלט אָם בעסטען געקענט אַריינקריכען, און אָט די פראַגע פערנעהמט אַזוי שטאַרק מיין מוח, אַז איך בלייב שטעהן אין מיטען גאַס. כ'פערגעס וואו איך בין ערגעץ אין

דער וועלט און כ׳שטעה פונקט ווי אַן איינזאַם אינזעלע אין מיטען ים, אַרום וועלכען די כוואַליעס קאָכען און שפּרינגען אַרום מיט שטורם. א צייטונגס-אינגעל דערלאַנגט מיר דעם „וויקינג״. צו קאָמיש איז ער, צו קאָמיש — כ׳הויב אויף דעם קאָפּ, גיב אַ קוק און ווער אַ פערציטערטער — כ׳שטעה ווידער לעבען זעמבּ ס מאַגאַזין.

שנעל קעהר איך זיך אום צוריק, פערדעק דאָס פּעקעל אַזוי גוט ווי עס לאָזט זיך און לויף אַראָב מיט דער קירכען-גאַס, שטאַרק פער׳דאגה׳ט, טאָמער האָט מען מיך געזעהן דורך׳ן פענסטער פון קלייט. כ׳געה פערביי דעם טהעאַטער, פון דאָרט אַראָב צום ים. איך זעץ זיך ווידער אויס אַ באַנק און הויב פון דאָס ניי אָן צו גריבלען אין זיך.

וואו אין דער וועלט וואָלט איך פאָרט געקענט זיך אַהינטהאָן איבער נאַכט? שוין זשע איז אין ערגעץ ניטאָ אַ לאָך, וואו איך זאָל מיך פער׳גנב׳ענען און זיך בעהאַלטען ביז אין דער פריה? מיין שטאָלץ האָט מיר פערבאָטען צו געהן ווידער אין מיין אַלטער דירה; וואָס, מיין וואָרט וועל איך דאָך ניט ברעכען; מיט כעס האָב איך אָבגעשטויסען דעם געדאַנק פון מיר און געשמייכעלט אין זיך, זיך דערמאָנענדיג אָן דעם קליינעם רויטען שאָקעל-שטול. אויף די פליגלען פון מיין פאַנטאַזיע געטראָגען, האָב איך זיך פלוצלונג געפונען אין אַ צימער מיט צוויי פענסטער, וואו איך האָב אַמאָל געוואוינט אויף העדגעהאַוגען; אויף׳ן טיש האָב איך געזעהן אַ שיסעל פול מיט דיקע רייפּטלאַך ברויט מיט פּוטער, וועלכע האָבען מיט אַמאָל אָנגענומען גאָר אַן אַנדער פנים און זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין ביפסטייק, אין רייצענדען ביפסטייק, מיט אַ שנעעוויסע סערוויעטקע, מיט ברויט לרוב און זילבערנע גאָפּעל-מעסער. אין דער רגע האָט זיך געעפענט די טהיר. מיין בעל הבית׳טע איז אַריינגעקומען און האָט מיך געפרעגט, צי וויל איך נאָך טהעע...

פאַנטאַזיעס און נאַרישע חלומות! כ׳האָב זיך פּותר חלום געווען, אַז ווען איך זאָל עפּעס עסען, וואָלט זיך מיר דער קאָפּ פערדרעהט, דער מוח וואָלט זיך מיר אָנגעצונדען און עס וואָלט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ סדרה פון דיזעלביגע משוגע׳נע איינפעלע. איך פערטראָג ניט קיין עסען, און געגוג, דאָס איז שוין מיט מיר אַזוי, אַזאַ מאָדנע נאַטור האָב איך.

אפשר וועט זיך דאָך נאָך געפינען עפּעס אַן עצה מכח נאַכטלעגער, איידער ס׳ווערט פינסטער. ס׳ברענט דאָך גיט אַזוי; אויף׳ן ערגסטען פאַל קען איך זיך אויסזוכען אַן אָרט אין וואַלד, די גאַנצע געגענד אַרום דער שטאָדט איז דאָך פריי פאַר מיר, און קיין שטאַרקע קעלט האָבען מיר דאָך דערווייל אויך ניט.

דרויסען איז דער ים געלעגען רוהיג און שווער, שיפען און שיפלאך האבען זיך געריהרט און זיך געגראבען אין דעם בלייערנעם וואסער, ווערהרענד דער רויך האט ארויסגעשאסען אזוי ווי דיקע קישענס פון די קוימענס און די קלאפעריי פון די מאשינען האט דורכגענומען די פייכטע לופט. ניט קיין זונן און ניט קיין ווינד; די בוימער הינטער מיר זיינען געווען נאס, און די באנק, אויף וועלכער איך בין געזעסען, איז געווען קאלט און גליטשיג. די צייט איז זיך אזוי פערגאנגען, איך בין געזעסען פער׳חלומ׳ט, בין מיעד געוואָרען זיצענדיג און מיין רוקען איז געוואָרען קאלט. גלייך נאָכדעם האָב איך דערשפירט, אז די אויגען פאלען מיר צו. און איך האָב זיי געלאָזט פאלען...

אז איך האָב זיך אויפגעכאפט, איז געווען פינסטער ארום מיר. האלב צודולט און דערפראָרען האָב איך א נעהם געטהאָן מיין פעקעל און אָנגעהויבען לויפען. איך בין געגאנגען שנעלער און שנעלער, כדי זיך צו דערוואַרעמען, האָב זיך געקלאפט מיט די אָרעמס, געריבען די פיס, וועלכע זיינען מיר געווען כמעט אזוי ווי אָבגענומען, און אזוי בין איך א־ויף ביז דער פייער־וואך. ס׳איז געווען ניין אזייגער, כ׳בין געשלאָפען עטליכע שטונדען.

וואס הייבט מען אָן צו טהאָן? ערגעץ וואו מוז איך דאָך זיין. איך שטעה און קוק אויף דער פייער־וואך און גריבעל אין זיך, צי וואָלט מיר אקאָרשט ניט געלונגען, זיך אריינצוכאפען אין איינעם פון די קאָרידאָרען, אבטשאטעווען א רגע, ווען דער פאטרול קעהרט זיך אום מיט׳ן פנים אויף דער אנדער זייט. כ׳געה ארויף אויף די טרעפ און האָב ברעה, זיך אריינלאָזען אין א שמועס מיט׳ן בחור; ער גיט מיר גלייך אָב מיין כבוד, הייבט אויף זיין האק און ווארט אויף דעם, וואס איך האָב איהם צו זאָגען. די דאָזיגע אויפגעהויבענע האק, מיט דער שארפער זייט אנטקעגען מיר, נעהמט מיך דורך עפעס אזוי ווי א קאלטער שטראם דורך די נערוועז; פאר מורא ווער איך שטום און איך טרעט גלייך אָב צוריק. כ׳זאָג גאָר־נישט, נאָר איך לאָז מיך אלץ ווייטער אוועקגעהן פון איהם; כדי עס זאָל עפעס ניט קשה זיין, גיב איך מיר א מאך מיט דער האנד איבער׳ן שטערן, אקוראט ווי איך וואָלט וואס עס איז פערגעסען, און איך געה מיר מיין וועג. אז איך בין ווידער געווען אונטען אויף׳ן טראָטואר, איז מיר אזוי גרינג געוואָרען אויף׳ן הארצען, פונקט ווי איך וואָלט נאָר וואס ניצול געוואָרען פון א גרויסער סכנה. דערנאך האָב איך גענומען שפאנען מיט שנעלע טריט ווייטער.

אַ פֿראָסט האָט דורכגענומען אַלע מיינע גליעדער און מיר האָט אָנגעהייבען שטאַרק הונגערן; וואָס וויטער איז מיר אַלץ שפּל'ער געוואָרען אויף'ן האַרצען און אַזוי בין איך אַרויף די קאַרל יאָהאַן־גאַס! כ'האָב געשאָלטען גאַנץ הויך אויף'ן קול און ס'האָט מיך ווינציג וואָס געאַרט, וואָס אַלע מענשען הערען עס. אונטען ביי דער סטאָרטינגס־געביידע, גלייך לעבען ערשטען לייב, קומט מיר פּלוצלונג אַרויף אויף'ן זינען אַ מאַלער, וואָס איך האָב געקענט, אַ יונגער מענש, וועמען איך האָב אַמאָל אין טיוואָלי געראַטעוועט פֿון אַ פּאַטש און דערנאָך בין איך ביי איהם איינמאָל געווען אויף בעזוך. איך קנאַק צו מיט די פֿינגער און לאָז זיך אַרונטער צו דער טאָררענסקיאָלדסגאַרע, געפֿין אַ טהיר, וואו ס'שטעהט אויף אַ קאַרטעל דער נאָמען ס. זאַכאַריאַס באַרטעל, און איך קלאַפּ אָן.

ער איז אַליין אַרויסגעקומען; ס'האָט זיך פֿון איהם געהערט אַ ריח פֿון ביער און טאַבאַק, איינפֿאַך ניט צום אויסהאַלטען.

„גוטען אָבענד!" האָב איך געזאָגט.

„גוטען אָבענד! אַך, איהר זייט עס? אָבער צום טייפֿעל, פֿאַרוואָס קומט איהר אַזוי שפּעט? פֿאַר אַ ליכט געהט עס גאָרנישט. זינט דעמאָלט האָב איך נאָך אַ באַרג מיט היי צוגעמאָלט און אַ פּאָר ענדערונגען געמאַכט. איהר מוזט עס אָנקוקען בייטאָג, ס'האָט קיין זינן ניט עס איצט צו זעהן."

„ווייזט מיר עס דאָך," האָב איך זיך אָבגערופֿען; איבעריגענס, האָב איך גאָר ניט אָנגעהויבען וויסען, פֿון וואָס פֿאַר אַ בילד ער רעדט.

„גראָד אונמעגליך!" האָט ער געענטפֿערט. „ס'וועט אין גאַנצען געל ווערן! און אַחוץ דעם נאָך עפּעס." — דערביי איז ער צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו מיר און שושקענדיג געזאָגט: „כ'האָב היינט ביינאַכט אַ מיידעל ביי מיר, ס'לאָזט זיך אַלזאָ גאָרניט מאַכען."

„נו יאָ, אויב אַזוי, קען דאָך גאָר קיין רייד ניט זיין דערפֿון."

כ'האָב געזאָגט אַ גוטע נאַכט און בין מיר אַוועק.

ס'איז אַלזאָ קיין אַנדער אויסוועג ניט געבליבען נאָר זיך אויסזוכען עפּעס אַן אָרט אין וואַלד. אַז די ערד וואָלט נור ניט געווען אַזוי פֿייכט! כ'האָב אַ קלאַפּ געטהאָן אָן מיין קאָלדרע און זיך וואָס וויטער אַלץ מעהר צוגעוועהנט צום געדאַנק, אַז איך מוז נעכטיגען אויף דרויסען. כ'האָב זיך אַזוי לאַנג געפּלאַגט, זוכענדיג אַ לאָדזשי אין דער שטאָדט, אַז עס איז מיר אין גאַנצען שוין געווען איבער דער טבע. מיר האָט זיך געוואָלט אַ ווײַלע אָברוהען פֿון די זאָרגען און דורכמאַרשירען די גאַסען אָהן אַ שום מינדעסטען

געדאַנק אין קאָפּ, זאָל זיין וואָס עס וויל זיך. איך בין צוגעגאַנגען צו דעם אוניווערזיטעטס־זייגער, האָב געזעהן, אַז עס איז שוין נאָך צעהן, און פון דאָרט האָב איך זיך געלאָזט געהן אַרויף אין שטאָדט. ערגעץ־וואו אויף העגדעהאוגען בין איך געבליבען שטעהן לעבען אַ קלייט פון עסענוואַרג, וואו ס'זיינען געשטאַנען עטליכע מאכלים אין פענסטער. לעבען אַ קיילעכ־דיגען לעבעל ברויט איז אַ קאַץ געלעגען און געשלאָפען; געדיכט הינטער איהר איז געשטאַנען אַ טעפעל מיט שמאַלץ און עטליכע גלעזער מיט גרויפען. איך בין געשטאַנען אַ רגע און האָב זיך צוגעקוקט צו די דאָזיגע עסענוואַרג; אַזוי ווי איך האָב אָבער גאָרנישט געהאַט מיט וואָס צו קויפען, האָב איך זיך אויף גיך אָבגעקעהרט און בין מיר ווייטער אַוועק מיין וועג. כ'בין געגאַנגען לאַנגזאַם, אַלץ ווייטער און ווייטער, איין שטונדע נאָך דער אַנדערער, ביז וואַנען איך בין ענדליך אָנגעקומען אין שטאָדט־בוכענוואַלד.

דאָ האָב איך זיך אַנידערגעזעצט, זיך אויסרוהען. דערנאָך האָב איך גענומען זוכען אַ פּאַסענדען פּלאַץ, צונויפגעבראַכט אַביסעל גראָז און גרינע בלעטער און זיך אויסגעבעט אַ געלעגער אויף אַ שטיקעל ערד, וואו ס'איז ניט געווען שטאַרק פייכט; דאַן האָב איך געעפענט מיין פּעקעל און אַרויסגענומען די קאָלדרע. איך בין געווען גאַנץ מיעד און צו'הרג'עט פון'ם ווייטען וועג און איך האָב זיך גלייך געלעגט שלאָפען. אַ היבשע ווילע האָב איך זיך אַרומגעוואָרפען אַהין און אַהער, איידער איך האָב געפונען די ריכטיגע לאַגע; מיין אויער האָט מיר אַביסעל וועה געטהאָן, ער איז געווען אָנגעשוואָלען פון'ם קלאַפּ, וואָס איך האָב געקראָגען, און איך האָב אויף איהם ניט געקענט ליגען. די שיך מיינע האָב איך אויסגעטהאָן, זיי געלייגט ביי מיר צוקאָפּענס און אויבען דערויף דאָס פּאַפּיר פון זעמב'ס מאַגאַזין.

אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ גרויסאַרטיגע שטימונג אין דער פינסטער; אַלצדינג איז געווען שטיל, אַלצדינג. אָבער אויבען אין דער הויך האָט גערוישט דער אייביגער געזאַנג, דאָס וועהען פון ווינד, דער ווייטער גערויש, די שושקעריי, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אַנשווייגען. כ'האָב זיך אַזוי לאַנג צוגעהערט צו דעם דאָזיגען קראַנקען גערויש אָהן אַ סוף, אַז מיר האָט אָנגעהויבען דערפון שווינדלען אין קאָפּ. דאָס זיינען אודאי געווען די קאָנצערטען פון די וועלטען, וואָס דרעהען און קייקלען זיך איבער מיר, פון די שטערן, וועלכע שטודירען איין אינאיינעם אַ ניגון...

„צו'ן אַלדע שווארץ יאָהר!" האָב איך געזאָגט און זיך צולאַכט אויף'ן קול, כדי זיך צו מאַכען קוראַזש, „דאָס זיינען די פֿלעדער־מייז דאָרט אין לאַנד כנען!"

און איך בין אויפֿגעשטאַנען און האָב זיך ווידער געלייגט, זיך אָנ־געטהאָן די שטיוועל און אַרומגעגאַנגען אין דער פֿינסטער און זיך פֿון דאָס ניי געלייגט, געקעמפּפט און געליטען אין הוילע אַנגסטען און צאָרן ביז בעגינען צו טאָג. דאַן בין איך ענדליך אַנשלאָפֿען געוואָרען.

---

אַז איך האָב אויפֿגעמאַכט די אויגען, איז שוין געווען העלער טאָג, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז עס מוז שוין אודאי זיין מיטאָג־צייט. כ'האָב זיך אָנגעטהאָן די שטיוועל, איינגעפּאַקט מיין קאָלדרע און זיך אַוועקגעלאָזט צוריק אין שטאָדט אַריין. אויך היינט האָט מען קיין זונן ניט געקענט זעהן, און ס'האָט מיך געשווידערט פֿון קעלט אַזוי ווי אַ הונד; מיינע פֿיס זיינען געווען ווי אָבגעשטאָרבען, און די אויגען האָבען מיר געטומען טרעהרען, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען ניט געקענט פֿערטראָגען דעם שיין פֿון טאָג.

ס'איז געווען דריי אַזייגער. דער הונגער האָט זיך געלאָזט פֿיהלען, איך בין געוואָרען מיעד און ווען ניט ווען איז מיר געוואָרען איבעל אויף'ן האַרצען. כ'האָב זיך פֿערקירעוועט צו דער דאַמפּף־קיך, איבער־געלייענט דעם צעטעל פֿון געריכטען, וואָס איז געהאַנגען אויף דרויסען, און געצויגען מיט די אַקסלען, עפּעס אַזוי ווי געררויכערטע פֿלייש וואָלט פֿאַר מיר קיין מאכל ניט געווען; פֿון דאָרט בין איך אַראָב צו דעם אייזענ־באַהן־פּלאַץ.

מיט אמאָל האָט מיר מאָדנע אָנגעהויבען שווינדלען אין קאָפּ; כ'בין אַוועק ווייטער און האָב זיך געוואָלט מאכען כלא ידע, אָבער ס'איז אַלץ ערגער געוואָרען און ענדליך האָב איך זיך געמוזט אַנידערזעצען אויף אַ טרעפּ. אין מיין גאַנצען זינן איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאָלשטענדיגע ענדערונג, אַזוי ווי ביי מיר אינעווייניג וואָלט זיך עפּעס אָבגערוקט אָן אַ זייט, אָדער אַ פֿאָרהאַנג, אַ געוועבאַכץ וואָלט זיך אָבגעריסען ביי מיר אין מוח. אַ פּאָר מאָל האָב איך אויפֿגעאָטהעמט, אַריינגעשעפּט אין זיך לופֿט און געבליבען זיצען פֿעראוּנדערט. כ'בין ניט געווען בעוואוסטלאָז, מחמת איך האָב דייטליך געפֿיהלט דעם וויטאָג אין אויער, און אַז אַ בעקאַנטער איז פֿערבייגעגאַנגען, האָב איך איהם תיכף דערקענט, זיך אויפֿגעהויבען און איהם בעגריסט.

וואָס איז דאָס פאָרט פאַר א מין מוטשענדעס געפיהל, וואָס איז נאָך צוגעקומען אַזוי ווי אַ צוגאָב צו מיינע צרות? נעהמט זיך עס דערפון וואָס איך בין געשלאָפען אויף דער הוילער ערד? אָדער איז עס מחמת דעם וואָס איך האָב נאָך קיין אָנבייסען ניט געגעסען? בכלל גערעדט, האָט עס פשוט גאָר קיין זינן ניט אַזוי צו לעבען; ביי קריסטוס'עס הייליגע וואונדען! אסור צי איך פערשטעה, פאַרוואָס דער שיקזאַל רודף'ט מיך אַזוי! און פלוצלינג קומט מיר אַרויף א געדאַנק, אַז ס'וואָלט שוין בעסער געווען גלייך צו ווערען אַ שווינדלער און אַריבערגעהן מיט דער קאָלדרע צום „פעטער" אין קעלער. כ'וואָלט זי געקענט פערזעצען פאַר אַ קראָנע, קריגען דערפאַר אַ דריי היבשע מאָהלצייטען און זיך דורכמוטשען, ביז ס'וועט זיך מאַכען וואָס עס איז; פאַר האַנז פאַולי'ן וואָלט איך שוין יאַקאָש געפונען עפּעס אַ תירוץ. איך האָב זיך אַלזאָ געלאָזט געהן צום קעלער, כ'בין אָבער געבליבען שטעהן ביים אַריינגאַנג, האָב אומענטשלאָסען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זיך גלייך אומגעקעהרט צוריק.

וואָס ווייטער איך בין אַוועק, אַלץ פרעהליכער בין איך געוואָרען דעריבער וואָס איך בין אין דעם דאָזיגען שווערען נסיון געבליבען דער זיעגער. דער געדאַנק, אַז איך בין נאָך ריין און עהרליך, האָט זיך מיר אַריינגעשפּאַרט אין מוח, מיר געגלעט די נשמה; כ'בין געווען אַזוי צופרידען צו ווּסען ביי זיך, אַז איך בין אַ מענש מיט אַ כאַראַקטער, אַ ווייכער לייכט־טהורם אין מיטען פון אַ קאַלעמוטנעם מענשען־ים, אויף וועלכען עס שווימט קיין אַנדער זאַך ניט אַרום נור צובראָכענע שטיקער פון אַ צושלאָגענעם שיף. פערזעצען אַן אַנדערן'ס אייגענס פאַר אַ מאָהלצייט, זיך בראַנדמאַרקען די נשמה דורך דעם ערשטען קליינעם טריט, בעפלעקען די עהרע מיט דעם ערשטען שוואַרצען פלעק, זיך רופען גנב און זיך שעהמען צו קוקען זיך אַליין אין די אויגען — קיינמאָל ניט! קיינמאָל ניט! כ'האָב דאָך עס גאָרנישט געמיינט אין ערנסט, ס'איז מיר אפילו, ריכטיג געזאָגט, אויף'ן געדאַנק ניט געקומען; פאַר לויזע, יאָגענדע מחשבות איז מען דאָך ניט פעראַנטוואָרטליך, איבערהויפּט אַז מען האָט נאָך אַזאַ מורא'דיגען קאָפּ־וועטהאָג און אַז מען ווערט פערמאַטערט צום טויט, זיך אַרומטראָגענדיג מיט אַ קאָלדרע, וואָס געהערט צו אַן אַנדערן.

מיט דער צייט וועט זיך אודאי מאַכען עפּעס אַן אויסוועג! נאָך אַלעמען איז דאָך נאָך דאָ דער סוחר אויף גרענלאַנדסלערעט. וואָס זשע, כ'בין אפשר יעדע שעה פון טאָג פערבייגעלאָפען זיין קלייט, זינט איך האָב איהם מיין בריעף געשיקט? כ'האָב איהם פיליכט די טהיר אָבגעהאַקט, אין דער פריה און פאַרנאַכט איהם דעם קאָפּ געדרעהט, ער זאָל מיך ענדליך

דורכטרייבען? כ'בין דאָך אפילו קיין איין מאָל ביי איהם ניט געווען. ס'איז דאָך ניט געזאָגט, אַז עס מוז דוקא זיין אַן אומזיסטער גאַנג, אפשר וועט מיר דאָסמאָל גראָד אָבגליקען; דאָס גליק האָט דאָך אָפט אַזעלכע מאָדנע פּערקרימטע וועגען. איך בין אַלזאָ אַוועק נאָך גרענלאַנדסלערעט.

אָט דער לעצטער געדאַנק האָט מיך אַביסעל פּערמאַטערט; כ'בין געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם און האָב זיך מישב געווען, וואָס דעם קרעמער צו זאָגען. אפשר איז ער אַ גוטע נשמה: וועט ער זיין אויפּגעלייגט, וועט ער מיר גאָר געבען אַ קראָנע אַן אַדרויף אויף מיין אַרבייט, ניט וואַרטענדיג איך זאָל עס ביי איהם בעטען; אַזעלכע לייט האָבען אָפטמאָל אויסגעצייי־בענטע איינפּעלע.

כ'האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ טהויער און אָבגעשוואַרצט מיינע הויזען־קניע מיט אַביסעל שפייאַכץ, כדי אַביסעל בעסער אויסצוזעהן, דערנאָך האָב איך אַוועקגעלייגט מיין קאָלדרע אין אַ דונקלען ווינקעל הינטער אַ קאַסטען, בין אַריבער די גאַס און אַריין אין דער קליינער קלייט.

אַ מאַן איז אינעווייניג און מאַכט פּאַפּירענע זעקלאַך פון אַלטע צייי־טונגען.

„קען איך ריידען מיט הערר קריסטי'ן?" האָב איך געפּרעגט.

„דאָס בין איך אַליין," האָט דער מאַן געענטפּערט.

נו, מיין נאָמען איז דער און דער, כ'האָב זיך ערלויבט איהם אָנ־באָטען מיין אַרבייט; כ'ווייס אַלזאָ ניט, צי האָב איך אויף וואָס צו וואַרטען.

ער האָט אַ פּאָר מאָל ווידערהאָלט מיין נאָמען און אָנגעהויבען לאַכען.

„אַצונד זאָלט איהר אַקאָרשט עפּעס זעהן!" האָט ער זיך אָבגערופען און אַרויסגענומען מיין בריעף פון בוזים־קעשענע. „ווילט איהר אַזוי גוט זיין זעהן, ווי איהר בענעהט זיך מיט ציפּערן, מיין הערר? איהר האָט אויף אייער בריעף אָנגעשריבען דאָס יאָהר 1848." און דער מאַן האָט זיך צו־לאַכט אויף'ן קול.

דאָס איז יעדענפאַלס ניט גאַנץ ריכטיג, האָב איך געזאָגט צוטומעל־טערהייט, אַ פּערטראַכטקייט, אַ געדאַנקענלאָזיגקייט, — דאָס מוז איך צוגעבען.

„זעהט איהר, איך מוז האָבען אַ מענשען, וואָס זאָל קיין טעות ניט האָבען און ניט פּערבייטען קיין צאָהלען," האָט ער געזאָגט. „ס'טהוט מיר לייד. אייער האַנדשריפּט איז אַזוי דייטליך, אייער בריעף געפּעלט מיר אויך ניש'קשה'דיג..."

כ'האָב געוואַרט אַ רגע. דאָס האָט אויף קיין פאַל ניט געקענט זיין דאָס לעצטע וואָרט זיינס. דאַן האָט ער זיך ווידער גענומען צוגויפקלעפּען זיינע פּאַפּירענע זעקלאַך.

ס'טהוט מיר לייד, האָב איך זיך פערענטפערט, זעהר שטאַרק לייד טהוט עס מיר; אָבער דאָס וועט זיך דאָך ניט ווידערהאָלען, און דער דאָזיגער קליינער טעות קען דאָך מיך ניט מאַכען לחלוטין אונפעהיג פאַר דער בוכהאַלטעריי בכלל.

„חלילה, ווער זאָגט עס דען?" האָט ער געענטפערט; „ביי מיר אָבער האָט עס געוואויגען אַזוי פיעל, אַז ביי מיר איז תיכף געבליבען צוצונעהמען אַן אַנדער מענשען."

„די שטעלע איז אַלזאָ פערנומען?" האָב איך געפרעגט.

„יאָ."

„ליעבער גאָט, דאָס הייסט אַלזאָ, אַז מען קען שוין דערצו גאָרניט העלפען!"

„ניין, ס'טהוט מיר לייד, אָבער..."

„אַדיע!" האָב איך געזאָגט.

איצט האָט מיך אַ פּאַק געטהאָן אַ גליהענדער, ברוטאַלער צאָרן. כ'האָב אַרויסגענומען מיין פּעקעל פון טהויער, פערביסען די צייהן, זיך אָנגעשלאָגען אָן שטילע פריעדליכע לייט אויף'ן טראָטואַר און ביי קיינעם ניט געבעטען קיין ענטשולדיגונג. אַז איינער פון די פערבייגעהער איז שטעהן געבליבען און אויף מיר אַ בייזען קוק געגעבען פאַר מיין בענעהמען, האָב איך זיך אומגעדרעהט און איהם אַריינגעשריען אין אויער אַריין עפּעס אַ נאַרישען וואָרט אָהן אַ שום זינן, איהם געוויזען אַ פּאָר קולאַקעס און איך בין מיר גענאַנגען ווייטער; אַ בלינדער צאָרן, אַ מין משוגעת, וואָס איך האָב בשום אופן ניט געקענט איינהאַלטען, האָט מיך אַ פּאַק געטהאָן. ער האָט גערופען אַ פּאָליציסט, און איך האָב זיך גאָר קיין בעסערס ניט געוואונשען, נאָר אויף איין רגע כאָטש צו האָבען אַ פּאָליציימאַן צווישען די הענד. כ'בין מיט אַ כיוון גענאַנגען פּאַמעליך, כדי ער זאָל מיך קענען דעריאָגען; אָבער ער איז ניט געקומען. וואָס זשע, ליגט דען אין דער אמת'ן וואָס פאַר ס'איז שכל אין דעם וואָס די סאַמע ערנסטע אָנשטרייגונגען פון אַ מענשען פאַלען דורך? נאָך וואָס האָב איך אָנגעשריבען אויף'ן בריעף 1848? וואָס געהער זיך מיט מיר אָן דאָס דאָזיגע פערפלוכטע יאָהר? אָט מוז איך, הייסט עס, הונגערן אַזוי שטאַרק, אַז מיינע געדעריכ קריכען זיך אין מיר אַזוי ווי ווערים, און אין ערגעץ שטעהט ניט געשריבען, אַז איך וועל האָבען אפילו דאָס מינדעסטע צו עסען שפּעטער, אַז דער טאָג

אעם פערביינעהן. און וואָס שפּעטער ס'איז געוואָרען, אַלץ אויסגעהיילטער האָב איך זיך געפיהלט גייסטיג און קערפּערליך; יעדען טאָג האָב איך זיך אַלץ מעהר אַריינגעלאָזען אין אונעהרליכע האַנדלונגען. כ'האָב געזאָגט ליגען אויף וואָס די וועלט שטעהט, ניט ווערענדיג רויט דערביי, כ'האָב אַרויסגעשווינדעלט ביי אָרעמע לייט זייער דירה־געלד, כ'האָב זאָגאַר געקעמפּפט מיט די לומפּיגע תאוות, צו פערכאַפּען פרעמדע קאָלדרעס — אַלצדינג אָהן אַ שום חרטה, אָהן אַ בייזען געוויסען. ביי מיר אינעווייניג האָט עס אָנגעהויבען פוילען, שוואַרצע פּילצען, וועלכע האָבען זיך וואָס וויטער אַלץ מעהר אויסגעשפּרייט. און דאָרט אויבען זיצט גאָט און האַלט זיינע אויגען אָפען איבער מיר און גיט אַכטונג, אַז מיין אונטערגאַנג זאָל געשעהן נאָך אַלע רעגלען פון דער קונסט, גלייכמעסיג און פּאַמעליך, און זאָל חלילה ניט אַרויס פון טאַקט. און דאָרט אין אָבגרונד פון גיהנום לויפען אַרום די בייזע טייוואָלים און קאָכען זיך און ערגערן זיך, וואָס עס געדויערט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען איך וועל אַמאָל בעגעהן אַ גרויס פער־ברעכען, אַן אונפערצייהליכע זינד, פאַר וועלכע גאָט אין זיין גערעכטיגקייט זאָל מיך אַריינוואַרפען אין גיהנום...

כ'בין געגאַנגען שנעלער, אַלץ שנעלער, נאָר פלוצלונג האָב איך זיך אַ קעהר געטהאָן נאָך לינקס און בין אַריין אין אַ העל־בעלויכטענעם, שעהן פערפוצטען אַריינגאַנג. כ'בין ניט שטעהן געבליבען, אויף קיין רגע אפילו האָב איך זיך ניט אָבגעשטעלט, אין דער צייט וואָס די מאָדנע אויסשטאַ־טונג פון'ם אַריינגאַנג איז מיר גלייך אַריין אין קאָפּ. כ'האָב קיין זאַך ניט פערפעהלט צו זעהן, יעדע קלייניגקייט אויף די טהירען, די דעקאָראַציעס, די אויסגעפלאַסטערטע שטיינער, אַלצדינג איז געשטאַנען קלאָהר און דייטליך פאַר מיין אינערליכען בליק, בעת איך בין אַרויפגעלאָפען די טרעפּ. אויף'ן צווייטען שטאָק האָב איך אַ שטאַרקען ציה געטהאָן ביים גלעקעל. פאַרוואָס בין איך גראָד שטעהן געבליבען אויף'ן צווייטען שטאָק? און וואַרום גראָד אַ ציה טאָהן דאָס דאָזיגע גלעקעל, וואָס איז דאָך דאָס וויטסטע פון די טרעפּ?

אַ יונגע דאַמע אין אַ גראָה קלייד מיט שוואַרצע טאַשמעס האָט געעפענט די טהיר; אַ ווילע האָט זי מיך אָנגעקוקט ערשטוינט, דערנאָך האָט זי אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

„ניין, היינט האָבען מיר גאָרנישט.“ און דאָס זאָגענדיג האָט זי זיך אויסגעדרעהט און געוואָלט צומאַכען די טהיר.

נאָך וואָס האָב איך זיך פאָרט אַזוי ערנידעריגט פאַר אָט דער פּערזאָן? זי האַלט מיך גאָר פּשוט פאַר אַ בעטלער, און פלוצלונג בין איך געוואָרען

קאַלט און רוהיג. כ'האָב אַרונטערגענומען דעם הוט, זיך פֿערנייגט ווי ס'דאַרף צו זיין, און אַקוראַט ווי איך וואָלט גאָר איהרע ווערטער נים געהערט, האָב איך זעהר העפֿליך געזאָגט:

„פֿערצייהט מיר, פֿריילייז, וואָס איך האָב אַזוי שטאַרק געקלונגען; אָבער איך האָב ניט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ גלאָק דאָס איז. דאָ, דוכט זיך, וואוינט אַ קראַנקער הערר, וועלכער זוכט אַ מאַן, וואָס זאָל איהם אַרומ־פֿיהרען אויף זיין קראַנקען־שטוהל."

אַ רגע איז זי געבליבען שטעהן ביז די דאָזיגע ליגנערישע ערפֿינדונג איז איהר אַריין אין מוח; איהר מיינונג איבער מיין פערזאָן איז, ווייזט אויס, שטאַרק צוטרייסעלט געוואָרען.

„ניין," האָט זי זיך ענדליך אָבגערופֿען, „ניין, דאָ וואוינט ניט קיין קראַנקער הערר."

„ניט? אַ בעיאָהרענטער הערר? צוויי שטונדען אַ טאָג צו פֿאָהרען, 40 עהרע די שטונדע?"

„ניין."

„דאַן בעט איך נאָך אַמאָל אום ענטשולדיגונג," האָב איך געזאָגט, „ס'איז פֿיליכט אויף'ן ערשטען שטאָק. כ'האָב נור ביי געלעגענהייט געוואָלט רעקאָמאַנדירען אַ מאַן, וועמען איך קען און פֿאַר וועמען איך אינטערעסיר מיך. מיין נאָמען איז וועדעל־יאַרלסבערג." כ'האָב זיך נאָך אַמאָל פֿערנייגט און זיך געלאָזט געהן; די יונגע דאַמע איז געוואָרען רויט ווי פֿייער, אין איהר פֿערלעגענהייט האָט זי זיך ניט געקענט אַ ריהר טהאָן פֿון אָרט, זי איז געבליבען שטעהן און געקוקט אויף מיר, בשעת איך בין אַראָב פֿון די טרעפּ.

מיין רוה האָט זיך אומגעקעהרט, און אין קאָפּ איז מיר געוואָרען קלאָהר. דער דאַמע'ס ווערטער, אַז זי קען מיר היינט גאָרנישט געבען, האָבען אויף מיר געווירקט אַזוי ווי אַ שפריץ־באָד. אַזוי ווייט האַלט עס שוין אַלזאָ, אַז יעדער אַבי־ווער טייטעלט אין געדאַנקען אויף מיר מיט'ן פֿינגער און זאָגט: אָט געהט אַ בעטלער, איינער פֿון יענע, וועמען מען טראָגט אַרויס דאָס עסען דורך דער טהיר פֿון קאָרידאָר.

אין דער מעלערגאַדע בין איך געבליבען שטעהן לעבען אַ רעסטאָראַנט און אַריינגעזויגען אין זיך דעם פֿרישען ריח פֿון פֿלייש, וואָס מען האָט אינעווייניג געבראָטען; כ'האָב שוין געהאַלטען די האַנד אויף דער קליאַמקע און געוואָלט גאָר אָהן טענות אַריינגעהן, נאָר איך האָב זיך נאָך בעצייטענס בערעכענט און איך בין אַוועק ווייטער. אַז איך בין געקומען אויף'ן סטאָר־טאָרוו און געזוכט אַ פּלאַץ זיך אויסצורוהען, זיינען אַלע בייַנק געווען

פֿערנומען, און אומזיסט בין איך אַרומגעגאַנגען די גאַנצע קירכע אַרום און אַרום — ניט געווען קיין שטיקעל אָרט, וואו זיך אַנידערצוזעצען. נאַטירליך! האָב איך ביטער געזאָגט צו מיר אַליין, נאַטירליך! נאַטירליך! און איך בין אַוועק צוריק פֿון וואַנען איך בין געקומען. ביים עק פֿון באַזאַר האָב איך זיך פֿערקירעוועט צום שפּרינג־ברונען, גענומען אַ טרונק וואַסער און בין אַוועק ווייטער; כ'האָב געצויגען איין פֿוס הינטער'ן אַנדערן, זיך גענומען צייט ביי יעדען קלייט־פֿענסטער און זיך אָבגעשטעלט קוקען אויף יעדען וואָגען, וואָס איז דורכגעפֿאָהרען פֿערביי מיר. אין קאָפּ האָב איך דערשפּירט אַ גליהענדע היץ און אין די שלייפֿען האָט מיר אָנגעהויבען מורא'דיג קלאַפּען; דאָס וואַסער, וואָס איך האָב געטרונקען, איז מיר זעהר שלעכט בעקומען און מיר איז געוואָרען פּאַסקודנע אויף'ן האַרצען. אַזוי בין איך געקומען צום קריסטוס־בית־עולם. כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט, אַרויפֿגעלייגט די עלענבויגען אויף די קניע און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין די הענד; אין אָט דער צונויפֿגעקאָרטשעטער פּאָזיציע איז מיר געווען גוט, און איך האָב מעהר ניט געפֿיהלט דאָס נאָגען אין דער ברוסט.

אויף אַ גרויסען פֿלאַכען גראַניט־שטיין לעבען מיר איז געלעגען אַ שטיין־האַקער אויפֿ'ן בויך און האָט אויסגעקריצט אַ טעקסט פֿאַר אַ מצבה; ער האָט געטראָגען בלויע ברילען און האָט מיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן אַ בעקאַנטען, וועמען איך האָב שוין כמעט פֿערגעסען, אַ מענשען, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט אין אַ באַנק און וועמען איך האָב מיט אַ שטיקעל צייט צוריק געטראָפֿען אין קאַפֿע־הויז.

ווען איך וואָלט פֿאָרט געקענט זיך אויסרייסען די שעהמעדיגקייט פֿון האַרצען און זיך ווענדען צו איהם! אַרויסזאָגען איהם גאָר פּשוט דעם גאַנצען אמת, אַז עס געהט מיר איצט גאַנץ שלעכט און אַז ס'קומט מיר אָן זאָגאַר שווער, זיך ביים לעבען צו דערהאַלטען! כ'וואָלט איהם געקענט אַוועקגעבען מיין באַרביער־ביכעל... כאַפּט עס דער רוח, מיין באַרביער־ביכעל? קוויטלאַך פֿאַר אַן ערך אַ קראָנע! און נערוועז גיב איך זיך אַ נעהם צו דעם דאָזיגען אוצר. אַזוי ווי איך געפֿין עס ניט אַזוי גיך, גיב איך אַ שפּרונג; כ'ווער אָבגעבאָדען מיט שוויים זוכענדיג און געפֿין עס ענדליך סאַמע אונטען ביי מיר אין בוזים־קעשענע אינאיינעם מיט אַנדערע ריינע און בעשריבענע ווערטהלאָזע פּאַפּירען. כ'האָב איבערגעציהלט אַסך מאָל אָט די זעקס קוויטלאַך, הין און צוריק; כ'דאַרף זיי דאָך מעהר ניט; וואָלט עס דען ניט געווען אַ המצאה פֿון מיר, זיך מעהר ניט צו ראַזירען? אויף אַזאַ אופֿן וואָלט איך זיך געקענט זעהן מיט אַ האַלבע קראָנע, אַ ווייסע האַלבע קראָנע אין זילבער! די באַנק מאַכט זיך צו אַרום זעקס

אזייגער; צווישען זיבען און אַכט קען איך דעם בחור מיינעם אָבוואַרטען ביים קאַפֿע־הויז.

אַ היבשע ווײלע בין איך געזעסען און האָב זיך געפֿרעהט מיט דעם דאָזיגען געדאַנק. די צייט איז דערווייל פֿערגאַנגען. אויבען אין די קאַסטאַניען־בוימער האָט גערוישט דער ווינד, דער טאָג האָט געהאַלטען ביים פֿערשווינדען. אָבער צי איז עס ניט אַקאָרשט צו נאַריש צו קומען מיט זעקס באַרביער־קוויטלאַך צו אַ יונגען מאַן, וואָס איז אָנגעשטעלט אין אַ באַנק? ער האָט אפשר צוויי פֿולע באַרביער־ביכלאַך ביי זיך אין קעשענע אַסך ריינערע און פֿיינערע קוויטלאַך איידער מיינע. ווער קען דאָס וויסען! און איך האָב דורכגעטאַפּט אַלע מיינע קעשענעס, געזוכט עפּעס אַנדערע זאַכען, וואָס איך וואָלט געקענט צולייגען אַלס צוגאָב; אָבער כ׳האָב גאָר־נישט געפֿונען. ווען איך וואָלט איהם נור געקענט אָנבאָטען מיין האַלז־טוך! כ׳קען דאָך זיך בעגעהן אָן איהם, אַז איך קנעפּעל זיך צו פֿעסט דעם ראָק, און דאָס מוז איך דאָך סיי ווי סיי טהאָן, מחמת איך האָב קיין וועסט ניט אויף מיר. כ׳האָב אַלזאָ אויפֿגעבונדען דאָס קראַוואַטעל, אַ גרויסע שלייף, וואָס האָט מיר בעדעקט אַ האַלבע ברוסט, עס גוט אַרומ־געפּוצט און עס פֿערפּאַקט אינאיינעם מיט׳ן באַרביער־ביכעל אין אַ שטיק ווייס שרייב־פּאַפּיר. דערנאָך האָב איך פֿערלאָזען דעם בית עולם און בין אַראָב צום קאַפֿע־הויז.

ביים ראַטה־הויז איז שוין געווען זיבען אַזייגער. איך האָב זיך אַרומ־געדרעהט לעבען קאַפֿע־הויז, בין געגאַנגען אַרויף און אַראָב ביים אייזערנעם טויער און כ׳האָב געהאַלטען אַ שאַרפֿעס אויג איבער אַלע וואָס זיינען אַריין און אַרויס דורך דער טהיר. ענדליך אַרום אַכט אַזייגער האָב איך דערזעהן דעם יונגען מאַן פֿריש און עלעגאַנט, צוגעהענדיג גלייך צום קאַפֿע־הויז. דאָס האַרץ מיינס האָט געפֿלאַטערט ווי אַ קליין פֿויגעלע ביי מיר אין ברוסט, בשעת איך האָב איהם דערזעהן, און ניט בעגריסענדיג איהם אפילו, האָב איך זיך אַלאָז געטהאָן צו איהם.

„אַ האַלבע קראָנע, אַלטער פֿריינד!" האָב איך זיך מיט העזה אָנגערופֿען, „אָט—אָט האָט איהר סחורה," און בעת מעשה האָב איך איהם אַריינגערוקט דאָס קליינע פּעקעל אין דער האַנד.

„האָב איך ניט!" האָט ער געזאָגט, „בנאמנות, כ׳האָב ניט!" און בעת מעשה האָט ער אויסגעקעהרט דאָס ביימעלע זיינס פֿאַר מיינע אויגען. „נעכטען ביינאַכט האָב איך צוגעהוליעט און כ׳האָב זיך אויף אַזאַ אופֿן אויסגעבייטעלט; גלויבט מיר, כ׳האָב גאָרנישט."

„ניין, מיין פריינד, געוויס האָט איהר גאָרנישט!“ האָב איך געענטפערט און איהם געגלויבט אויף׳ן וואָרט; ער האָט דאָך קיין שום אורזאכע ניט געהאַט, צוליעב אַ קליינינקייט אַ ליגען צו זאָגען; ס׳האָט זיך מיר אויך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי די בלויע אויגען זיינע וואָלטען איהם פייכט געוואָרען, בשעת ער האָט דורכגענישטערט זיינע קעשענעס און גאָרנישט געפונען. כ׳האָב זיך געלאָזט אַוועקגעהן. „ענטשולדיגט,“ האָב איך געזאָגט, „כ׳בין נור אַצונד אין אַ קליינער פערלעגענהייט.“

כ׳בין שוין געווען אַ גאַנצע שטיק אַרונטער אין גאַס, מיט אַמאָל רופט ער מיך צוריק; דאָס פעקעל האָב איך פערגעסען אָבנעהמען ביי איהם.

„איהר קענט עס האַלטען! האַלט עס!“ האָב איך געענטפערט. „כ׳פערגין עס אייך מיט׳ן גאַנצען האַרצען! דאָס זיינען בלויז אַ פּאָר קליינינקייטען — אַ גאָרנישט — ס׳הייסט אַזוי, אַלצדינג וואָס איך פערמאָג אויף דער וועלט!“ און איך בין אַליין גערירהרט געוואָרען פון מיינע אייגענע ווערטער, זיי האָבען אַזוי אומעטיג, אַזוי טרייסטלאָז געקלונגען אין דעם דונקעלען אָווענד, אַז איך האָב אָנגעהויבען וויינען...

דער ווינד איז געוואָרען שטאַרקער, די וואָלקענס האָבען זיך ווילד געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע, און וואָס דונקעלער אַלץ קעלטער איז געוואָרען. די גאַנצע גאַס ביז אַראָב אונטען האָב איך געוויינט; כ׳האָב אַזוי שטאַרק רחמנות געהאַט אויף זיך אַליין און כ׳האָב כסדר ווידערהאָלט אַ פּאָר ווערטער, אַן אויסרוף, וועלכער האָט מיר פון דאָס ניי אַרויסגעפרעסט טרערען פון די אויגען, יעדעס מאָל וואָס זיי האָבען נאָר וואָס אויפגעהערט צו פליסען: אָה גאָט, ווי ס׳טוהט מיר וועה! אָה גאָט, מיר טהוט אַזוי וועה!

אַ שטונדע איז אַריבער, זי איז אַריבער אַזוי לאַנגזאַם און אומעטיג. כ׳האָב זיך אויפגעהאַלטען אַ שטיקעל צייט אין דער טאָרגאַדע, בין געזעסען אויף די הויז־טרעפּ, כ׳האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין די הויפען, אַז אימיצער איז פערבייגעגאַנגען און איך האָב ווי צוטומעלט געקוקט אין די ליכטיגע מאַגאַזינען, וואו די מענשען האָבען זיך אַרומגעיאָגט מיט געלד און מיט סחורה; ענדליך האָב איך געפונען אַ רוהיגען ווינקעל הינטער אַ הילצערן טרעפּעל צווישען דער קירכע און דעם באַזאַר.

ניין, היינט ביינאַכט קען איך מעהר ניט אַרויסגעהן אין וואַלד, מעג זיך זיין וואָס ס׳וויל זיך; כ׳האָב שוין מעהר קיין כח ניט דערצו, און דער וועג איז אַזוי מורא׳דיג לאַנג. כ׳וועל פערברייננגען די נאַכט אַזוי גוט ווי ס׳וועט זיך לאָזען און בלייבען וואו איך בין; אַז עס וועט ווערן צו קאַלט,

קען איך אַביסעל אַרומגעהן אַרום דער קירכע; גענוג שוין זיך ברעכען דעם קאָפּ און זוכען עצות וואו זיך אַהינצוטהאָן! און איך האָב זיך צוגע־שפּאַרט און גענומען איינדרעמלען.

דער ליאַרם אַרום און אַרום האָט זיך איינגעשטילט, די געשעפטען זיינען צוגעמאַכט געוואָרען; אַלץ זעלטענער האָבען זיך געלאָזט הערען די טריט פון פערבייגעהער און שפּעטער איז אויך פינסטער געוואָרען אין אַלע פענסטער. . .

כ'האָב אויפגעמאַכט די אויגען און דערזעהן אַ געשטאַלט פאַר מיר. די בלאַנקע קנעפּ, וואָס האָבען געבלישטשעט אַנטקעגען מיר, האָבען מיר אָנגעדייטעט, אַז דאָס איז אַ פּאָליציסט; דעם מאַן'ס געזיכט האָב איך ניט געקענט זעהן אין דער פינסטער.

„גוטען אָווענד!" האָט ער געזאָגט.

„גוטען אָווענד!" האָב איך געענטפערט און מורא געקראָגען. אין מיין פערלעגענהייט האָב איך זיך אויפגעהויבען. ער איז געשטאַנען אַנטקעגען מיר און האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

„וואו וואוינט איהר?" האָט ער געפרעגט.

אוים געוואוינהייט און אָהן אַסך איבערלייגעניש, האָב איך איהם געגעבען מיין אַלטען אַדרעס, דאָס קליינע דאַך-שטיבעל, וואָס איך האָב פערלאָזען.

ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַנטקעגען מיר.

„כ'האָב עפּעס אַן עולה געטהאָן?" האָב איך מיט מורא געפרעגט.

„ניין, חלילה!" האָט ער געענטפערט. „אָבער איהר וואָלט ליעבערשט געגאַנגען אַהיים, ס'איז צו קאַלט דאָ צו ליגען."

„יאָ, ס'איז אמת, איך פיהל, ס'ווערט קיהל."

און איך האָב געזאָגט אַ גוטע נאַכט און אינסטינקטיוו זיך געלאָזט געהן אויף'ן וועג צו דער אַלטער דירה. אַז איך זאָל גוט אַכטונג געבען, וואָלט איך אפשר געקענט אַרויפגעהן, קיינער זאָל מיך ניט הערען; בסך הכל זיינען דאָרט פאַרהאַן אַכט טרעפּען-לייטערס, און נור די טרעפּלאַך פון די צוויי אויבערשטע האָבען אַביסעל געסקריפּעט.

ביי דער טהיר האָב איך אויסגעטהאָן די שטיוועל און בין אַרויפגע־גאַנגען, איבעראַל איז שטיל; אויף'ן צווייטען עטאַזש האָב איך דערהערט דעם לאַנגזאַמען טיק-טאַק פון אַ זייגער און אַ קינד, וואָס האָט געוויינט גאַנץ שטיל; דאַן גאָרנישט מעהר. כ'האָב געפונען מיין טהיר, וועלכע איך האָב אונטערגעהויבען אַביסעל אין די זאַוועסעס, זי געעפענט, ווי מיין

שטייגער איז געווען, אָהן אַ שליסעל, און איך בין אַריין אין צימער און האָב שטילערהייט צוגעמאַכט די טהיר הינטער מיר.

אַלצדינג איז נאָך געווען אַזוי ווי איך האָב עס איבערגעלאָזט. די גאַרדינען פֿון'ם פֿענסטער זיינען געווען פֿערשאַרט אָן אַ זייט און דאָס בעט איז געשטאַנען ליידיג; אויף'ן טיש האָט געבלישטשעט עפּעס אַ ווייסע זאַך, וואַהרשיינליך מיין צעטעל צו דער בעל הבית'טע; אָט אפנים זי איז נאָך גיט אויבען געווען, זייט איך בין אַוועק. כ'האָב אַ פֿיהר געטהאָן די האַנד איבער'ן ווייסען פֿלעק און צו מיין פֿערוואונדערונג האָב איך דערפֿיהלט אַ בריעף. אַ בריעף? כ'נעהם איהם צום פֿענסטער, צוגלידער מיט גרויס מיה, אין דער פֿינסטער, די שלעכט געשריבענע בוכשטאַבען און איך דערקען ענדליך מיין אייגענעם נאָמען. אַהאַ! טראַכט איך זיך, אַן ענטפֿער פֿון דער בעל הבית'טע, אַן אָנזאָג ניט מעהר צו בלייבען אין צימער, ווען מיר זאָל אפשר זיך גלוסטען ווידער אַמאָל צו קומען!

און לאַנגזאַם, גאַנץ לאַנגזאַם געה איך ווידער אַרויס פֿון צימער; כ'טראָג די שטיוועל אין איין האַנד, דעם בריעף אין דער אַנדערער און די קאָלדרע אונטער'ן אָרים. איך מאַך זיך גאַנץ לייכט און פֿערבייס מיט די ציינער אויף די סקריפּענדיגע טרעפּלאַך; ענדליך קום איך בשלום אַראָב פֿון די פֿיעלע טרעפּ און שטעה ווידער אונטען ביי דער הויז-טהיר.

דערנאָך טהו איך זיך אָן די שיך, אייל זיך ניט, און פֿערבינד מיר לאַנגזאַם די רימענס, און אַז איך בין שוין פֿאַרטיג, בלייב איך נאָך זיצען אַ ווײַלע שטיל, קוק ווי אַ גולם אין דעם חשך אַריין און האַלט דעם בריעף אין דער האַנד.

ענדליך שטעה איך אויף און געה.

אויבען אין גאַס בלישטשעט דער געלער שיין פֿון אַ גאַז-לאַמטערנע, כ'געה אַרונטער אונטער'ן ליכט, שפּאַר אָן מיין פּעקעל אָן דעם שטאַנג פֿון דער לאַמטערנע און עפֿען אויף דעם בריעף, — אַלצדינג זעהר, זעהר לאַנגזאַם.

עפּעס אַזוי ווי אַ ליכט-שטראָם וואָלט מיר פּלוצלונג דורכגעלאָפֿען דורך דער ברוסט; — כ'הער ווי איך לאָז אַליין אַרויס אַ שטילען קלאַנג, אַ נאַרישען געשריי פֿון פֿרייד: דער בריעף איז געווען פֿון רעדאַקטאָר, מיין פֿעליטאָן איז אָנגענומען און שוין אויסגעזעצט געוואָרען. „אַ פּאָר קליינע ענדערונגען... אַ פּאָר שרייב-פֿעהלערן פֿערבעסערט... טאַלאַנטפֿאָל געמאַכט... ווערט מאָרגען געדרוקט... צעהן קראָנען."

כ'האָב געזונגען און געוויינט, אין גרויסע שפּרונגען בין איך אַרונ־טערגעלאָפֿען די גאַס, באַלד בין איך שטעהן געבליבען, געפֿאַלען אויף די

קניע און מיין האַרץ איז צוגאַנגען פֿון נחת. און די שטונדען זיינען אַריבער.

די גאַנצע נאַכט ביז א שטיק אויף'ן טאָג בין איך אַרומגעלאָפֿען אין די גאסען, און כמעט פֿערריקט פֿאַר פֿרייד, האָב איך כסדר ווידערהאָלט: טאַלאַנטפֿאָל געמאַכט, אַלזאָ אַ קליינעס מייסטער-ווערק, א געניאַלע שטיקעל אַרבייט. און צעהן קראָנען.

אַ פּאָר וואָכען שפּעטער בין איך איינמאָל אָווענד־צייט געווען אויף דרויסען.

איך בין ווידער געקומען אויף איינעם פון די בית עלמין'ס און האָב געשריבען אַן אַרטיקעל פאַר אַ צייטונג; בעת ווען איך בין דערמיט בעשעפטיגט געווען, איז געוואָרען צעהן אַזייגער, די נאַכט האָט זיך אַראָבגעלאָזט און ס'איז געקומען די צייט צו פערשליסען דעם טויער פון בית עולם. כ'בין געווען הונגעריג, זעהר הונגעריג; די צעהן קראָנען האָבען געסטייעט אויף אַ גאַנץ קורצע צייט; איצט האָב איך שוין זינט צוויי, דריי טעג גאָרנישט געהאַט געגעסען און איך האָב זיך געפיהלט שטאַרק פערמאַטערט, אָנגעגריפען פון'ם שרייבען מיט דער בליי־פעדער. אין קעשענע האָב איך געהאַט אַ העלפט פון אַ קליין מעסערל און אַ שליסעל־בונד, אָבער ניט קיין העלער.

אַז דער טויער פון בית עולם איז פערשלאָסען געוואָרען, האָב איך דאָך אין פלוג געדאַרפט געהן אַהיים, נאָר מחמת אינסטינקטיווער מורא פאַר מיין צימער, וואו ס'איז געווען פוסט און דונקעל, אַ פערלאָזענער ווארשטאַט פון אַ באָדנער, אין וועלכען איך האָב זיך געמוזט דערווייל אויפהאַלטען, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער; איך בין געגאַנגען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין פערביי דעם ראַטה־הויז, אַראָב צום ים, ביז צו אַ באַנק אויף דער אייזענבאַהן־בריק, וואו איך האָב זיך אַנידערגעזעצט.

אין דער רגע האָב איך קיין טרויעריגע מחשבה ניט געהאַט, כ'האָב זיך פערגעסען אָן מיין נויטה און זיך געפיהלט בערוהיגט, קוקענדיג אויף'ן ים, וועלכער איז זיך געלעגען פריעדליך און שעהן אין האַלב־דונקעל. פון אַלטער געוואוינהייט האָב איך זיך געוואָלט דערקוויקען די נשמה דורכלעזענדיג דעם אַרטיקעל, וואָס איך האָב נאָר וואָס אָנגעשריבען און וועלכער האָט מיר אין מיין ליידיגען מוח אויסגעוויזען צו זיין דאָס בעסטע, וואָס איך האָב ביז יעצט געשאַפען. כ'האָב אַרויסגענומען מיין מאַנוסקריפט פון קעשענע, עס געהאַלטען גאַנץ נאָהענט פאַר די אויגען, כדי צו קענען זעהן, און איך בין דורכגעפלויגען איין זייטעל נאָך'ן אַנדערן. ענדליך בין איך מיעד געוואָרען לייענענדיג און כ'האָב ווידער צונויפגעלייגט די פּאַפּירען. אַרום און אַרום איז רוהיג; דער ים ליגט אויסגעצויגען אַזוי ווי בלויער

פערלמוטער, און די קליינע פויגעלאַך פליהען דורך שטילערהייט פערביי מיר. אַביסעל ווייטער געהט אַרום אַ פּאָליציי־מאַן אויף דער וואַך, ווייטער זעהט מען קיין שום מענשען ניט, און דער גאַנצער האַפען ליגט איינגעהילט אין טיעפער שטילקייט.

איך צעהל נאָך אַמאָל איבער מיין געלד: אַ העלפט פון אַ קליין מעסערל, אַ שליסעל־בונד, אָבער ניט קיין העלער. פלוצלינג לייג איך פון דאָס ניי אַריין די האַנד אין קעשענע און שלעפ אַרויס די פּאַפּירען. דאָס איז געווען אַ מעכאַנישע האַנדלונג, אַן אונבעוואוסטער נערווען־ציטער. כ'זוך מיר אויס אַ ווייס, אונבעשריבען בלעטעל און — ווייס גאָט, פון וואַנען דער דאָזיגער געדאַנק האָט זיך צו מיר גענומען — קייקעל עס צונויף אַזוי ווי אַ רעהרעל, פערמאַך עס פאָרזיכטיג פוןביידע זייטען, אַזוי אַז עס זעהט אויס ווי אָנגעפּילט. דערנאָך דערלאַנג איך עס אַ וואָרף אויף דער ערד, דער ווינד האָט עס פערטראָגען נאָך ווייטער, ענדליך איז עס געבליבען ליגען.

איצט האָט דער הונגער מיך אָנגעהויבען צו מוטשען. כ'האָב געקוקט אויף דאָס ווייסע פּאַפּירענע זעקעלע, וואָס האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי אָנגעשטאָפּט מיט זילבער־געלד און האָט מיך אַליין אַזוי ווי איינגערעדט, אַז עס ענטהאַלט ווירקליך וואָס עס איז אין זיך. כ'האָב זיך אָנגעשטריינגט צו טרעפען די סומע, אַז איך וועל טרעפען ריכטיג, וועט זי געהערען צו מיר! און איך האָב זיך גענומען פאָרשטעלען ביי מיר אין מוח ווי די קליינע פיינינקע צעהן־עהרע־שטיקלאַך ליגען אונטען אויף'ן גרונד און די פעטע קראָנען־שטיקער פון אויבען — אַ גאַנץ זעקעל פול מיט געלד! מיט אויפ־געריסענע, זשאַדנע אויגען האָב איך געקוקט דערויף און זיך אַליין צוגערעדט צוצוגעהן אַהין און אַוועק'גנב'ענען דאָס פּאַפּיר־זעקעל.

מיט אַמאָל האָב איך דערהערט ווי דער פּאָליציי־מאַן הוסט — ווי האָט עס מיר פּאָרט געקענט איינפאַלען, איהם נאָכצוטהאָן? כ'הויב זיך אויף פון דער באַנק און הוסט, ווידערהאָל עס דריי מאָל, כדי ער זאָל עס דערהערן. ווי ער וועט זיך דאָס אַ וואָרף טהאָן אויף דאָס פּאַפּיר־ביימעלע, אַז ער וועט קומען דערצו! איך בין געווען מלא שמחה איבער דיזען וויץ, האָב זיך מיט פערגניגען געריבען די הענד און געפלוכט אויף וואָס די וועלט שטעהט. אז ער וועט זיך דאָס אַביסעל מוזען אָבטראָגען מיט אַ נאָז, דער הונד! אַ לעבעדיגער וועט ער זיך מוזען בעגראָבען פאַר חרפה איבער דער דאָזיגער איננעלשער שטוקע! כ'בין געווען שכור פון הונגער, ער האָט מיר דעם קאָפּ פערדרעהט.

אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז ער אָנגעקומען, דער פּאָליציסט; ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און געקלאַפּט מיט די אייזענבעשלאָגענע אָבזאַצען איבער'ן ברוק. ער איילט זיך ניט, ער האָט דאָך נאָך די גאַנצע נאַכט פאַר זיך; דאָס בייטעלע זעהט ער ניט, — ניט פריהער איידער ער קומט צו גאַנץ נאָהענט דערצו. דאַן שטעלט ער זיך אָב און בעטראַכט עס. ס'זעהט אויס אַזוי ווייס און ווערטפאָל, ווי עס ליגט זיך דאָ; פיללייכט אַ קליינע סומע דעריין, ווי? אַ קליינע סומע זילבער־געלד?... ער הויבט עס אויף. הם! לייכט, זעהר לייכט! אפשר איז דאָס אַ טהייערע פעדער פון אַ הוט... און ער עפענט עס פאָרזיכטיג מיט די גרויסע לאַפּעס זיינע און קוקט אַריין. כ'האָב געלאַכט, געלאַכט און זיך געקלאַפּט אויף די קניע, געלאַכט אַזוי ווי אַ פעררינקטער. קיין שום קלאַנג איז מיר ניט אַרויס פון האַלז; מיין געלעכטער איז געווען שטיל, אין זיך אַזוי ווי טרעהרען...

דאָ הערט זיך ווידער אַ קלאַפּעריי איבער'ן פלאַסטער, און דער פּאָליציי־מאַן געהט אַריבער די בריק. איך בין געזעסען דאָ מיט די טרעהרען אין די אויגען און אַריינגעצויגען אין זיך לופט, אויסער זיך פון לוסטיגקייט. כ'האָב אָנגעהויבען ריידען הויך, כ'האָב זיך אַליין דערצעהלט וואָס עס איז וועגען דעם פאַפּירענעם זעקעל, נאָכגעמאַכט די בעוועגונגען פון דעם אָרעמען פּאָליציסט, אַריינגעקוקט אין דער הויהלער האַנד און געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען: „ער האָט געהוסט, בשעת ער האָט עס אַוועקגעוואָרפען! ער האָט געהוסט, בשעת ער האָט עס אַוועקגעוואָרפען!" צו די דאָזיגע ווערטער האָב איך צוגעלייגט נייע, דעם גאַנצען זאַץ אומגעדרעהט און איהם ענדליך פערשניצט מיט אַזאַ מין שפּיץ: „ער האָט געהוסט איינמאָל — קהע — הע!"

איך בין פערמאַטערט געוואָרען פון די פערשיעדענע נוסחאות, מיט וועלכע איך האָב אָט די ווערטער אַרויסגערעדט, און ס'איז געוואָרען גאַנץ שפּעט, ביז מיין לוסטיגקייט האָט גענומען אַ סוף. דאַן איז אויף מיר אָנגעפאַלען אַ טרוימערישע רוהיגקייט, אַ בעקוועמע מאַטקייט, וועלכער איך האָב זיך גלייך אונטערוואָרפען. ס'איז געוואָרען פינסטערער, אַ לייכט ווינטעל האָט אַביסעל צושאָקעלט דעם פערלמוטער פון ים; די שיפען מיט די אויפגעהויבענע מאַסשטען האָבען מיר אויסגעוויזען אַזוי ווי שטילע שדים, וואָס שטעהען און וואַרטען אויף מיין נשמה. כ'האָב ניט געפיהלט קיין שום שמערץ, דער הונגער האָט איהם אַזוי ווי אָבגעטויט; אָנשטאָט דעם האָב איך זיך געפיהלט אַזוי אָנגענעהם פוסט, אונבעריהרט פון אַלצדינג

אַרום מיר, און צופריעדען, וואָס קיינער זעהט מיך ניט. כ'האָב אַנידער־געלייגט די פים אויף דער באַנק און זיך צוגעשפאַרט אַ ווײלע; אויף אַזאַ'ן אופן האָב איך געהאַט גרויס הנאה דערפון וואָס איך בין אָבגעזונדערט פון אַלעמען. קיין וואָלקען ביי מיר אין דער זעעלע, קיין געפיהל פון אונצו־פרידענהייט, אַזוי ווייט ווי איך האָב געקענט דענקען, קיין לוסט, קיין שום פע־לאַנג, וואָס איז געבליבען אוגערפילט. איך בין געבליבען מיט אָפענע אויגען אין אַ צושטאַנד פון פערגעסענהייט, אויסגעטהאָן פון אַלצדינג.

נאָך אַלץ קיין שום קלאַנג ניט, וואָס זאָל מיר שטערן מיין רוה, די מילדע דונקעלהייט האָט פון מיר פערבאָרגען דאָס גאַנצע וועלטאַל און האָט מיך אַזוי ווי בעגראָבען דאָ אין רוה — נור דער פוסטער גערויש פון דער שטילקייט קלינגט מיר מאָנאָטאָן אין די אויערן. און די פינסטערע טייוואָלים דאָ אויף דרויסען וועלען מיך צוציהען צו זיך, ווען די נאַכט וועט אָנקומען, און זיי וועלען מיך פערטראָגען ווייט אין פרעמדע לענדער, וואו קיין מענשען וואוינען ניט. און זיי וועלען מיך צו פרינצעסין אילאַיאַלי אין פאַלאַץ פערטראָגען, דאָרט וואו מען וועט מיך בעגעגענען מיט אַזעלכע הערליכקייטען, גרעסער ווי יעטוועדע הערליכקייט פון די מענשען. און זי אַליין וועט זיצען אין אַ פראַכטפאָלען, שטראַהלענדען זאַאַל, אויף אַ טראָהן פון געלע רויזען, און זי וועט מיר די האַנד אויסשטרעקען, בשעת איך וועל אַריינקומען, און מיך בעגריסען, אַז איך וועל צוגעהן נעהנטער און אַנידער־פאַלען אויף די קניע לעבען איהר: „זיי מיר אין מיין לאַנד ווילקאָמען, ריטער! שוין צוואַנציג זומערן אַז איך האַר אויף דיר און רוף דיך אין אַלע שטערן־העלע נעכט, און אַז דו האָסט געטרויערט, האָב איך דאָ דרינען געוויינט, און בעת דו ביסט געשלאָפען, האָב איך דיר די הערליכסטע חלומות צוגעשיקט!...״ און די שעהנע נעהמט מיך אָן פאַר דער האַנד און געהט מיט מיר, און פיהרט מיך דורך לאַנגע קאָרידאָרען, וואו גרויסע מחנות מענשען שרייען הורראַה, דורך ליכטיגע גערטנער, וואו דריי הונדערט יונגע מיידלאַך שפיעלען און לאַכען, אין אַ צווייטען זאַאַל אַריין, וואו אַלצדינג איז לויטער שטראַהלענדער שמאַראַגד. דאָ אינעווייניג שיינט די זונן, דורך גאַלעריען און קאָרידאָרען ציהען זיך ליעבליכע געזאַנגס־כאָרען, אַ בערויי־שענדער ריח שלאָגט מיר אין פנים אַריין. איך האַלט איהר האַנד אין מיינער און פיהל, ווי אַ פער'כשוף'טע ווילדע פרייד נעהמט דורך אַלע מיינע גליעדער; כ'נעהם אַרום מיט מיין אָרים איהר טאַליע, און זי שעפטשעט: ניט דאָ, קום מיט מיר נאָך ווייטער! און מיר געהען אַריין אין רויטען זאַאַל, וואו אַלצדינג איז לויטער רובין, אַ שוימענדע פראַכט, וואו איך לאָז זיך אַראָב אויף דער ערד. דאָ דערפיהל איך. ווי זי נעהמט מיך אַרום מיט

איהרע אָרעמס, דער הויך פֿון איהר אָטהעם געהט מיר אַריבער איבער'ן געזיכט, און זי שעפּטשעט: ווילקאָמען, געליעבטער! קוש מיך!.. קוש מיך! נאָך... נאָך...

כ'זעה שטערן פֿאַר מיינע אויגען, אַזוי ווי איך ליג דאָ אויף דער באַנק, און מיינע געדאַנקען טונקען זיך אונטער אין אַן אָרקאַן פֿון ליכט...

דערנאָך בין איך אַריינגעפֿאַלען אין שלאָף, דער פּאָליציסט האָט מיך אויפֿגעוועקט. כ'האָב זיך אויפֿגעזעצט, אומ'ברחמנות'דיג צוריקגערופֿען אין לעבען און אין עלענד. מיין ערשטעס געפֿיהל איז געווען אַ נאַרישע פֿער־וואונדערונג, פֿאַר וואָס איך געפֿין זיך דאָ אונטער'ן פֿרייען הימעל; אָבער באַלד נאָכדעם איז מיר שטאַרק ביטער געוואָרען אויף'ן האַרצען; כ'האָב שיעור ניט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין, פֿאַר ווייטאָג וואָס איך לעב נאָך אויף דער וועלט! בשעת איך בין געשלאָפֿען האָט געדעגענט; די קליידער מיינע זיינען געווען אין גאַנצען דורכגענעצט, און איך האָב געשפּירט אַ ביטערע קעלט אין אַלע מיינע גליעדער. פֿאַר דער צייט איז נאָך פֿינסטערער געוואָרען און קוים מיט צרות האָב איך געקענט דערקענען דעם פּאָליציי־מאַן, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגען מיר.

„אַזוי — וי," האָט ער געזאָגט, „אַצונד שטעהט אויף!"

כ'האָב זיך גלייך אויפֿגעהויבען; אַז ער וואָלט מיר געהייסען, זיך גלייך אַנידערלייגען, וואָלט איך איהם אויך געפֿאָלגט. איך בין געווען זעהר נידערגעשלאָגען און אָהן כוחות; און צו אַלע צרות האָט זיך נאָך דער הונגער גראָד אין דער רגע אָבגערופֿען.

„וואַרט אַקאָרשט!" האָט מיר דער פּאָליציסט נאָכגעשריען, „דער זועל־קאָפּ פֿערגעסט זיין הוט! אָט אַזוי — נאַ, איצט געהט!"

„מיר האָט זיך אויך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי — אַזוי ווי איך וואָלט וואָס פֿערגעסען," האָב איך צוטומעלטערהייט געשטאַמעלט. „אַ דאַנק. גוטע נאַכט!"

און שוואַנקענדיג בין איך אַוועק ווייטער.

אַז איך וואָלט געהאַט כאָטש איין קליין שטיקעלע ברויט! אַזוי אַ פֿיין קליין קאָרן־ברויטעל, פֿון וועלכען מען זאָל בשעת'ן געהן קענען אָבבייסען! איך האָב זיך גענוי פֿאָרגעשטעלט דעם בעשטימטען סאָרט קאָרן־ברויט, וואָס איך וואָלט מיט אַזאַ אונבעשרייבליכען אַפּעטיט צוגעביסען. ס'האָט מיך מורא'דיג געהונגערט, כ'האָב זיך געוואונשען דעם טויט, כ'בין גע־וואָרען סענטימענטאַל און איך האָב זיך צואוויינט. ניטאָ קיין סוף צו מיין עלענד! מיט אַמאָל בין איך געבליבען שטעהן אין מיטען גאַס, אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פֿוס אָן דר'ערד און זיך צושאָלטען אויף'ן קול. ווי

אַזוי האָט מיך דער פּאָליציסט אָנגערופֿען? עזעל־קאָפּ. כ׳וועל איהם ווייזען, וואָס עס הייסט אַזוינס, מיך רופֿען עזעל־קאָפּ! דערביי האָב איך זיך אומגעדרעהט און גענומען לויפֿען צוריק. כ׳האָב געקאָכט פֿאַר כעס. אונטען אין גאַס האָב איך זיך אויסגעגליטשט און בין געפֿאַלען; אָבער דאָס האָט מיך גאָרנישט געאַרט, כ׳האָב אַ שפּרונג געטהאָן און גענומען לויפֿען ווייטער. אונטען ביים אייזענבאַהן־פּלאַץ בין איך אָבער געוואָרען אַזוי מיעד, אַז איך האָב שוין מעהר קיין כוח ניט געהאַט, אַרונטערלויפֿען ביז צו דער בריק; דערצו האָט זיך מיין כעס בשעת׳ן לויפֿען אָבגעקיהלט. ענדליך בין איך שטעהן געבליבען און האָב אָבגעצויגען דעם אָטהעם. צי איז דען נאָך אַלעמען ניט אַלץ איינס, וואָס אַזאַ פּאָליציסט האָט גע־זאָגט? — יאָ, אָבער איך וועל זיך דאָך ניט לאָזען שפּייען אין דער קאַשע פֿון יעדען גאָרנישט! — מילא — האָב איך זיך אַליין איבערגעשלאָגען די רייד — מען האָט איהם בעסער ניט געלערנט! און די דאָזיגע ענטשולדיגונג איז מיר גענוג געווען; צוויי מאָל האָב איך נאָך ווידער־האָלט: מען האָט איהם בעסער ניט געלערנט! און דערנאָך האָב איך זיך געלאָזט געהן צוריק.

גאָט, וואָס דיר קען אַלץ איינפֿאַלען! האָב איך זיך געטראַכט מיט פֿערדרוס; אין מיטען דערינען אין אַ שטאָק־פֿינסטערער נאַכט אַרומלויפֿען ווי אַ פֿערריקטער ביז׳ן די קניע אין בלאָטע; דער הונגער האָט מיר גענאָגט און געטאָטשעט און מיך ניט צורוה געלאָזט. אַלע ווײלע האָב איך אַ שלונג געטהאָן אַביסעל שפּייאַכץ, אום זיך אויף אַזאַ׳ן אופֿן צו זעטיגען, און מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי דאָס וואָלט געהאָלפֿען. פֿיעלע וואָכען נאָכאַנאַנד האָב איך זעהר וועניג געהאַט צו עסען, ביז וואַנען עס איז געקומען אַזוי ווייט, און אין דער לעצטער צייט האָבען זיך מיינע כוחות איינפֿאַך אויסגעלאָזט. אַז איך בין שוין אפילו יאָ אַמאָל געווען גליקליך גענוג, אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופֿן צוזאַמענצומאַכען אַ פֿינף קראָנען, האָט דאָס דאָזיגע געלד קיינמאָל ניט געהאַלטען אַזוי לאַנג, איך זאָל זיך קענען ערהוילען, איידער אַ נייע הונגער־צייט איז אָנגעקומען. ערגער פֿון אַלצדינג איז געווען מיט מיין רוקען און מיט מיינע אַקסלען; דאָס ביסעלע טאָטשען אין דער ברוסט האָב איך אויף אַ ווײלע געקענט איינהאַלטען, ווען איך האָב אַ שטאַרקען הוסט געטהאָן, אָדער ווען איך האָב זיך היבשלאַך איינגעבויגען ביים געהן; אָבער פֿאַר׳ן רוקען און אַקסלען האָב איך קיין שום עצה ניט געהאַט. וואָס איז דער שכל דערפֿון, וואָס עס וויל גאָר פֿאַר מיר בשום אופֿן ניט אָנהויבען טאָגען? בין איך אפשר ניט אַזוי בערעכטיגט צו לעבען ווי יעדער אַנדערער,

ווי דער סוחר פון אַלטע ביכער פּאַשאַ, למשל, אָדער דער שיף־עקספּע־דיטאָר הענעכען? צי האָב איך דען ניט קיין שולטערן ווי אַ ריעז און צוויי שטאַרקע אָרעמס צום אַרבייטען? האָב איך דען ניט געזוכט אין דער מעלערגאַדע אַ פּלאַץ, וואו מען האַקט האָלץ, כדי דאָרט וועניגסטענס צו פערדיענען דאָס טעגליכע שטיקעל ברויט? צי בין איך דען פויל? האָב איך דען ניט קיין שטעלעס געזוכט און פּאָרלעזונגען געהערט און צייטונגס־אַרטיקלען געשריבען און טאָג און נאַכט געאַרבייט און געלייענט ווי אַ וואַהנזיניגער? און צי האָב איך דען ניט די גאַנצע צייט געלעבט ווי אַ קאַרגון, געגעסען ברויט מיט מילך, ווען איך האָב געהאַט פיעל; ברויט, ווען איך האָב געהאַט ווייניג, און געהונגערט, ווען איך האָב גאָר־נישט געהאַט? וואָס זשע, כ'האָב אפשר געוואוינט אין האָטעל אָדער געהאַט אַ גאַנצען אַפּאַרטאַמענט מיט צימערן אויף'ן ערשטען שטאָק? אויף אַ בוידים האָב איך געוואוינט, אין אַ באָדנעריי, פון וואַנען גאָט און די וועלט זיינען פאָריגען ווינטער אַנטלאָפען, מחמת עס האָט דאָרט אַריינ־געשנייט. כ'היב ווירקליך ניט אָן פערשטעהן וואָס דאָ טהוט זיך!

דאָס אַלצדינג האָב איך געטראַכט, געהענדיג אַזוי איבער'ן גאַס, אָבער דערביי איז ניט געווען קיין פונק פון בייזקייט אָדער ביטערקייט ביי מיר אין געדאַנק.

לעבען אַ פאַרבען־האַנדלונג בין איך געבליבען שטעהן און כ'האָב אַריינגעקוקט אין פענסטער; כ'האָב פרובירט איבערלייענען די עטיקעטען אויף אַ פּאָר שאַכטלאַך, אָבער ס'איז געווען צו דונקעל. פון פערדרום אויף מיר אַליין פאַר דעם דאָזיגען נייעם איינפאַל, און ברוגז, כמעט צאָרנדיג דערפאַר וואָס איך קען ניט אויסגעפינען וואָס עס ליגט אין אָט די שאַכטלאַך, האָב איך אַ קלאַפּ געטהאָן אָן פענסטער און בין מיר אַוועק ווייטער. אויבען אין גאַס האָב איך בעמערקט אַ פּאָליציי־מאַן, כ'האָב זיך צוגעאיילט איהם אָנצויאָגען, און צוגעהענדיג גאַנץ נאָהענט צו איהם, האָב איך מיר גיט דיר ניט אַ זאָג געטהאָן:

„ס'איז צעהן אַזייגער."

„ניין, צוויי," האָט ער געענטפערט פערוואונדערט.

„ניין, צעהן," האָב איך געזאָגט. „ס'איז צעהן דער זייגער." און אויסער זיך פאַר כעס בין איך אַוועק אַ פּאָר טריט ווייטער, צונויפגע־דריקט די פויסט און געזאָגט: „הערט אַקאָרשט, ווייסט איהר, ס'איז צעהן אַזייגער!"

ער האָט זיך אַ ווילע מישב געווען, בעטראַכט מיין פערזאָן, מיך אָנגעקוקט ווי אַ צומומעלטער און ענדליך גאַנץ רוהיג געזאָגט:

„יעדענפאַלס איז עס צייט, איהר זאָלט געהן אַהיים. זאָל איך מיטגעהן?"

אָט די פריינדליכקייט האָט מיך ענטוואָפענט; כ'האָב געפיהלט, ווי די טרעהרען קומען מיר אין די אויגען, און איך האָב אויף גיך געענטפערט:

„ניין, אַ דאַנק! — איך האָב נור אַביסעל צולאַנג געבומעלט... אין אַ קאָפע... אַ שעהנעם דאַנק אייך."

ער האָט צוגעלייגט די האַנד צום הוט, בשעת איך בין אַוועקגעגאַנגען. זיין פריינדליכקייט האָט מיך איבערוועלטיגט, אַזוי ווי געפאַנגען גענומען, און איך האָב געוויינט, ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין פינף קראָנען איהם צו געבען. איך בין געבליבען שטעהן און האָב איהם נאָכגעקוקט, ווי ער איז זיך געגאַנגען לאַנגזאַם זיין וועג, דערנאָך האָב איך זיך אַ קלאַפ געטהאָן אָן שטערן און נאָך שטאַרקער געוויינט, וואָס מעהר ער האָט זיך פון מיר דערווייטערט. איך האָב זיך אַליין פערשאָלטען פאַר מיין אָרימקייט, זיך אויסגערופען וואָס אין דער קאָרט שטעהט און זיך בעשאָטען מיט קללות פון קאָפ ביז די פיס. דאָס איז זיך אַזוי געגאַנגען ביז וואַנען איך בין שוין כמעט געווען אין דערהיים. אַז איך בין צוגעקומען צו דער טהיר, ערשט איך כאַפ זיך, אַז איך האָב פערלאָרען מיינע שליסלען.

יאָ, פערשטעהט זיך! האָב איך מיט ביטערקייט געזאָגט, פאַרוואָס האָב איך טאַקי ניט געדאַרפט פערלירען די שליסלען? אָט וואוין איך דאָ אין אַ הויף, וואו אונטען איז אַ שטאַל און אויבען אַ באָדנעריי; דעם טויער שליסט מען צו ביינאַכט, און קיינער, קיינער קען איהם ניט אויפשליסען — טאָ פאַרוואָס האָב איך טאַקי ניט געמעגט פערלירען מיינע שליסלען? איך בין דורכנעצט ווי אַ הונד, אַביסעלע הונגעריג, אַ גאַנץ קליין ביסעלע הונגעריג, און עפּעס אַזוי מיעדלאַך אין די קניע — פאַרוואָס זשע טאַקי ניט פערלירען? פאַרוואָס רוקט זיך אייגענטליך דאָס הויז אין גאַנצען ניט אַרוים העט ווייט הינטער דער שטאָדט, בשעת איך קום און וויל אַריינגעהן?... און, פערהאַרטעוועט פון הונגער און נויטה, האָב איך געלאַכט פון זיך אַליין.

כ'האָב געהערט ווי די פערד אין שטאַל קלאַפען מיט די פיס און איך האָב געקענט זעהן מיין פענסטער פון דרויסען; אָבער דעם טויער האָב איך ניט געקענט עפענען, און אַריינגעהן האָב איך אויך ניט געקענט מיער און פערביטערט האָב איך אַלזאָ בעשלאָסען, צוריקצוגעהן צו דער בריק און אויפזוכען מיינע שליסלען

ס'האָט ווידער אָנגעהויבען רעגענען, און איך האָב שוין געשפירט, ווי דאָס וואַסער איז מיר דורך אויף די שולטערן ביז אויף'ן לייב. ביים ראַטהויז איז מיר פּלוצלונג אויפגעקומען אַ גליקליכער געדאַנק: כ'האָב געוואָלט בעטען די פּאָליציי, זי זאָל מיר עפענען דעם טויער. אַלזאָ ניט געטראַכט, כ'האָב זיך גלייך געווענדט צו אַ פּאָליציסט און איהם געבעטען, ער זאָל אַזוי גוט זיין מיטקומען מיט מיר און מיך אַריינלאָזען, אויב ער קען.

יאָ, אויב ער קען, יאָ! אָבער ער האָט ניט געקענט; ער האָט קיין שליסלען ניט. די פּאָליציי-שליסלען זיינען ניט דאָ, זיי געפינען זיך אין דער דעטעקטיוו-אָבטהיילונג.

וואָס זשע טהוט מען פאָרט?

נו יאָ, מען געהט אַוועק אין אַ האָטעל און מען לייגט זיך שלאָפען.

אין האָטעל אַריין קען איך ניט געהן; כ'האָב קיין געלד ניט. כ'האָב לאַנג געבומעלט... אין אַ קאַפע-הויז... איהר פערשטעהט דאָך אַוודאי!...

אַ ווײַלע זיינען מיר אַזוי געשטאַנען אויף די טרעפ פון ראַטהויז. ער האָט זיך מישב געווען, זיך בעטראַכט און מיך אָנגעקוקט פון אויבען ביז אַראָב. דער רעגען האָט שטאַרק געגאָסען.

„געהט אַריין צום אויפזעהער און מעלדעט זיך, אַז איהר זייט היימלאָז," האָט ער זיך אָבגערופען.

היימלאָז? דאָס איז מיר נאָך ניט איינגעפאַלען. יאָ, צום טייפעל, דאָס איז אַ גוטע אידעע! און איך האָב דעם פּאָליציסט גלייך בעדאַנקט פאַר דעם דאָזיגען אויסגעצייכענטען איינפאַל. צי דאַרף איך נור גאַנץ איינפאַך אַריינגעהן און זאָגען, אַז איך בין היימלאָז?

גאַנץ איינפאַך!...

„אייער נאָמען?" האָט דער אויפזעהער געפרעגט.

„טאַנגען — אַנדרעאַס טאַנגען."

כ'ווייס ניט, פאַרוואָס איך האָב אַ ליגען געזאָגט. מיינע געדאַנקען האָבען אַרומגעפלאַטערט און האָבען מיר געבראַכט מעהר איינפעלע וויפיעל איך האָב געדאַרפט! אָט דער מאָדנער נאָמען איז מיר איינגעפאַלען גלאַט אַזוי, און איך האָב איהם אַ שליידער געטהאָן אָהן אַ שום אויסרעכנונג. כ'האָב געלייגט אָהן אַ פאַרוואָס.

„בעשעפטיגונג?"

דאָס הייסט מיר אונטערגעשטעלט אַ ביינקעלע. הם! בעשעפטיגונג! וואָס איז פאָרט מיין בעשעפטיגונג? תחילת האָב איך זיך געוואָלט

מאַכען פֿאַר אַ באָרדנער, אָבער איך האָב עס ניט געסמייעט צו טהאָן; כ'האָב זיך גענומען אַ נאָמען, וואָס ניט יעדער באָרדנער האָט; אַחוץ דעם בין איך געגאַנגען אין ברילען. דאָ פֿאַלט מיר איין, צו זיין פֿרעך; כ'גיב אַ טראָט פֿאָרוועררטס און זאָג פֿעסט און ערנסט:

„זשורנאַליסט."

דער אויפֿזעהער איז פֿערציטערט געוואָרען, איידער ער האָט אויפֿ־געשריבען דאָס וואָס איך האָב געזאָגט, און גרויס ווי אַ היימלאָזער שטאַאטס-ראַטה בין איך געשטאַנען פֿאַר איהם. דאָס וואָס איך האָב אַזוי גיך ניט געענטפֿערט, האָט ניט דערוועקט קיין שום חשד. ווי זעהט עס פֿאָהרט אויס—אַ זשורנאַליסט אין ראַטהויז, אָן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ!

„אין וואָס פֿאַר אַ ציימונג — הערר טאַגגען?"

„אין מאָרגענבלאַט," האָב איך געענטפֿערט. „ליידער האָב איך היינט ביינאַכט אַביסעל צו לאַנג געבומעלט..."

„אַך, דערפֿון איז דאָך גאָר קיין רייד ניט!" האָט ער מיר איבער־געשלאָגען די רייד, און דערנאָך האָט ער מיט אַ שמייכעל צוגעלייגט: „אַז די יוגענד הוליעט אַמאָל צו... גאַנץ בעגרייפֿליך..." זיך ווענדענדיג צו אַ פּאָליציסט, האָט ער דערנאָך געזאָגט, אויפֿשטעהענדיג און זיך העפֿליך פֿערבויגענדיג פֿאַר מיר: „פֿיהרט אַרויף דעם הערר אין דער רעזערווירטער אָבטהיילונג. גוטע נאַכט!"

ס'איז מיר אַריבער אַ שוידער איבערן לייב פֿון מיין אייגענער פֿרעכהייט, און איך האָב צונויפֿגעדריקט די פֿויסטען, אום זיך צו שטייפֿען, ווען איך וואָלט כאָטש דאָס „מאָרגענבלאַט" ניט אַריינגעמישט אין דער קאַשע! כ'האָב געוואוסט, אַז רעדאַקטאָר פֿריעלע וועט קריצען מיט די צייהן, אַז ער וועט זיך דערוויסען דערפֿון, און אַז דער שליסעל האָט געסקריפּעט אין שלאָס, האָט מיך דער דאָזיגער קלאַנג דערמאָנט אָן דעם.

„דאָס גאַז ברענט צעהן מינוט," האָט דער פּאָליציי־מאַן געזאָגט נאָך ביי דער טהיר שטעהענדיג.

„און דאַן ווערט עס אויסגעלאָשען?"

„דאַן ווערט עס אויסגעלאָשען."

כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף'ן בעט און געהערט, ווי דער שליסעל האָט זיך אומגעדרעהט. דאָס ליכטיגע קעמערל האָט אויסגעזעהן אַזוי פֿריינדליך; כ'האָב זיך געפֿיהלט אַזוי היימיש און זיך צוגעהערט מיט פֿערגניגען צום רעגען, וואָס איז געגאַנגען אויף דרויסען. כ'האָב זיך גאָר קיין בעסערס ניט געוואונשען, ווי אַזאַ קליין בעקוועם קעמערל! מיין

צופֿרידענהייט איז געשטיגען; מיט'ן הוט אין דער האַנד און דעם בליק געווענדט אויף'ן גאַז־פֿלאַם, זיץ איך מיר אויף'ן ברעג בעט. כ'האָב גע־מוזט דענקען וועגען די פֿערשידענע מאָמענטען פֿון דעם דאָזיגען בעגעגעניש מיינעם מיט דער פּאָליציי. דאָס ערשטע! און ווי האָב איך עס אָנגעפֿיהרט! זשורנאַליסט טאַנגען, האַ? און דאַן דאָס „מאָרגענבלאַט"! ווי האָב איך דעם מאַן געטראָפֿען פּונקט אין האַרצען אַריין מיט'ן „מאָרגענבלאַט"! דערפֿון איז גאָר קיין רייד ניט, ווי? ביז צוויי אַזייגער צוגעהוליעט אין „שטיפֿגאַרדען", דעם שליסעל פֿון הויז און דעם טייסטער מיט עטליכע טויזענד קראָנען פֿערגעסען אין דערהיים! פֿיהרט דעם הערר אַרויף אין דער רעזערווירטער אָבטהיילונג...

פלוצלונג פֿערלעשט זיך דאָס גאַז, עפּעס אַזוי פלוצלונג, טאַקי מיט'ן אויג ניט צו כאַפּען; כ'זיץ אין טיעפֿען הושך, כ'קען ניט זעהן, ניט מיינע הענד, ניט די ווייסע ווענד אַרום מיר, גאָרנישט! ס'בלייבט אַלזאָ קיין אַנדער זאַך ניט צו טהאָן, נור שלאָפֿען געהן. און איך האָב זיך אויסגעטהאָן.

אָבער איך בין ניט געוועזן שלעפֿעריג און האָב ניט געקענט שלאָפֿען. אַ צייט לאַנג בין איך געלעגען און האָב געקוקט אין די פֿינסטערניש, אין די דאָזיגע געדיכטע חשכות, וואָס האָט קיין סוף און קיין עק ניט, און וואָס איך הויב ניט אָן בעגרייפֿען. מיין געדאַנק האָט עס בשום אופן ניט געקענט משיג זיין. די פֿינסטערקייט האָט גאָר קיין שיעור און קיין ערך ניט געהאַט און זי האָט מיר געדריקט אויף'ן האַרצען. כ'האָב צוגעמאַכט די אויגען, אָנגעהויבען שטיל צו זינגען, זיך ארומגעוואָרפֿען אויף'ן געלעגער אַהין און אַהער, כדי זיך צוצושטרייען; אָבער אומזיסט. דער חשך האָט גענומען מיינע געדאַנקען אין פלען און האָט מיך ניט צורוה געלאָזט אויף אַ רגע אפילו. ווי וואָלט אַשטייגער געווען, ווען איך זאָל זיך אַליין אויפֿלייזען אין דער פֿינסטערניש, ווערן א י י נ ס דער־מיט? כ'זעץ זיך אויף אויף'ן בעט און גיב אַ מאַך מיט די אָרעמס אין דער לופֿטען.

מיין נערוועזער צושטאַנד האָט גענומען די אויבער־האַנד, און וואָס איך האָב ניט צוטהאָן דאַגעגען — ס'האָט גאָרנישט געהאָלפֿען. כ'בין געוועזן אַזוי ווי אַ שפּיעלבעל ביי די מערקווירדיגסטע פֿאַנטאַזיען אין די הענד; וואָס זיי האָבען געוואָלט, האָבען זיי פֿון מיר געמאַכט. כ'האָב זיך אַליין געוואָלט בערוהיגען, כ'האָב שטילערהייט זיך צוגעזונגען אַלערליי וויעג־ליעדער און געשוויצט פֿאַר אָנשטריינגונג, זיך צו רוה צו ברייגען. כ'האָב געקוקט אין חשך אַריין, און ווירקליך, אין מיין לעבען האָב איך אַזאַ מי

פינסטערניש ניט געזעהן. ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז איך געפין זיך דאָ אין א בעזונדער סאָרט פינסטערקייט, אַ פערצווייפעלטען עלעמענט, פון וועלכען קיינער האָט ביז אַהער ניט געוואוסט. די לעבערליכסטע געדאַנקען האָבען מיך בעשעפטיגט, און אַלצדינג האָט אויף מיר אָנגעוואָרפען אַ מורא. דאָס קליינע לעבעל אין וואַנד האָט מיר געגעבען צו דיינקען, אַ לעבעל פון אַ טשוואָק, וואָס איך האָב געפונען, אַ צייכען אויף דער וואַנד. כ'טאַפּ עס אָן, טהו אַ בלאָז אינעווייניג און וויל טרעפען, ווי טיעף עס איז. דאָס איז זיכער ניט אַבי אַזוי אַ לעבעל, בשום אופן ניט; דאָס איז אַ געהיימניספאָלער לאָך, פאַר וועלכען איך מוז זיך גוט היטען. און פול מיט דעם געדאַנק וועגען דאָס דאָזיגע לעבעל, אויסער זיך פאַר מורא און נייגירינקייט, האָב איך ענדליך געמוזט אויפשטעהן פון בעט און אויסזוכען דאָס האַלבע קליינע מעסערל מיינס, כדי אויסמעסטען די טיעפקייט און זיך איבערצייגען, אַז עס דערגרייכט ניט ביז אין דעם צווייטען קעמערל פון דער אַנדער זייט.

כ'האָב זיך ווידער געלייגט, כדי צו פרובירען, אפשר וועל איך קענען איינשלאָפען, אָבער אין דער ווירקליכקייט, אום צו קעמפפען פון דאָס ניי מיט דער פינסטערקייט. דער רעגען האָט אויפגעהערט, און איך האָב מעהר קיין שום קלאַנג ניט געהערט. אַ צייט לאַנג האָב איך זיך צוגעהערט צו טריט אין גאַס, און איך האָב זיך ניט צופרידענגעשטעלט, ביז וואַנען איך האָב געהערט דורכגעהן אימיצען, נאָך'ן טאָן נאָך אורטהיילענדיג, איז דאָס געווען אַ פאָליציסט. פלוצלינג האָב איך עטליכע מאָל צוגעקנאַקט מיט די פינגער און זיך צולאַכט אויף'ן קול. צו'ן אַלדע שוואַרץ יאָהר! — כ'האָב זיך איינגערעדט, אַז איך האָב אויסגעפונען אַ ניי וואָרט. כ'זעץ זיך אויף אין בעט און זאָג: „ניטאָ אַזוי וואָס אין דער שפּראַך. איך האָב עס אויסגעפונען, קובאָאַאַ. עס האָט בוכשטאַבען ווי אַ וואָרט, ביים זיסעסטען גאָט, מענש, דו האָסט אַ וואָרט אויסגעפונען... קובאָאַאַ... פון גרויסער גראַמאַטיקאַלער בעדייטונג..."

מיט אָפענע אויגען, ערשטוינט איבער מיין געפונענעם אוצר, זיץ איך דאָ און לאַך פאַר שמחה. דאַן הויב איך עפעס אָן שעפטשען; ווער ווייס, מען קען זיך נאָך אונטערהערען, און איך האָב געהאַט בדעה צו האַלטען מיין ערפינדונג בסוד. איצט איז אויף מיר אָנגעקומען די פרעהליכע משוגעת פון הונגער; כ'האָב זיך געפיהלט ליידיג און פריי פון שמערץ, און מיינע געדאַנקען האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אָהן אַ שום אָבהאַלט. שטילערהייט האַלט איך זיך מיט זיך אַליין אַן עצה. מיט די מערקווירדיגסטע געדאַנקען-שפּרונגען פרוביר איך דערגרונטעווען די בעדייטונג

פֿון מיין נייעם וואָרט. ס׳דאַרף ניט גראָד בעדייטען גאָט אָדער טיוואָלי, און ווער זאָגט עס, אַז עס מוז דוקא הייסען טהיר-גאָרטען? אַז איך רעכען זיך גוט אויס, איז עס אפילו ניט לחלוטין נייטיג, עס זאָל הייסען הייננ-שליסעל אָדער זונענ-אויפֿגאַנג. פֿאַר אַ זאַ מין וואָרט אַ זינן צו געפֿינען, איז ניט שווער. כ׳וועל וואַרטען ביז וואַנען ס׳וועט אַליין קומען, פֿון זיך. ד׳ערווייל קען איך דאָך זיך אַביסעל דורכשלאָפֿען.

כ׳ליג אויף׳ן בעטעל און לאַך, כ׳זאָג אָבער גאָרנישט, ניט דאַפֿיר און ניט דאַגעגען. עס געהען פֿערביי אַ פּאָר מינוטען און איך ווער נערוועז, דאָס נייע וואָרט מוטשעט מיך גאָר אָהן אַן אויפֿהער, פֿערשווינדט און קומט אַלע ווײַלע צוריק, און ענדליך פֿערנעהמט עס אין גאַנצען מיין מוח און מאַכט מיך ערנסט. ביז אַהער בין איך נור איינשטימיג געוואָרען מיט זיך אַליין וועגען דעם וואָס עס בעדייטעט נ י ט, כ׳האָב אָבער נאָך ניט בעשלאָסען, וואָס עס זאָל יאָ בעדייטען. דאָס איז אַ קלייניגקייט, אַ נעבען-זאַך! גיב איך אַ געשריי צו מיר אַליין, און איך כאַפּ זיך אָן ביים אָרים און ווידערהאָל, דאָס איז אַ נעבענ-זאַך. גאָט צו דאַנקען, דאָס וואָרט איז געפֿונען, און דאָס איז דער עיקר. דער געדאַנק אָבער מוטשעט מיך גאָר אָהן אַ סוף און לאָזט מיך ניט אַנשלאָפֿ׳ן ווערן; קיין זאַך איז אין מיינע אויגען ניט געווען גוט גענוג פֿאַר דאָס דאָזיגע אויסערגעוועהנליך זעלטענע וואָרט. ענדליך זעץ איך זיך ווידער אַמאָל אויף אין בעט, נעהם אַרום דעם קאָפּ מיטביידע העגד און זאָג: ניין, דאָס גראָד איז אונמעגליך, אויסוואַנדערונג אָדער טאַבאַק-פֿאַבריק קען מען דערמיט ניט בעצייכענ׳ן! וואָלט מען עס ג ע ק ע נ ט אַזוי פֿערטייטשען, וואָלט איך דאָך שוין פֿון לאַנג אָן זיך ענטשלאָסען דערצו. ניין, אייגענטליך איז דאָס וואָרט געשאַפֿען, אויסצודריקען דערמיט עטוואָס ז ע ע ל י ש ע ס, אַ געפֿיהל, אַ צושטאַנד — צי קען איך דען דאָס ניט איינזעהן? און איך פֿערטראַכט זיך כדי צו געפֿינען עטוואָס זעעלישעס. פלוצלונג דוכט זיך מיך אָב, עפּעס אַזוי ווי אימיצער וואָלט גערעדט, וואָלט זיך אַריינגעמישט אין מיין שמועס מיט זיך אַליין, און איך ענטפֿער מיט כעס: ווי זשע בלייבט? ני׳ן, אַזאַ מין אידיאָט איז ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט! פֿאָדים צום שטריקען! געה צו׳ן אַלדע שוואַרץ יאָהר! דאָס הייסט אַ ביסעל אַ בהמה! כ׳פֿרעג אייך אַדרבה: פֿאַרוואָס בין איך עפּעס מחויב עס צו טייטשען פֿאָדים צו שטריקען, אַז איך האָב ספּעציעל עטוואָס דאַגעגען, עס זאָל הייסען פֿאָדים צום שטריקען? איך אַליין האָב דאָס וואָרט אויס-געפֿונען און איך האָב דאָס פֿולע רעכט, עס פֿערטייטשען ווי איך וויל.

**אַזוי ווייט ווי איך וויים, חאָב איך וועגען דעם נאָך לעת עתה נים** אַרויס:עזאָגט דאָס לעצטע וואָרט...

אָבער מיין מוח איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר צומישט געוואָרען. ענדליך בין איך אַרויסגעשפּרונגען פֿון בעט און גענומען זוכען די וואַסער־לייטונג. כ'בין ניט דורסטיג געווען, נאָר דער קאָפּ האָט מיר געברענט ווי פֿייער, און איך האָב דערשפּירט אַן אינסטינקטיווען פֿערלאַנג נאָך וואַסער. אַז איך האָב זיך אָנגעטרונקען, בין איך צוריק אַריין אין בעט און איך האָב מיט געוואַלט געזוכט אַנשלאָפֿען צו ווערן. כ'האָב פֿערמאַכט די אויגען און זיך אָנגעטהאָן אַ כח צו זיין רוהיג. אַזוי בין איך געלעגען עטליכע מינוט, זיך ניט אַ ריהר טהאָנדיג פֿון אָרט, כ'בין אָבגענאָסען געוואָרען מיט שוויים און כ'האָב געפֿיהלט, ווי דאָס בלוט שפּאַרט זיך אַרויף מיט כח דורך מיינע אָדערן. ניין, דאָס איז ווירקליך געווען אַ פֿיינע זאַך, ווי ער האָט געזוכט דאָס געלד אין דעם פּאַפּיר־זעקעל! ער האָט אויך נור איינמאָל געהוסט. צי געהט ער ניט אַקאָרשט נאָך אַרום דאָרט אונטען? ער מוז אודאי דאָרט זיצען אויף מיין באַנק... דער בלויער פערלמוטער... די שיפֿען...

כ'האָב געעפֿענט די אויגען. ווי אַזוי האָב איך זיי דען געקענט האַלטען צוגעמאַכט, אַז איך האָב בשום אופן ניט געקענט איינשלאָפֿען? און דערזעלבער חושך האָט געהערשט אַרום מיר, דיזעלבע אונערגרינדליכע, שוואַרצע אייביגקייט, געגען וועלכער מיינע געדאַנקען האָבען זיך ערהויבען און וועלכע זיי האָבען בשום אופן ניט געקענט בעגרייפֿען. מיט וואָס האָב איך זי געוואָלט פֿערגלייכען? כ'האָב זיך געמאַטערט מיט אַלע כחות צו געפֿינען אַ וואָרט, וואָס זאָל זיין שוואַרץ גענוג, כדי צו בעצייכענען די דאָזיגע פֿינסטערקייט, אַ וואָרט, וואָס זאָל זיין אומ'ברחמנות'דיג שוואַרץ, אַז עס זאָל מיר דאָס מויל אָבשוואַרצען, בשעת איך וועל עס אַרויסריידען. רבונו של עולם, וואָס פֿאַר אַ פֿינסטערניש! און דאָס האָט געמאַכט, אַז איך האָב ווידער געמוזט טראַכטען וועגען דעם ברעג ים און די שיפֿען, יענע שוואַרצע טייוואָלים, וואָס זיינען געלעגען אויף דרויסען און האָבען געוואַרט אויף מיר. זיי האָבען מיך געוואָלט צוציהען צו זיך און מיך צוהאַלטען און מיט מיר אַרומפֿאָהרען איבער לאַנד און ים, דורך פֿינסטערע מדינות, וואָס קיין מענש האָט נאָך אין די אויגען ניט געזעהן. מיר דוכט זיך אויס, אַז איך בין אויף'ן שיף, כ'פֿיהל ווי איך ווער אַרונטערגעצויגען אין וואַסער, ווי איך שוועב אין די וואָלקענס, ווי איך זינק און זינק...

פּלוצלינג לאָז איך אַרויס אַ הייזעריגען געשריי פֿון שרעק און האַלט זיך אָן מיט אַלע כחות אָן בעט; כ'האָב אַ געפֿעהרליכע רייזע געמאַכט,

דורכגעשניטען די לופט אזוי ווי א בינטעל זאכען, וואס מען האט פון ערגעץ אריבערגעשליידערט. ווי דערלעזט האב איך זיך געפיהלט, אז איך האב מיט דער האנד א קלאפ געטהאן אן דאס הארטע בעטעל! אזוי איז דאס שטארבען, האב איך זיך געזאגט, אצונד וועסט דו שטארבען! און איך בין געלעגען א קורצע ווייל און זיך געטראכט, אז איך מוז איצט שטארבען. ענדליך זעץ איך זיך אויף אויפ'ן בעט און גיב א פרעג שטרענג: ווער זאגט עס, אז איך מוז שטארבען? אז איך האב דאס ווארט אויס־געפונען, האב איך אויך דאס רעכט אליין צו בעשטימען, וואס עס זאל בעדייטען... כ'האב געהערט ווי איך פאנטאזיר, כ'האב עס נאך געהערט, בעת איך האב גערעדט. מיין משוגעת איז געווען אן אויסברוך פון שוואכקייט און פערמאטערטקייט, אבער איך בין ניט געווען אויסער מיין זינען. און פלוצלונג איז מיר דורך א געדאנק דורכ'ן מוח, אז איך בין משוגע געווארען. פול מיט פחד, שפרינג איך ארויס פון בעט. כ'לויף צו דער טהיר, וועלכע איך וויל עפענען, כ'ווארף זיך א פאר מאל ארויף אויף איהר, כדי זי צו צוברעכען, כ'קלאפ זיך קאפ אן וואנד, קלאג זיך פאנאנדער אויפ'ן קול, ביים זיך אין די פינגער, כ'וויין און פלוך...

אלעס איז געווען שטיל; די ווענד האבען נאר אבגעשלאגען מיין אייגענע שטימע צוריק. כ'בין אנידערגעפאלען אויף דער ערד, ניט האבענדיג מעהר קיין כח ארומצולויפען איבער'ן קעמערל. מיט אמאל דערזעה איך הויך אויבען, אין מיטען אנטקעגען מיין בליק א גראה פיער־עקיג שטיק אויף דער וואנד, א ווייסען פלעק, אן אהנונג — דעם שיין פון טאג. כ'האב געפיהלט, אז עס איז דאס ליכט פון טאג, כ'האב עס געפיהלט מיט יעדען אבר מיינעם. אה! ווי גרינג מיר איז דאס געווארען אויפ'ן הארצען! כ'האב זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד מיט'ן פנים אראב און זיך צואויינט פאר פרייד איבער אט דעם ליכט־שיין, כ'האב געשלוכצט אויס דאנקבארקייט, צוגעווארפען דעם פענסטער ליעבליכע קושען מיט די הענד און איך האב זיך אויפגעפיהרט ווי א משוגע'נער. אויך אין דער רגע בין איך געווען ביים זינען, כ'האב גאנץ גוט געוואוסט, וואס איך טהו. יעטווערע אומעטיגקייט איז מיט אמאל פערשוואונדען, שמערץ און פערצווייפלונג האבען אויפגעהערט צו עקזיסטירען פאר מיר, און אין דעם אויגענבליק האב איך ניט געהאט קיין שום וואונש, וואס זאל ניט קענען ערפילט ווערן, אזוי ווייט ווי מיינע געדאנקען האבען מיר געדיענט. כ'האב זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, צונויפגעלייגט די הענד און געדולדיג געווארט, עס זאל טאג ווערן.

וואָס פאַר אַ נאַכט איז דאָס פאָרט געוועזן! אַז מען זאָל גאָרניט האָבען געהערט דעם ליאַרם, האָב איך זיך געוואונדערט. אָבער איך בין דאָך געוועזן אין דער רעזערווירטער אָבטהיילונג, הויך איבער אַלע גע־פאַנגענע. אַ מיניסטער אָהן אַ היים, ווען איך דאַרף זיך אַזוי אויסדריקען. זיך פיהלענדיג כסדר אין דער בעסטער שטימונג, מיט די אויגען אויף דער שייב, וועלכע איז וואָס ווייטער אַלץ העלער געוואָרען, האָב איך זיך אַמוזירט דערמיט, זיך צו מאַכען פאַר אַ מיניסטער; כ'האָב זיך גערופען „פאָן טאַנגען" און געגומען ריידען אויף אַ מיניסטערשען לשון. די פאַנטאַ־זיען מיינע האָבען ניט אויפגעהערט, נאָר איך בין געוועזן אַביסעל וועניגער נערוועז. ווען איך וואָלט נור ניט געוועזן אַזוי נאַכלעסיג איבערצולאָזען מיין בריעף־טאַש אין דערהיים! דאַרף איך האָבען די עהרע צו העלפען דעם הער־ מיניסטער אין בעט אַריין? און מיט טיעפען ערנסט, מיט פיעל צערעמאָניעס בין איך צוגעגאַנגען צום בעטעל און זיך אַנידערגעלייגט.

איצט איז געוואָרען אַזוי ליכטיג, אַז איך האָב שוין געקענט דערקענען די שפּאַלטען אין די ווענד פון קעמערל און באַלד נאָכדעם האָב איך אויך דערזעהן די שווערע ריגלען פון דער טהיר. דאָס האָט מיך צושטרייט. די איינ־פאָרמיגע, שווינדעלדיגע, אונדורכדרינגליכע פינסטערניש, וואָס האָט מיך געשטערט זיך אַליין צו זעהן, איז אָבגעבראָכען געוואָרען; מיין בלוט האָט זיך בערוהיגט און באַלד האָב איך דערפיהלט, ווי מיינע אויגען האָבען זיך צוגעמאַכט.

אַ פּאָר קלעפּ אין מיין טהיר האָבען מיך אויפגעוועקט. שנעל, אין אימפּעט בין איך אַראָבגעשפּרונגען פון בעט, און האָב זיך אויף גיך אָנגעטהאָן; מיינע קליידער זיינען נאָך געוועזן נאַס פון נעכטען ביינאַכט אָן.

„מעלרעט זיך אַקאָרשט אונטען ביים טאָג־אויפזעהער," האָט דער פאָליציי־מאַן געזאָגט.

אַלזאָ ווידער אַמאָל פאָרמאַלנע שטיק דורכצומאַכען! האָב איך זיך געטראַכט מיט פערדרוס.

איך בין אַראָב אונטען אין אַ גרויס צימער, וואו עס זיינען געזעסען אַ דרייסיג אָדער פערציג מענשען, אַלע אָהן אַ היים, אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ. און איינער נאָך'ן אַנדערן איז אויפגערופען געוואָרען פון פראָטאָקאָל־בוך, איינער נאָך'ן אַנדערן האָט געקראָגען אַ קוויטעל אויף עסען. דער טאָג־אויפזעהער האָט אַלץ כסדר געזאָגט צום פּאָליציסט, וואָס איז געשטאַנען לעבען איהם:

„ער האָט שוין געקראָגען אַ קוויטעל? יאָ, פערגעסט זיך אַקאָרשט ניט זיי צו געבען קוויטלאַך. זיי זעהען אויס, אַזוי ווי זיי וואָלטען אַלע נייטיג געדאַרפט אַ מאָהל־צייט.“

און איך שטעה מיר אַזוי און קוק אויף די קוויטלאַך און וואָלט זעהר גערן געוואָלט האָבען איינס.

„אַנדרעאַס טאַנגען, זשורנאַליסט!“

איך בין צוגענאַנגען און האָב זיך פערנייגט.

„אָבער מיין ליעבער, ווי קומט איהר אַהער?“

כ'האָב ערקלעהרט דעם גאַנצען עסק, איבערדערצעהלט די אייגענע געשיכטע פון נעכטען ביינאַכט, וואָרט ביי וואָרט, כ'האָב געליינט מיט אָפענע אויגען, ניט אַ פינטעל טהאָנדיג מיט קיין ברעם, כ'האָב געליינט מיט דער גרעסטער אויפריכטיגקייט. כ'האָב אַביסעל צו לאַנג געבוי־מעלט, ליידער. . . אין קאָפּ. . . דעם שליסעל פון דער הויז־טהיר פערלאָרען. . .

„יאָ,“ האָט ער זיך אָבגערופען און געלאַכט, „אַזוי געהט עס! האָט איהר כאָטש גוט געשלאָפען?“

„ווי אַ מיניסטער!“ האָב איך געענטפערט. „ווי א מיניסטער!“

„ס'פרעהט מיך!“ האָט ער געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען. „אַ גוטען טאָג!“

און איך בין אַוועק.

אַ קוויטעל! אויך פאַר מיר אַ קוויטעל! זינט לאַנגע דריי טעג און נעכט האָב איך גאָרנישט געגעסען. אַ ברויט! אָבער קיינער האָט מיר ניט אָנגעבאָטען קיין קוויטעל, און איך האָב קיין מוטה ניט געהאַט צו פערלאַנגען איינס. דאָס וואָלט אַרויסגערופען אַ חשד. דעם קאָפּ אין דער הויך מיט שטאָלץ, אַזוי ווי אַ מיליאָנער געה איך אַרויס פון ראַטה־הויז.

די זונן האָט שוין געשיינט און געוואַרימט, ס'איז געווען צעהן דער זייגער, און יאָנגסטאָרוועט איז שוין געווען פול מיט מענשען, פול מיט לעבען. וואוהין געהט מען פאָרט? כ'גיב זיך אַ קלאַפּ אין דער קעשענע און טאַפּ אָן מיין מאַנוסקריפט; אַרום עלף אַזייגער האָב איך געוואָלט פרובירען טרעפען דעם רעדאַקטאָר. כ'שטעה אַ ווײלע אויף דער באַלוּ־סטראַדע און קוק זיך צו צום רוישענדען לעבען אונטער מיר; מיין קאָסטיום האָט זיך דערווייל דערוואַרעמט און האָט גענומען אַרויסלאָזען פון זיך אַ פאַרע. דער הונגער איז פון דאָס ניי אָנגעקומען, האָט מיר גענומען נאָגען אין דער ברוסט, האָט געקלאַפּט און מיר געשטאָכען מיט

קליינע, שטילע שטעך, וועלכע האָבען מיר פֿערשאַפֿט אַ וויטאָג. צי האָב איך שוין ווירקליך ניט קיין פֿריינד, קיין שום בעקאַנטען, צו וועמען איך זאָל זיך קענען ווענדען? כ'זוך ביי מיר אין זכרון, טאָמער וועל איך געפֿינען אַ מאַן, וואָס זאָל מיר געבען צעהן ערע, און איך געפֿין איהם ניט. ס'איז דאָך געווען אַזאַ גרויסאַרטיגער טאָג; אַזוי פֿיעל זונן און אַזוי פֿיעל ליכט אַרום מיר; דער הימעל האָט זיך געוויגט און געקאַטשעט אַזוי ווי אַ צאַרטער ים איבער די בערג...

גאָרניט בעמערקענדיג, האָב איך זיך געפֿונען אויף'ן וועג אַהיים.

כ'בין געווען מורא'דיג הונגעריג, און איך האָב אויפֿגעהויבען אַ האָלץ־שפענדעל פֿון גאַס און עס געגומען קייען. דאָס האָט געהאָלפֿען. פֿאַרוואָס בין איך ביז אַהער ניט געפֿאַלען אויף דער המצאה?!

דער טויער איז געשטאַנען אָפֿען; דער שטאַל־דיענער האָט, ווי דער שטייגער איז, מיר אָבגעגעבען אַ גוט מאָרגען.

„אַ שעהנער טאָג!" האָט ער געזאָגט.

„יאָ," האָב איך געענטפֿערט, ווייטער האָב איך גאָרנישט געפֿונען וואָס צו זאָגען. ווי וואָלט אַשטייגער געווען, ווען איך בעט ביי איהם לייהען אַ קראָנע? ער וואָלט עס אודאי גערן געטהאָן, ווען ער קען נור. אַחוץ דעם האָב איך איהם אַמאָל אַ בריעף געשריבען.

ער איז געשטאַנען און געשלונגען אין זיך, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט מיר וועלען וואָס זאָגען.

„אַ שעהנער טאָג, יאָ, מיין העדר. כ'דאַרף היינט בעצאָהלען דירה־געלד, איהר וואָלט מיר אפשר געקענט לייהען אַ פֿינף קראָנען, וואָס? בלויז אויף אַ פּאָר טאָג. איהר האָט דאָך מיר שוין אַ מאָל אַ טובה געטהאָן."

„ניין, דאָס קען איך ווירקליך ניט, יענז אָלאַף," האָב איך געזאָגט. „איצט ניט. אפשר שפּעטער, היינט נאָכמיטאָג פֿילייכט." דאָס זאָגענדיג בין איך אַרויף אויף די טרעפּ צו מיר אין צימער.

דאָ האָב איך זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף'ן בעט און זיך צולאַכט. אָט דאָס הייסט אַביסעל אַ גליק, וואָס ער האָט מיר פֿערכאַפּט דעם וועג! מיין עהרע איז גערעטעט! פֿינף קראָנען — מענש איינער, זאָל דיך גאָט שומר ומציל זיין! האָסט פּונקט אַזוי גוט געקענט פֿערלאַנגען פֿון מיר פֿינף אַקציעס פֿון דער דאַמפֿף־קיך אָדער אַ פּאַלאַץ דרויסען אין אַקער.

און דער געדאַנק מכח די דאָזיגע פֿינף קראָנען האָט מיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר געקיצעלט, כ'האָב אַלץ העכער און העכער געלאַכט. בין אין ניט א שד א יונג? ווי? פֿינף קראָנען! נו יאָ, דערצו בין איך טאַקי דער

ריכטיגער מאַן. מיין לוסטיגקייט האָט אַלץ געשטיגען, און איך האָב גאָרנישט געהאַט דאַגעגען. פּע, צו'ן אַלדע שוואַרץ יאָהר, שמעקט עס אַביסעל נאָך עסען דאָ! דער עכטער פֿרישער ראָסעל-פֿלייש-ריח פֿון מיטאָג! פּע! און איך מאַך מיט איספּעט אויף דאָס פֿענסטער, כדי אַרויסצולאָזען דעם שרעק־ליכען גערוך. קעלנער! אַ האַלבען ביפֿסטייק! און זיך אומדרעהענדיג צום טיש, צו דעם דאָזיגען צובראָכענעם, הינקעדיגען טיש, וועלכען איך פּלעג מוזען אונטערשפּאַרען מיט די קניע, בשעת איך פּלעג דאַרפֿען שרייבען, האָב איך זיך טיעף פֿערנייגט און געפֿרעגט: איהר ווילט אפשר אַ גלאָז ווייז? ניין? מיין נאָמען איז טאַנגען, מיניסטער טאַנגען. ליידער האָב איך אַביסעל צו לאַנג געבומעלט... טהיר-שליסעל...

און ווידער אַמאָל האָבען זיך מיינע געדאַנקען אַוועקגעלאָזען אָהן אָבהאַלט אויף פֿערפּלאָנטערטע, קרומע וועגען. כ'האָב, דוכט זיך, גוט געוואוסט, אַז איך רעד אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג, און איך האָב ניט אויס־גערעדט קיין איין וואָרט, וואָס איך זאָל ניט האָבען געהערט אָדער פֿערשטאַנען. כ'האָב זיך אַליין געזאָגט: נו, אַצונד קריכסט דו שוין ווידער אויף די גלייכע וואַנד! און דאָך האָב איך ניט געקענט אַנדערש מאַכען. מיר איז פֿאָרגעקומען, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געלעגען אופֿערהייט און גערעדט פֿון שלאָף. דער קאָפּ איז מיר געווען לייכט, אָהן ווייטאָג, אָהן זאָרג, און מיין גייסט איז געווען קלאָהר. ס'האָט מיך געטראָגען און געהויבען אין דער לופֿטען און איך האָב גאָרנישט געהאַט דאַגעגען.

קומט אַריין! יאָ, קומט אַקאָרשט אַריין! ווי איהר זעהט, אַלעס איז לזיטער רובין. אילאַיאַלי, אילאַיאַלי! די רויטע הויכע זיידענע קאַנאַפּע! ווי שטאַרק זי אָטהעמט! קוש מיך, געליעבטע! נאָך! נאָך! די אָרעמס דיינע זיינען ווי ווייסער בורשטין, דיינע ליפּען לייכטען... קעלנער, כ'האָב דאָך געבעטען אַ ביפֿסטייק...

די זונן האָט אַריינגעשיינט אין מיין פֿענסטער, כ'האָב געהערט ווי די פֿערד אונטען קייען זייער האָבער; און איך זיץ מיר דאָ און זויג מיין האָלץ־שפּענדעל, אויפֿגעלייגט און לוסטיג ווי אַ קינד. עטליכע מאָל כסדר האָב איך אָנגעטאַפּט מיין מאַנוסקריפּט; כ'האָב עס גאָר ניט אין זינען געהאַט אפילו, נאָר דער אינסטינקט מיינער האָט מיר געזאָגט, אַז עס עקזיסטירט, מיין בלוט האָט מיך אָן דעם דערמאָנט. און איך האָב עס אַרויסגענומען פֿון קעשענע.

עס איז פֿייכט געוואָרען, דעריבער האָב איך עס אויסגעשפּרייט און עס געלייגט טריקענען אין דער זונן. דערנאָך האָב איך גענומען אַרומגעהן אין מיין צימער אַרויף און אַראָב. ווי קלעגליך אַלעס האָט אויסגעזעהן!

אויף דער פאָדלאָגע אַרום און אַרום איבערגעבליבענע קליינע שטיקלאַך בלעך, אָבער קיין איינציגער שטול צו זיצען, ניט אַמאָל אַ משוואָק אויף די נאַקעטע ווענד; אַלצדינג איז אַוועק צום „פעטער“ אין קעלער און איז פערצעהרט געוואָרען. אויף'ן טיש אַ פּאָר בויגען פּאַפּיר, אָנגעלייגט מיט שטויב אויף אַ פינגער די דיק — דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איך האָב פערמאָגט מיין אייגענס; די אַלטע, גרינע קאָלדרע אויף'ן בעט האָט האַנז פּאַולי מיר מיט עטליכע חדשים צוריק אַנטליהען... האַנז פּאַולי! איך גיב אַ קנאַק מיט די פינגער. האַנז פּאַולי פּעטערסען מוז מיר העלפען! און איך וויל זיך דערמאָנען זיין אַדרעס. ווי אַזוי האָב איך זיך פּאָרט געקענט פערגעסען אָן האַנז פּאַולי'ן! ער וועט אַודאי זיין שטאַרק ברוגז וואָס איך האָב זיך תיכף ניט געווענדעט צו איהם. אויף גיך טהו איך אָן מיין הוט, נעהם צונויף דאָס מאַנוסקריפּט, שטעק עס אַריין אין טאַש און לויף אַרונטער די טרעפּ.

„הער אַקאָרשט, יענז אָלאַף,“ האָב איך אַריינגעשריגען אין שטאַל אַריין, „כ'מיין גאַנץ זיכער, אַז איך וועל דיר היינט נאָכמיטאָג קענען העלפען!“

צוקומענדיג צום ראַטה־הויז, דערזעה איך, אַז עס איז שוין נאָך עלף דער זייגער, און איך בעשליס ביי מיר, אַריבערגעהן תיכף אין דער רעדאַקציע. לעבען טהיר פון בירא בין איך שטעהן געבליבען, כדי נאָכזעהן, צי מיינע פּאַפּירען ליגען אויף אַ לאַד, איין זייטעל נאָך'ן אַנדערן; כ'האָב זיי אַ ווײלע געגלעט מיט אַ בעזונדערן געפיהל פון איבערגעבענהייט, דערנאָך האָב איך זיי צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע און אָנגעקלאַפּט אָן טהיר. כ'האָב געקענט הערען, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט מיר, בעת איך בין אַריין אין צימער.

דער מאַן מיט'ן שערל איז ווי דער שטייגער געווען אויף זיין פּלאַץ. איך פרעג זיך נאָך אויף'ן רעדאַקטאָר. קיין ענטפער. דער מאַן זיצט און בוֹיערט אוים די לאָקאַל־נאָטיצען פון די פּראָווינציעלע בלעטער.

כ'ווידערהאָל מיין פראַגע און געה צו אַביסעל נעהנטער צו איהם.

דער רעדאַקטאָר איז נאָך ניטאָ, האָט ער זיך ענדליך אָבגערופען, זיך ניט אומקוקענדיג אפילו צו מיר.

ווען ער דאַרף קומען?

גאַנץ אונבעשטימט, ווירקליך גאַנץ אונבעשטימט.

ביז ווי שפּעט דאָס בירא איז אָפען?

דערויף האָב איך גאָר קיין ענטפער ניט געקריגען און איך האָב געמוזט אַוועקגעהן. דער מענש האָט די גאַנצע צייט קיין בליק אפילו אויף

מיר ניט געוואָרפֿען; ער האָט געהערט מיין שטימע און דורך איהר האָט ער מיך דערקענט. אַזוי שלעכט ביסט דו דאָ פֿערשריבען, אַז מען האַלט עס ניט אַמאָל פֿאַר נייטיג דיר צו ענטפֿערן, האָב איך זיך געטראַכט. צי איז דאָס ניט אַקאָרשט אַן אָנזאָג פֿון רעדאַקטאָר אַליין? זינט ער האָט אָנגענומען מיין בעריהמטען פֿעליטאָן פֿאַר צעהן קראָנען, האָב איך איהם פֿערוואָרפֿען מיט אַרבייט, כ'האָב איהם כמעט יעדען טאָג די טהיר אָבגעקלאַפּט מיט זאַכען, וואָס האָבען ניט געטויגט און וועלכע ער האָט נעביך געמוזט איבערלייענען און זיי מיר צוריקגעבען. אפשר וויל ער מאַכען אַ סוף דערצו, איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אַ סוף... איך בין אַרוים אין גאַס און האָב זיך געלאָזט געהן נאָך האָמאַנדסביען.

האַנז פּאַולי פּעטערסען איז געווען אַ בויערן־סטודענט, וועלכער האָט געוואוינט אין הויף פֿינף טרעפּען הויך אין אַ בוידים־שטיבעל: האַנז פּאַולי פּעטערסען איז אַלזאָ געווען אַן אָרימאַן. האָט ער אָבער אַ קראָנע, וועט ער זי געבען. איך בין אַזוי זיכער געווען, אַז איך וועל זי קריגען ביי איהם, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט שוין געלעגען ביי מיר אין קעשענע. דעם גאַנצען וועג האָב איך זיך געפֿרעהט מיט דער דאָזיגער קראָנע — אַזוי פֿערזיכערט בין איך מיט איהר געווען. אַז איך בין צוגעקומען צו דער הויז־טהיר איז זי געווען צוגעמאַכט, און איך האָב געמוזט אָנקלינגען.

„כ'האָב וואָס צו ריידען מיט סטודענט פּעטערסען," האָב איך געזאָגט און געוואָלט אַריינגעהן, „איך ווייס וואו זיין צימער איז."

„סטודענט פּעטערסען?" האָט דאָס מיידעל איבערגעפֿרעגט. צי איז דאָס ניט דער וואָס האָט געוואוינט אין בוידים־שטיבעל? דער האָט זיך אַרויסגעצויגען. וואוהין, ווייסט זי ניט; זיינע בריעף אָבער, האָט ער געבעטען, זאָל מען איבערשיקען אין דער טאָלדבאָדגאַדע צו הערמאַנסען, און דערנאָך האָט זי אָנגערופֿען די נומער.

פֿול מיט גלויבען און האָפֿנונג געה איך אַרונטער די גאַנצע טאָלדבאָדגאַדע, כדי זיך נאָכפֿרעגען אויף האַנז פּאַולים אַדרעס. דאָס איז געווען דער לעצטער אויסוועג, און איך האָב איהם געמוזט אויסנוצען. אונטערוועגענס בין איך דורכגעגאַנגען פֿערביי אַ נייע הויז, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין בויען און וואו צוויי סטאָליאַרעס זיינען געשטאַנען און געהובעלט. כ'האָב אָנגעהויבען זוכען אין הויפֿען אָבגעהובעלטע און אָבגעזעגטע שטיקלאַך, אַרויסגענומען צוויי בלאַנקע שפּענדלאַך און אַריינגעשטעקט איינעם אין מויל און דעם אַנדערן אויף שפּעטער אין קעשענע. דאַן בין איך אַוועק ווייטער. איך האָב געקרעכצט פֿאַר הונגער. אין פֿענסטער פֿון אַ בעקעריי האָב איך

געזעהן אַ וואונדערבאַר גרויס ברויט פאַר צעהן ערע, דאָס גרעסטע לעבעל ברויט, וואָס מען קען איבערהויפּט קריגען פאַר דעם פּרייז.

„איך קום, זיך נאָכפרעגען אויף סטודענט פּעטערסען׳ס אַדרעס."

„בערנט אַנקערס גאַדע נומער 10, דאַך־וואוינונג." צי וויל איך ניט אַרויסגעהן אַהין? נו, צי איך וואָלט דאַן געוואָלט זיין אַזוי גוט און מיט־נעהמען אַ פּאָר בריעף, וואָס זיינען אָנגעקומען פאַר איהם?

איך געה אַרויף אין שטאָדט, אויף דעם זעלבען וועג, מיט וועלכען איך בין געקומען, כ׳געה ווידער פאַרביי די סטאָליאַרעס, וועלכע זיינען יעצט געזעסען מיט זייערע בלעכענע טעפּ צווישען די קניע און האָבען געגעסען זייער גוטען וואַרעמעס פון דער דאַמף־קיך; כ׳געה דורך די בעקעריי, וואו דאָס צעהן־ערע־ברויטעל ליגט נאָך אויף זיין אָרט, און ענדליך, האַלב טויט פון מידקייט, קום איך צו צו דער בערנט אַנקערס גאַדע. די טהיר איז געווען אָפען, און איך בין אַרויף די פיעל טרעפּ ביז׳ן בוידים אַרויף, כ׳נעהם אַרויס די בריעף פון טאַש, כדי האַנז פּאַולי׳ן מיט אַמאָל צו דערפרעהען, בשעת איך וועל אַריינגעהן צו איהם.

ער וועט מיר אודאי ניט אָבזאָגען די טובה, אַז איך וועל איהם אַלצדינג דערצעהלען, גאַנץ געוויס ניט. האַנז פּאַולי האָט אַן איידעל האַרץ, דאָס האָב איך שוין אָפּט וועגען איהם געזאָגט...

אויף דער טהיר האָב איך געפונען זיין קאַרטע: „ה. פּ. פּעטערסען, סטוד. טעאָלאָג. — אַהיים־געפאָהרען."

כ׳האָב זיך אַנידערגעזעצט, כ׳האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע, פינסטער, מיעד, צוּבראָכען. אַ פּאָר מאָל זאָג איך איבער מעכאַניש: „אַהיים־געפאָהרען! אַהיים־געפאָהרען!" דאַן ווער איך גאַנץ שטיל. קיין טרעהר אין מיינע אויגען, קיין געדאַנק, קיין שום געפיהל. מיט אויפגעריסענע אויגען בין איך געזעסען און האָב געקוקט אויף די בריעף, ניט האָבענדיג ברעה וואָס עס איז צו טהאָן. צעהן מינוטען זיינען פאַרביי, פיליכט צוואַנציג, אָדער מעהר; איך בין אַלץ געזעסען אויף דעם זעלבען אָרט און האָב מיט קיין פינגער ניט גערירט. מען וואָלט געזאָגט, איך זיץ דאָ און דרעמעל. מיט אַמאָל הער איך אימיצען קומען אויף די טרעפּ; כ׳שטעה אויף און זאָג:

„איך זוך סטודענט פּעטערסען, דאָ זיינען צוויי בריעף פאַר איהם."

„ער איז אַהיים־געפאָהרען," האָט די פרוי געענטפערט. „אָבער נאָך די פעריען קומט ער צוריק. אַז איהר ווילט, קען איך די בריעף נעהמען צו זיך."

„יאָ, אַ דאַנק אייך, ס'איז מיר זעהר אַנגענעהם," האָב איך געזאָגט, „דאַן וועט ער זיי געפינען, אַז ער וועט קומען צוריק. ס'קען זיין וואָס וויכטיגעס אין זיי. גוטען טאָג!"

אַז איך בין אַראָב אונטען, בין איך געבליבען שטעהן און אין מיטען גאַס, מיט צונויפגעדריקטע פויסטען, האָב איך הויך אויף'ן קול געזאָגט: כ'וועל דיר וואָס זאָגען, מיין ליבער הערר גאָט, דו ביסט אַן אַלצאיינס! און איך שאָקעל מיט'ן קאָפ ווי אַ משוגע'נער און שריי מיט צונויפגעביסענע צייהן צו די וואָלקען אַרויף: כאַפּט מיך דער רוח, דו ביסט אַן אַלצ-איינס!

איך בין אָבגעגאַנגען אַ פּאָר טריט און ווידער שטעהן געבליבען. פּלוצלינג ענדער איך די האַלטונג, לייג צונויף די הענד, און בויג אָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט און פרעג מיט אַ זיסען, פרומען קול:

„צי האָסט דו פּאָרט אַרויפגערופען צו איהם, מיין קינד?"

דאָס האָט עפּעס ניט געקלונגען ווי ס'דאַרף צו זיין.

מיט אַ גרויסען „אי", זאָג איך, מיט אַ פולען גרויסען „אי"! אַלזאָ נאָך אַמאָל: צי האָסט דו פּאָרט אַרויפגערופען צו איהם, מיין קינד? און איך לאָז אַראָב דעם קאָפּ און נעהם אָן אַ וויינענדיגע שטימע און ענטפער: ניין!

דאָס האָט אַלץ ניט געקלונגען ווי ס'דאַרף צו זיין.

דו נאַר איינער, דו פערשטעהסט דאָך גאָר ניט, ווי צו חנפה'נען, ליגען צו זאָגען! יאָ, מוזט דו ענטפערן, יאָ, כ'האָב גערופען צו גאָט דעם האַרר פון דער וועלט! און דו מוזט זיך צו דיינע ווערטער אויס-קלייבען דעם אומעטיגסטען, קלאָגעדיגסטען ניגון, וואָס דו האָסט ווען עס איז געהערט. אָט אַזוי — נור נאָך אַמאָל! יאָ, דאָס איז שוין בעסער געוועזן. אָבער דו מוזט זיפצען דערביי, זיפצען ווי אַ לונגען-פייפעל. אָט — אַזוי.

און אַזוי לאָז איך זיך אַריין אין צבוע'יאַטסטוואָ, קלאַפּ אונגעדולדיג מיט'ן פוס, אַז עס גיט זיך מיר ניט איין, און רוף זיך אַליין דומקאָפּ, אין דער צייט וואָס די ערשטוינטע פערבייגעהער דרעהען זיך אום און קוקען מיך אָן ווי אַ משוגע'נעם.

כ'האָב אַלץ כסדר געקייט מיין הובעל-שפּענדעל און זיך געלאָזט געהן, אַזוי שנעל ווי איך האָב נור געקענט, איבער די גאַסען. נאָך איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, בין איך שוין געוועזן אונטען ביים אייזענבאַהן-פּלאַץ. אויף דער ערלעזער-קירכע איז דער זייגער געוועזן האַלב צוויי. כ'האָב זיך אָבגעשטעלט אַ וויילע און זיך מישב געוועזן וואָס צו טהאָן. אַ

מאַטער שוויים איז מיר אַרוים אויף'ן געזיכט און האָט מיר געפינטעלט אין די אויגען, קום מיט צום ברעג, האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט. דאָס הייסט, אויב דו האָסט צייט? איך האָב זיך פערנייגט פאַר זיך אַליין און בין אַראָב צום האַפען.

אויף דרויסען זיינען געלעגען די שיפען, דער ים האָט זיך געקאַטשעט אין זונען־שיין. איבעראַל האָט עס געלעבט, אַ פייפערייי פון די דאַמפף־קעסלען, טרעגער מיט קאַסטענס אויף די פלייצעס, אַ מונטערער געזאַנג פון די אָנלאָדער ביי די שיפלאַך. אַ קוכען־פרוי זיצט לעבען מיר און בויגט זיך מיט איהר ברוינער נאָז איבער איהר סחורה. דער קליינער טיש איז פול מיט נאַשערייען, און איך קעהר זיך ניט ווילענדיג אָב פון דיזען אָנבליק. דער ריח פון איהרע מאכלים פילט אָן דעם גאַנצען האַפען; פע, עפענט אויף די פענסטער! כ'ווענד זיך צו אַ מאַן, וואָס זיצט לעבען מיר און טענה מיט איהם איין וועגען די צרות, וואָס מען האָט פון די קוכען־ווייבער, וועלכע וואַקסען אוים דאָרט וואו מען פערזועעט זיי ניט... וואָס, ניין? איהר וועט דאָך אָבער מודה זיין, אַז... אָבער דער גוטער מאַן האָט אַפנים דערשמעקט עפעס אונאַנגענעהמעס און האָט מיך אפילו ניט געלאָזט ענדיגען, נאָר ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַוועקגעגאַנגען. אויך איך בין אויפגעשטאַנען און איהם נאָכגעגאַנגען, פעסט ענטשלאָסען, צו בעווייזען דעם מאַן זיין טעות.

„זאָגאַר צוליעב די געזונדהייטס־פערהעלטניסען," האָב איך געזאָגט און איהם אַ קלאַפ געטהאָן אין פלייצע.

„ענטשולדיגט, איך בין אַ פרעמדער דאָ און כ'ווייס גאָרנישט פון די געזונדהייטס־פערהעלטניסען." זאָגט ער און קוקט מיך אָן מיט צושראָקענע אויגען.

זעהט איהר, דאָס איז עפעס אַנדערש, — אַז ער איז אַ פרעמדער... צי קען איך איהם פילייכט ניט דיענען מיט וואָס עס איז? איהם אַרומ־פיהרען? ניט? ס'וואָלט פאַר מיר געווען אַ פערגניגען און איהם וואָלט עס גאָרנישט געקאָסט.

אָבער דער מאַן האָט אַבסאָלוט געוואָלט פטור ווערן פון מיר און ער איז אויף גיך אַריבערגעלאָפען די גאַס אויף'ן אַנדערן טראָטואַר.

כ'בין ווידער אַריבער צו מיין באַנק און האָב זיך אַנידערגעזעצט. איך בין געווען זעהר אונרוהיג, און די גרויסע קאַטערינקע, וועלכע האָט געשפיעלט ניט ווייט פון מיר, האָט עס נאָך ערגער געמאַכט. אַ האַרטע, מעטאַלישע מוזיק, אַ שטיקעל „וועבער", צו וועלכען אַ קליין מיידעלע זינגט צו אַ טרויעריגען ניגון. דאָס דורכדרינגענדע, ליידענדע אין די טענער פון דער

קאַטערינקע צוקאָכט אין מיר דאָס בלוט, מיינע נערוועז הויבען אָן ציטערן, פונקט ווי די מוזיק וואָלט אָבגעקלונגען אין זיי און אין אַ ווײַלע אַרום שפּאַר איך זיך אָן אויף דער באַנק און זינג מיט. וואָס טהוט מען ניט אָב, אַז מען הונגערט! כ'פיהל זיך אַזוי ווי פערלאָרען אין דיזע טענער, אויפ־געלעזט אין טענער, איך פלאַץ אַרויס און מיר דוכט זיך עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געשוועבט אין דער לופטען איבער בערג, אַריין אין ליכטיגערע וועלטען.

„איין ערע!" זאָגט דאָס קליין מיידעלע פון דער קאַטערינקע און שטרעקט מיר אויס דעם בלעכענעם טעלער, „בלויז איין ערע!"

„יאָ," ענטפער איך אונבעוואוסט און כ'שפּרינג אויף און זוך דורך מיינע קעשענעס. אָבער דאָס קינד מיינט, אַז איך טרייב קאַטאָוועס און עס געהט זיך אַוועק, ניט זאָגענדיג קיין וואָרט. אָט די שטומע דולדזאַמקייט איז געווען צופיעל פאַר מיר; וואָלט זי מיך אויסגעזידעלט, וואָלט עס מיר ליעבער געווען; דער שמערץ האָט מיך געפּאַקט און איך האָב זי גערופען צוריק. „כ'האָב ניט קיין איין העלער, האָב איך געזאָגט, אָבער איך וועל זיך ניט פערגעסען אָן דיר, מאָרגען פיליכט. ווי הייסט דו? אַזוי? אַ שעהנער נאָמען; כ'וועל איהם ניט פערגעסען. אַלזאָ מאָרגען."

אָבער איך האָב פערשטאַנען, אַז זי גלויבט מיר ניט, כאָטש זי האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, און איך האָב געוויינט פאַר פערצווייפלונג דערפאַר וואָס אָט דאָס קליינע גאַסען־מיידעל וויל מיר ניט גלויבען. נאָך אַמאָל האָב איך זי צוגערופען, מיט אימפעט האָב איך פאַנאַנדערגעעפענט מיין ראָק און איהר געוואָלט אַוועקגעבען מיין וועסט. איך וועל דיך בעפרידיגען, וואַרט נור אַ רגע.

איך האָב ניט געהאַט קיין וועסט!

ווי האָב איך זי גאַר געקענט זוכען! וואָכען זיינען אַריבער, זינט איך האָב זי געהאַט. אויף וואָס פאַר אַ וועלט בין איך? דאָס צוטומעלטע מיידעל האָט שוין מעהר ניט געוואַרט און איז אויף גיך אַוועק. און איך האָב געמוזט זי לאָזען אַוועקגעהן. די מענשען זיינען זיך צונויפגעלאָפען און האָבען געלאַכט אויף'ן קול; אַ פאָליציי־דיענער שפּאַרט זיך אַריין אין עולם און וויל וויסען, וואָס דאָ איז אַזוינס געשעהן.

„גאָרנישט," האָב איך געענטפערט, „אָבער טאַקי גאָרנישט! כ'האָב בלויז געוואָלט אַוועקגעבען דער קליינער מיידעלע דאָרט מיין וועסט... פאַר איהר פאָטער... דעריבער האָט איהר ניט וואָס צו לאַכען. כ'קען דאָך געהן אַהיים און זיך אָנטהאָן אַן אַנדערע."

„קיין ספעקטאַקעל אויף דער גאַס!" האָט דער פּאָליציי־מאַן געזאָגט.
„אָט — אַזוי, מאַרש!" און ער גיט מיר אַ שטופּ פאָרווערטס. „דאָס זיינען אייערע פּאַפּירען?" האָט ער מיר נאָכגעשריען.

יאָ, צו׳ן אַלדע שוואַרץ יאָהר, מיין צייטונגס-אַרטיקעל, אַ מאַסע וויכטיגע שריפטען! ווי האָב איך געקענט זיין אַזוי אונפאָרזיכטיג!

כ׳נעהם צו מיין מאַנוסקריפּט, איבערצייג זיך, אַז עס ליגט אין אָרדנונג און לאָז זיך געהן, זיך גאָר ניט אומקוקענדיג, גלייך אין די רעדאַקציע. אויף דעם ערלעזער־טהורם איז שוין געווען פיער דער זייגער.

דאָס ביורא איז פערשלאָסען. ווי אַ גנב כאַפּ איך זיך אין דער שטיל צוריק אַרונטער פון די טרעפּ און בלייב שטעהן ביי דער טהיר, ניט וויסענדיג וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבען. וואָס טהוט מען פאָרט? כ׳שפּאַר זיך אָן אָן דער וואַנד, קוק אַראָב אויף די שטיינער און דיינק נאָך. פאַר מיינע פיס ליגט אַ שטעק־נאָדעל; כ׳בויג זיך אָן און הויב זי אויף. אַשטייגער, ווען איך זאָל אָבשניידען די קנעפּ פון מיין ראָק? וואָס וואָלט איך דען פאַר זיי געקענט קריעגען? פילייכט וועט דאָס מיר גאָרנישט נוצען, קנעפּ זיינען זיי נאָך אַלעמען ניט מעהר ווי קנעפּ, אָבער איך האָב זיי גענומען, און זיי בעטראַכט פון אַלע זייטען און איך האָב געפונען, אַז זיי זיינען אַזוי גוט ווי ניי. ס׳איז פאָרט, הייסט עס, אַ גוטער געדאַנק; כ׳קען זיי אָבשניידען מיט מיין מעסערל און זיי אַוועקטראָגען צום „פעטער" אין קעמערל. די האָפנונג, אַז איך וועל קענען פערקויפען די דאָזיגע פינף קנעפּ, האָט מיך גלייך אויפגעמונטערט, און איך האָב געזאָגט: „איי, איי, עס וועט געהן!" די פרייד האָט מיך בעהערשט, און איך האָב אָנגעהויבען אַראָבנעהמען די קנעפּ איינעם נאָך׳ן אַנדערן. דערביי האָב איך שטילערהייט, אין זיך, געפיהרט פאָלגענדען שמועס:

„נו יאָ, זעהט איהר דאָך, ס׳געהט איינעם אַביסעל ניט ווי געהעריג, איז, אַ מאָמענטאַנע פערלעגענהייט... אָבגעניצט, זאָגט איהר? רעדט ניט קיין נאַרישקייטען! כ׳וואָלט געוועהן אַ בעלן צו זעהן דעם, וואָס ניצט אָב זיינע קנעפּ ווייניגער איידער איך. כ׳געה תמיד מיט אַן אָפענעם ראָק, וויל איך אייך זאָגען; ס׳איז שוין מיין טבע אַזוי, אַזאַ אָריגינאַליטעט... ניין, ניין, אַז איהר **ווילט** ניט, אַזוי—! אָבער איך מוז וועניגסטענס האָבען מיינע צעהן ערע דערפאַר... אָבער, גאָט איז מיט אייך, ווער **זאָגט** עס חלילה, אַז איהר מוזט? איהר קענט האַלטען מויל און מיך לאָזען צו רוה... יאָ, יאָ, **ברייננגט** אַקאָרשט די פּאָליציי, פון מיינעטוועגען! כ׳וועל אויפוואַרטען דאָ, ביז וואַנעט דער פּאָליציסט וועט קומען, און גנב׳ענען וועל איך ביי

איך אויך גאָרנישט... נו, אַדיע, אַדיע! מיין נאָמען איז אַלזאָ טאַנגען, כ'האָב אַביסעל צו לאַנג געבומעלט..."

מיט אַמאָל קומט אימיצער אַרונטער פון די טרעפ. אויף דער רגע כאַפּ איך זיך אויף פון מיינע חלומות, כ'דערקען דעם שערעל־מאַן און שטעק אויף גיך אַריין די קנעפּ אין קעשענע. ער וויל אַריבערגעהן, ער ענטפערט אפילו ניט אָב אויף מיין גרוס און מיט אַמאָל נעהמט ער זיך בעטראַכטען מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט די נעגעל פון זיינע פינגער. כ'שטעל איהם אָב און פרעג זיך נאָך אויף'ן רעדאַקטאָר.

„ניטאָ."

„ס'אַ ליגען!" האָב איך זיך אָבגערופען. און מיט אַ חוצפה, וואָס האָט מיך אַליין אַריינגעבראַכט אין ערשטוינונג, האָב איך ווייטער געזאָגט: „איך מוז מיט איהם ריידען; אַ זעהר נייטיגער ענין, ידיעות פון שטיפטס־גאַאַרדען."

„איהר קענט דאָס מיר דען ניט זאָגען, וואָס?"

„אייך?" האָב איך געענטפערט און איהם אָנגעקוקט פון אויבען ביז אַראָב.

דאָס האָט געהאָלפען. ער איז גלייך צוריקגעגאַנגען מיט מיר און מיר געעפענט די טהיר. איצט איז מיר אַזוי ווי עפּעס געשטאַנען אין האַלז. כ'האָב שטאַרק פערביסען מיט די ציינער, כדי זיך צו מאַכען קוראַזש, אָנגעקלאַפּט און איך בין אַריין צום רעדאַקטאָר אין פּריוואַט־ביוראָ.

„גוטען טאָג! איהר זייט עס?" האָט ער פריינדליך געזאָגט. „זיצט!"

וואָלט ער מיר די טהיר געוויזען, וואָלט עס מיר ליעבער געווען; די טרעהרען זיינען מיר שוין געשטאַנען אין די אויגען, און איך האָב געענטפערט:

„כ'בעט אייך, ענטשולדיגט..."

„זיצט," האָט ער ווידערהאָלט.

כ'האָב זיך אַלזאָ אַנידערגעזעצט און ערקלעהרט, אַז איך האָב ווידער אַן אַרטיקעל, וועלכען איך וואָלט זעהר געוואָלט האָבען געדרוקט אין זיין ציימונג. כ'האָב זיך דערמיט אַזוי פיעל מיה געגעבען, ער האָט מיך אַזוי פיעל אָנשטריינגונג געקאָסט.

„כ'וועל איהם איבערלייענען," האָט ער געזאָגט און האָט איהם ביי מיר צוגענומען. „מיה גיט איהר זיך געוויס ביי אַלצדינג, וואָס איהר שרייבט, אָבער איהר זייט צו היציג, צו איבעראיילט. אַז איהר וואָלט נור געווען אַביסעל געזעצטער! צופיעל פיעבער! כ'וועל איהם אָבער לייענען!" און דאָס זאָגענדיג האָט ער זיך ווידער אָבגעקעהרט צום טיש.

בין איך אַלוּאַ געבליבען זיצען. וואָלט איך אפשר בעטען ביי איהם אַ קראָנע? איהם ערקלעהרען, פֿאַרוואָס ס'איז שטענדיג פֿאַרהאַן צופֿיעל פֿיבער, צופֿיעל היץ דעריין? ער וואָלט מיר דאַן אודאי געהאָלפֿען; ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל געווען.

כ'האָב זיך אויפֿגעהויבען. הם! אָבער אַז איך בין ביי איהם געוועזן דאָס לעצטע מאָל, האָט ער זיך פֿאַר מיר בעקלאָגט, אַז עס איז איהם זעהר ענג אין געלד, ער האָט זאָגאַר דאָס אינגעל אַרומגעשיקט, צונויפֿמאַכען די עטליכע קראָנען פֿאַר מיינעם אַן אַרטיקעל. דאָס קען נאָך יעצט אויך זיין אַזוי. ניין, דאָס זאָל ניט געשעהן! וואָס זשע, זעה איך דען גאָרניט, אַז ער איז פֿערנומען מיט זיין אַרבייט?

„אויסערדעם נאָך עפּעס?" האָט ער געפֿרעגט.

„ניין," האָב איך געענטפֿערט און פרובירט זיך מאַכען האַרץ און שטאַרקען מיין שטימע. „ווען זאָל איך ווידער אַריינקומען?"

„אַך, ווען איהר וועט פֿערבייגעהן," האָט ער געענטפֿערט. „אַזוי אין אַ פּאָר טאָג אַרום."

כ'האָב מיין בקשה איבער די ליפּען ניט געבראַכט. אָט דעם מאַן'ס פֿריינדליכקייט האָט גאָר קיין שיעור און קיין ערך ניט געהאַט ביי מיר אין די אויגען, און איך האָב געוואָלט צייגען, אַז איך ווייס ווי זי צו שעצען. ליעבערשט פֿערהונגערן. דעריבער בין איך אַוועק.

זאָגאַר ווען איך בין געשטאַנען אויף דרויסען און האָב פֿון דאָס ניי דערפֿיהלט די הונגער־ליידען, — דאַן אפילו האָב איך קיין חרטה ניט געהאַט וואָס איך האָב פֿערלאָזען דאָס ביורא, ניט בעטענדיג קיין קראָנע ביים רעדאַקטאָר. כ'האָב אַרויסגענומען דאָס צווייטע האָלץ־שפּענדעל פֿון טאַש און עס אַריינגעשטעקט אין מויל. דאָס האָט ווידער געהאָלפֿען. פֿאַרוואָס האָב איך דאָס שוין פֿריהער ניט געטהאָן? שעמען מעגסט דו זיך, האָב איך אַ זאָג געטהאַן אין דער הויך; האָסט דו ווירקליך געקענט טראַכטען דערפֿון צו בעטען ביי דעם מאַן אַ קראָנע און איהם דורך דעם ווידער אַריינבריינגען אין אַ פֿערלעגענהייט? און איך בין גאַנץ גראָב געוואָרען געגען זיך אַליין פֿאַר דער אונפֿערשעהמטהייט, וואָס איך האָב בדעה געהאַט אָבצוטהאָן. ביי גאָט, דאָס איז דאָס נידערטרעכטיגסטע, וואָס איך האָב ביז איצט געהערט! האָב איך געזאָגט; אָבשלאָגען אַ מענשען די טהירען און איהם כמעט די אויגען אויסגראַבלען, נור דערפֿאַר וואָס דו דאַרפֿסט האָבען אַ קראָנע, דו הונד וואָס דו ביסט! אַלוּאַ היידאַ! שנעל! שנעל! דו בהמה איינע! איך וועל לערנען מיט דיר אַביסעל דרך ארץ!

כדי זיך אַליין צו בעשטראָפֿען, האָב איך אָנגעהויבען לויפֿען, כ'בין דורכגעלאָפֿען איין גאַס נאָך דער אַנדערער, כ'האָב זיך אַליין אָנגעטריבען מיט ביטערע קללות און געשריען און געליאַרעמט אויף זיך אין דער הויך אַזוי ווי אַ משוגע'נער, ווען איך האָב געוואָלט זיך אָבשטעלען. דערווייל בין איך אַרויפֿגעקומען הויך אין דער פילעסטראַדע. אַז איך בין ענדליך שטעהן געבליבען, גרייט אויסצוברעכען אין אַ געוויין פֿאַר כעס, וואָס איך האָב ניט געקענט ווייטער לויפֿען, האָב איך געציטערט מיט מיין גאַנצען קערפּער און איך האָב זיך מיט האַסט אַנידערגעזעצט אויף אַ טרעפּ. ניין, וואַרט אַקאָרשט! האָב איך זיך אָבגערופֿען. און כדי זיך צו פּייניגען ווי ס'בעדאַרף צו זיין, האָב איך זיך גלייך אויפֿגעהויבען און זיך געצוואונגען צו בלייבען שטעהן, און דערנאָך האָב איך זיך צולאַכט פֿון זיך אַליין און חוזק געמאַכט פֿון מיין אייגענעם עלענד. ענדליך, נאָכדעם ווי עס זיינען אַריבער עטליכע מינוטען, האָב איך דורך אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ זיך אַליין גענומען די ערלויבעניש, זיך צו זעצען; און זאָגאַר דאַן האָב איך אויך אויסגעקליבען דעם אונבעקוועמסטען אָרט אויף די הויז־טרעפּ.

רבונו של עולם, וואָס פֿאַר אַ חיות דאָס איז געווען, זיך אָבצורוהען! כ'האָב זיך אָבגעווישט דעם שוויים פֿון געזיכט און טיעף אויפֿגעאָטהעמט. בין איך דאָס אַביסעל געלאָפֿען! אָבער איך האָב קיין חרטה ניט געהאַט דערויף, ס'איז געווען כשר פֿערדיענט. ווי האָב איך גאָר געקענט טראַכטען דערפֿון, צו וועלען האָבען אַ קראָנע? אַצונד האָב איך דער־ועהן די פֿאָלגען! און מיט אַ מילדען טאָן האָב איך זיך אָנגעהויבען אויס'מוסר'ן אַזוי ווי אַ מוטער וואָלט עס געטהאָן. כ'בין אַלץ ריהרענדער געוואָרען, און מיעד און אָהן כחות האָב איך אָנגעהויבען וויינען. אַ שטיל, אינעווייניג געוויין, אַן אינערליכעס שלוכצען אָהן טרעהרען.

אַ פֿערטעל שעה אָדער מעהר בין איך געזעסען אויף דעם זעלבען אָרט. מענשען זיינען צוגעקומען און פֿערביגעגאַנגען, אָבער קיינער האָט מיך ניט געטשעפּעט. דאָ און דאָרט האָבען זיך געשפּיעלט קליינע קינדער; אויף דער אַנדער זייט אין גאַס אויף אַ בוים האָט געזונגען אַ יונגער פֿויגעל.

אַ פּאָליציי־מאַן קומט צו מיר צו.

„פֿאַרוואָס זיצט איהר דאָ?" האָט ער געפֿרעגט.

„פֿאַרוואָס איך זיץ דאָ? פֿאַר פֿערגניגען."

„אַ האַלבע שעה האָב איך אויף אייך אַן אויג," האָט ער געזאָגט, „איהר זיצט שוין דאָ אַ האַלבע שעה."

„אונגעפעהר! האָט איהר נאָך וואָס צו זאָגען?" דערביי האָב איך זיך אויפגעהויבען און מיט פערדרוס בין איך אַוועק ווייטער.

צוקומענדיג צום סקווער בין איך געבליבען שטעהן און האָב אַרונ־טערגעקוקט די גאַס. פאַר פערגניגען! אָט דאָס איז אַביסעל אַן ענטפער געווען! פאַר מיעדקייט! האָסט דו געזאָלט זאָגען, אי דאָס מיט אַ וויינענדיגער שטימע — דו ביסט אַ בהמה, וועסט זיך קיינמאָל ניט אויסלערנען ריידען ווי אַ צבוע׳יאַק, קיינמאָל ניט! — פון מאַטקייט! און דערביי האָסט דו געדאַרפט קייכען אַזוי ווי אַ פערד.

אַז איך בין צוגעקומען צו דער פייער-וואַך, בין איך שטעהן געבליבען. אַ נייער איינפאַל. כ׳האָב צוגעקנאַקט מיט די פינגער, זיך צולאַכט הויך אויף׳ן קול, אַז אַלע פערבייגעהער האָבען זיך אָבגעשטעלט קוקען אויף מיר מיט ערשטוינונג, און דערנאָך האָב איך געזאָגט: ניין, אַצונד געהסט דו טאַקי באמת אַרויס צו פאַסטאָר לעוויאָן. דאָס מוזט דו ווירקליך טהאָן. יאָ, נור אויף פראָבע. וואָס האָסט דו דען צו פערלירען? ס׳איז דאָך אַזאַ שעהנעס וועטער.

כ׳בין אַריין אין פאַשאַ׳ם בוכהאַנדלונג, כ׳האָב אויפגעזוכט פאַסטאָר לעוויאָן׳ס אַדרעס אין אַדרעס־קאַלענדאַר און זיך אַוועקגעלאָזט אַהין. אַצונד געהט עס! האָב איך געזאָגט. נאָר קיין דומהייטען איצט! געוויסען, זאָגסט דו? ווייס איך וואָס פאַר אַן אונזין; דו ביסט צו אָרים, זיך צו האַלטען אָן געוויסען. דו ביסט אויסגעהונגערט, קומסט מיט אַ וויכטיגע בקשה, דאָס סאַמע ערשטע, וואָס איז אַם נייטיגסטען. אָבער דו מוזט אָנבויגען דעם קאָפ אָן אַ זייט און צופאַסען אַ ניגון צו דיינע ווערטער. דאָס ווילסט דו ניט? ווי? דאַן גיב איך ניט אַ טראָט ווייטער, זאָלסט עס נור וויסען. אַלזאָ כסדר: דו געפינסט זיך אין אַ צושטאַנד פון קאַמפף, ראַנגעלסט זיך ביינאַכט מיט די כוחות פון פינסטערניש און מיט גרויסע, שטומע טייוואָלים, אַז ס׳איז איינפאַך אַ גרויל ; דו הונגערסט און דורשסט נאָך ווייַן און מילך, און דו קריגסט גאָרנישט. אַזוי ווייט האַלט עס מיט דיר. אַצונד שטעהסט דו דאָ און דו האָסט מעהר קיין בוימעל ניט אין דיין לאָמפ. אָבער דערפאַר גלויבסט דו אין זיין חסד, אין זיין גנאָד, געלויבט איז גאָט, דו האָסט דעם גלויבען נאָך ניט פערלאָרען! און דאַן מוזט דו די הענד צונויפלייגען און אויסזעהן ווי אַ שוואַרץ יאָהר, אַקוראַט ווי דו וואָלסט טאַקי געהאָפט אויף גאָט׳ס גנאָד. וואָס איז שייך צום מאַמאָן, האָסט דו איהם פיינט בתכלית השנאה, אין סיי וואָס פאַר אַ פאָרם ער זאָל ניט זיין; עפּעס אַנדערש איז מיט אַ געבעט־בוך, אַ זכר, אַן עראינערונג אויף אַ פאָר קראָנען... איך

בין געשטאַנען ביים פּאַסטאָר'ס טהיר און האָב געלייענט: „ביורא־צייט פון 12 ביז 4."

אַצונד קיין קינדערייען! האָב איך זיך אָבגערופען; איצט ווערט מען ערנסט! אָט אַזוי, — דעם קאָפּ אַראָב — נאָך אַביסעל... און דאַן האָב איך אָנגעקלונגען אין דער פאַמיליען-וואוינונג.

„כ'וואָלט געוואָלט ריידען מיט דעם הערר פּאַסטאָר," האָב איך געזאָגט צום מיידעל; אָבער ס'איז מיר אונמעגליך געווען צוצולייגען גאָט'ס נאָמען דערצו.

„ער איז אַרויסגעגאַנגען," האָט זי געענטפערט.

אַרויסגעגאַנגען! אַרויסגעגאַנגען! דאָס האָט מיין גאַנצען פּלאַן צו נישט געמאַכט, פערוואָרפען אַלצדינג, וואָס איך האָב געהאַט בדעה צו זאָגען. וואָס האָט מיר אַלזאָ גענוצט אָט דער לאַנגער וועג? און אָט בין איך אַזוי געשטאַנען דאָ.

„ס'איז עפּעס נייטיגעס?" האָט דאָס מיידעל געפרעגט.

„חלילה!" האָב איך געענטפערט, „אויף קיין פאַל ניט! ס'איז נור אַזוי אַ הערליכעס גנאַדען־וועטער, בין איך אַרויסגעקומען צו איהם צו גאַסט."

דאָ בין איך געשטאַנען און דאָרט איז זי געשטאַנען. כ'האָב אומישנע אויסגעשטרעקט די ברוסט, כדי איהר אויפמערקזאַם צו מאַכען אויף דער שפּילקע, מיט וואָס מיין ראָק איז געווען פערשפּילעט; מיט די אויגען האָב איך זיך ביי איהר געבעטען, זי זאָל זעהן, נאָך וואָס איך בין געקומען; אָבער די אָרעמע האָט גאָרנישט בעגריפען.

אַ הערליכעס גנאַדען־וועטער, יאָ, יאָ. די פרוי פּאַסטאָרין, הייסט עס, איז אויך ניטאָ אין דערהיים?

יאָ, אָבער זי האָט אַ פוס-לייסונג, ליגט אויף'ן קאַנאַפּע און קען זיך ניט ריהרען... צי וויל איך ניט אָנזאָגען עפּעס דעם פּאַסטאָר?

ניין. כ'מאַך אָפּט אַזעלכע שפּאַציר-גענג, כדי צו האָבען אַביסעל בעוועגונג. ס'איז אַזוי געזונד נאָך'ן עסען.

כ'האָב זיך אומגעקעהרט צוריק. צו וואָס טויג נאָך ווייטער פּלוי־דערן? אחוץ דעם האָט מיר אָנגעהויבען שווינדלען אין קאָפּ; ס'האָט ניט געפעהלט קיין סך, און איך וואָלט טאַקי אויף צו'ן אמת'ן געפאַלען פון די פיס. ביורא־שטונדען פון 12 ביז 4; כ'האָב אָנגעקלאַפּט מיט אַ שעה שפּעטער ווי ס'שטעהט געשריבען, — די צייט פון גנאָד איז אַריבער! —

אויף׳ן סטאָרטאָרוו האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף איינע פֿון די בענק ביי דער קירכע. אום גאָטעס ווילען, ווי פֿינסטער, ווי קלעגליך עס זעהט אוים פֿאַר מיר! כ׳האָב ניט געוויינט, איך בין צו מיעד געווען; פֿערמאַטערט, אויסגעמוטשעט ביז גאָר בין איך דאָ געזעסען, כ׳האָב זיך גאָרנישט פֿאָרגענומען טהאָן, כ׳האָב זיך פֿון אָרט נישט געריהרט, כ׳בין געווען אייסגעהונגערט. כ׳האָב אודאי געהאַט אַן ענטצינדונג אין דער ברוסט, ס׳האָט אַזוי שמערצליך געברענט דאָרט אינעווייניג. דאָס קייען פֿון׳ם שפּענדעל האָט שוין אויך ניט געהאָלפֿען; מיינע צייהן זיינען מיעד געוואָרען פֿון דער אומזיסטער אַרבייט, און איך האָב זיי געלאָזט צורוה. כ׳האָב זיך אונטער־געגעבען. אַחוץ דעם האָט אַ שטיק ברוינע אַפּעלסין-שאָלאַכץ, וואָס איך האָב געפֿונען אויף דער גאַס און תיכף גענומען אויסנאָגען, מיר פֿערשאַפֿט אַן איבעלקייט. איך בין געווען קראַנק; די פּולס־אָדערן זיינען געלעגען בלויז אָנגעשוואָלען אויף מיינע הענד.

אויף וואָס וואַרט איך נאָך אייגענטליך? אַ גאַנצען טאָג בין איך אַרומגעלאָפֿען זוכען אַ קראָנע, כדי צו קענען דערהאַלטען מיין לעבען אַ שעה לענגער. צי איז דען אין גרונד גענומען ניט אַלץ איינס, אויב דאָס אונפֿערמיידליכע וועט קומען אַ טאָג פֿריהער אָדער שפּעטער? וואָלט איך זיך געוואָלט אויפֿפֿיהרען ווי אַן אָרענטליכער מענש, דאַן וואָלט איך שוין לאַנג אַוועק אַהיים, כ׳וואָלט זיך אַנידערגעלייגט רוהיג און זיך איבערגעלאָזט ביים שיקזאַל אין די הענד. מיינע געדאַנקען זיינען אין דער רגע געווען גאַנץ קלאָהר. אַצונד וואָלט איך געוואָלט שטאַרבען, ס׳איז הערבסט־צייט, און אַלצדינג איז פֿערזונקען אין שלאָף. איך האָב שוין יעדעס מיטעל איבערגעטהאָן, יעדען הילפֿס-קוואַל אויסגעשעפּט. כ׳האָב זיך סענטימענטאַל פֿערטיעפֿט אין די דאָזיגע געדאַנקען, און יעדעס מאָל, ווען איך האָב ווידער געהאָפֿט אויף אַ מעגליכקייט געראַטעוועט צו ווערען, האָב איך זיך אַליין צוגעשעפּטשעט: דו נאַר איינער, דו האָסט דאָך שוין אָנגעהויבען שטאַרבען! כ׳מוז נאָך אַפֿריהער אַ פּאָר בריעף אָנשרייבען, אַלץ פֿאַרטיג מאַכען, זיך אַליין האַלטען גרייט. כ׳וועל זיך גוט אַרומוואַשען און מיין בעט זויבער און פֿיין אויסבעטען; צוקאָפּענס וועל איך זיך אונטערלייגען די ווייסע בויגענס פּאַפּיר, דאָס ריינסטע וואָס איך פֿערמאָג, און די גרינע קאָלדרע קען איך...

די גרינע קאָלדרע! מיט אַמאָל בין איך ווידער געווען אויף, דאָס בלוט איז מיר אַרויף אין קאָפּ און איך האָב געקראָגען שטאַרקע האַרץ־קלאַפּעניש. כ׳הויב זיך אויף פֿון באַנק און געה און ווייטער; דאָס לעבען ריהרט זיך פֿון דאָס ניי אין אַלע גליעדער, און אָהן אויפֿהער ווידערהאָל איך די אָבגעריסענע

ווערטער: די גרינע קאָלדרע! די גרינע קאָלדרע! כ'געה אַלץ שנעלער און שנעלער, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געדאַרפט וואָס עס איז אָניאָגען, און אין עטליכע אויגענבליקען בין איך ווידער אין דערהיים אין מיין באָרנעריי.

זיך ניט אָבשטעלענדיג אויף אַ רגע אפילו, געה איך גלייך צו צום בעט אין דרעה צונויף האַנז פּאולי'ס קאָלדרע. ס'וואָלט דאָך ווירקליך געווען מערקווירדיג, ווען מיין גוטער איינפאַל זאָל מיך דאָס מאָל ניט ראַטעווען! מכח די נאַרישע מחשבות, וועלכע האָבען זיך גענומען אָברופען אין מיר, די שטילע אינערע שטימע, וועלכע האָט גערעדט צו מיר פון אַ געוויסען בראַנדמאַרק, וועגען דעם ערשטען שוואַרצען פלעק אייף מיין עהרע — דערפון האָב איך זיך ווייניג וואָס געמאַכט; דאָס איז מיר געווען לחלוטין אַלצאיינס. כ'בין ניט געווען קיין הייליגער, קיין טוגענד־אידיאָט, כ'האָב מיין פערשטאַנד נאָך...

און איך האָב גענומען די קאָלדרע אונטערן אָרים און בין אַוועק אין דער סטערנסגאַדע נומער 5.

דאָרט האָב איך אָנגעקלאַפּט און בין אַריין אין גרויסען, פרעמדען זאַאַל, צום ערשטען מאָל; דאָס גלעקעל אויף דער טהיר האָט שעהנע עטליכע מאָל פערצווייפעלט געקלונגען איבער מיין קאָפּ. פון אַ זייטיגען צימער איז אַרויסגעקומען אַ מאַן, וואָס האָט אַ פולען מויל מיט עסען און קייט; ער איז צוגעגאַנגען צום קלייט־טיש.

„כ'בעט אייך, גיט מיר אַ האַלבע קראָנע אויף מיינע ברילען!" האָב איך געזאָגט, „אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך זיי בעשטימט ווידער אויסלייזען."

„ווי? ניין, דאָס זיינען דאָך שטאָלענע ברילען."

„יאָ."

„דערויף קען איך גאָרנישט געבען."

„אַך ניין, דאָס קענט איהר טאַקי ניט! אייגענטליך איז דאָס נור געווען אויף קאַטאָוועס. אָט דאָ האָב איך אַ קאָלדרע, וועלכע נוצט מיר מעהר ניט, און איך האָב גערעכענט, אַז איהר וואָלט זי ביי מיר געקענט צונעהמען."

„לײדער האָב איך אַ גאַנצען סקלאַד מיט בעט־נעוואַנד," האָט ער געענטפערט, און אַז איך האָב זי אויפגעעפענט, האָט ער אויף איהר נעוואָרפען איין איינציגען בליק און געזאָגט:

„ניין, ענטשולדיגט, די קען איך אויך ניט נעהמען!"

„כ'האָב אייך צוערשט געוואָלט ווייזען די שלעכטע זייט," האָב איך זיך אָבגערופען, „אויף דער אַנדער זייט איז זי פיעל בעסער."

„יאָ, יאָ, אָבער דאָס העלפֿט אויך גאָרנישט, כ'וויל זי ניט, און קיין מענש וועט אייך דערפֿאַר קיין צעהן ערע אפילו ניט געבען."

„דאָס איז אמת, פֿיעל איז זי ניט ווערטה, אָבער איך האָב געמיינט זי וואָלט געקענט פֿיליכט צוזאַמען מיט אַן אַנדער אַלטע קאָלדרע פֿערקויפֿט ווערן ביי אויקציאָן."

„מעגליך, אָבער ס'נוצט אייך גאָרנישט."

„25 ערע?" האָב איך געפֿרעגט.

„ניין, איך וויל זי ניט, מענש, כ'וויל זי ביי מיר אין שטוב ניט האָבען."

כ'האָב גענומען מיין קאָלדרע ווידער אונטערן אָרים און בין אַוועק אַהיים.

כ'האָב זיך געמאַכט כלא ידע, אַקוראַט ווי עס וואָלט גאָרנישט געשעהן, די קאָלדרע ווידער אויסגעשפרייט איבער'ן בעט, זי אויסגעגלייכט, ווי מיין שטייגער איז געווען צו טהאָן, און איך האָב פרובירט אָבווישען יעטוועדע שפור פֿון מיין לעצטער טהאַט. אין דער רגע, וואָס איך האָב בעשלאָסען אָבצוטהאָן די דאָזיגע קינדעריי, האָב איך באין אופֿן ניט געקענט זיין ביים קלאָרען פֿערשטאַנד; וואָס מעהר איך האָב זיך פֿערטראַכט דעריבער, אַלץ מורא'דיגער איז עס מיר פֿאָרגעקומען. אַן אָנפֿאַל פֿון שוואַכקייט, אַ שלאַפֿקייט ביי מיר אינעווייניג האָט מיך אודאי געמוזט אַ פּאַק טהאָן. קוים האָב איך זיך נאָר אַריינגעדרעהט אין דעם דאָזיגען נעץ, האָט מיר שוין דאָס האַרץ געזאָגט, אַז עס וועט דערפֿון קיין גוטס ניט אַרויסקומען, און דעריבער מאַקי האָב איך אַפֿריהער זיך געפרואוווט מיט די ברילען. און עס האָט מיר הנאה געטהאָן וואָס איך האָב ניט געפֿונען קיין געלעגענהייט צו בעגעהן דאָס דאָזיגע פֿערברעכען, וואָס וואָלט בעפֿלעקט די לעצטע שטונדען פֿון מיין לעבען.

און ווידער אַמאָל בין איך אַרויס אין שטאָדט.

כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק לעבען דער ערלעזער־קירכע, דעם קאָפּ אָנגעבויגען איבער דער ברוסט, כ'בין אָבגעשוואַכט געוואָרען דורך דער לעצטער אויפֿרעגונג, קראַנק און אויסגעמאָרעט בין איך געווען פֿון הונגער. אַזוי איז זיך די צייט אַריבער.

אויך אָט די איין שטונדע האָט זיך מיר געוואָלט בלייבען אויף דרויסען; ס'איז דאָ ליכטיגער געווען איידער אין שטוב; אחוץ דעם האָט זיך מיר געדוכט, עפּעס אַזוי ווי ס'וואָלט ניט גענאָגט אַזוי שטאַרק ביי מיר אין דער ברוסט בשעת איך געפֿין זיך אין דער פֿרישער לופֿט; נישקשה, כ'וועל גאָרנישט פֿערשפעטיגען אין דערהיים.

און איך האָב געטרוימט און געטראַכט און געליטען מורא'דיג. כ'האָב גענומען אַ קליינעם שטיין, איהם אַרומגעווישט מיט די אַרבעל פֿון מיין ראָק און איהם אַריינגעלייגט אין מויל, אום צו האָבען עטוואָס צו קייען; ווייטער האָב איך זיך פֿון אָרט ניט גערוהרט, מיט די אויגען אפילו ניט אַ פינטעל געטהאָן. די מענשען זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, דער רעש פֿון פֿערד און וועגען און אַ מיש־מאַש פֿון שטימען האָבען אָנגעפֿילט די לופֿט.

מיט די קנעפ וואָלט איך זיך אפשר פֿאָרט געקענט אַ פרואוו טהאָן? נאַטירליך ועט זיין אומזיסט דער גאַנג, און אויסערדעם בין איך גוט קראַנק. אַז איך האָב זיך איבערלייגט, האָב איך איינגעזעהן, אַז סיי ווי סיי מוז איך צוריק־צו־וועגס אַהיים פֿערבייגעהן די געגענד, וואו דער „פֿעטער" וואוינט — מיין אייגענטליכער „פֿעטער". —

ענדליך בין איך אויפֿגעשטאַנען און האָב זיך לאַנגזאַם געשלעפּט איבער די גאַסען. ס'האָט מיר געברענט איבער די ברעמען, און איך בין געגאַנגען אַזוי שנעל ווי איך האָב נור געקענט. ווידער אַמאָל בין איך פֿערבייגעגאַנגען די בעקעריי, וואו ס'איז געלעגען דאָס ברויט אין פֿענסטער. נאַ, איצט אָבער בלייבען מיר ניט שטעהן דאָ, האָב איך געזאָגט מיט פֿעסטער ענטשלאָסענהייט. ווי וואָלט אַשטייגער געווען, ווען איך געה אַריין אינעווייניג אויסבעטלען אַ שטיקעל ברויט? אַ דורכפֿליהענדער געדאַנק, אַ מחשבה ווי אַ בליץ. אין דער אמת'ן איז דאָס מיר גאָרנישט אַרויף אויף'ן זינען אפילו. פֿע! האָב איך אַ שעפּטשע געטהאָן און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דאַן בין איך אַוועק ווייטער.

אין רעבסלאַגער־גאַנג זיינען געשטאַנען צוויי פֿערליעבטע אין אַ הויז־טהיר און האָבען זיך געשושקעט; אַביסעל ווייטער האָט אַ מיידעל אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך'ן פֿענסטער. איך בין געגאַנגען לאַנגזאַם און פֿערטראַכט, ס'האָט אויסגעזעהן עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט זיך געגריבעלט איבער וואָס עס איז — דאָס מיידעל איז אַרויסגעקומען אין גאַס. —

„וואָס מאַכסט דו עפּעס, אַלטער? וואָס? ביסט קראַנק? זאָל מיר גאָט שומר ומציל זיין, וואָס פֿאַר אַ פנים!" און דאָס זאָגענדיג איז דאָס מיידעל אויף גיך אַנטלאָפֿען געוואָרען.

אָבער איך בין געבליבען שטעהן. אָט אַפנים איך מוז זיין זעהר מאָגער. און די אויגען לאָזען זיך געהן צוריק אין קאָפּ אַריין. ווי זעה איך פֿאָרט אויס? דאָס איז דאָך אָבער דער שוואַרץ יאָהר ווייסט וואָס פֿאַר אַן אונזין, לעבעדיגערהייט אַזוי אָבגעשווינדען צו ווערן פֿון הונגער! כ'האָב

געפֿיהלט, ווי דער צאָרן צוברענט זיך נאָך אַמאָל אין מיר, דער לעצטער פֿלאַקער, אַ מוסקעל־קראַמפּף. זאָל גאָט אָבהיטען, אַזאַ געזיכט, ווי? כ׳האָב, דוכט זיך, געהאַט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס, וואָס האָט ניט געהאַט זיינס גלייכען אין גאַנצען לאַנד, אַ פּאָר פֿויסטען, וועלכע — זאָל מיך גאָט ניט שטראָפֿען פֿאַר די רייד — וואָלטען געקענט צומאָלען אַ סאָלדאַט אויף שטויב — און דערמיט פּעכניע איך פֿאַר הונגער אין רעכטען מיטען קריסטיאַניאַ! וואָס פֿאַר אַ שכל שטעקט דאָ דערין? טאָג און נאַכט האָב איך געאַרבייט ווי אַ פֿערד, כ׳האָב מיר די אויגען פֿון קאָפּ אַרויסגענומען שטודירענדיג און דעם פֿערשטאַנד פֿון קאָפּ אויסגעהונגערט — און וואָס צו׳ן אַלדע שוואַרץ יאָהר האָב איך פֿאָ־ט דערפֿון? די גאַסען־פֿרויען אפילו אַנטלויפֿען פֿאַר מיין אָנבליק. איצט אָבער זאָג איך סטאָפּ! — דו פֿערשטעהסט? — סטאָפּ, כאַפּט מיך דער רוח. . .

וואָס ווייטער איז מיין צאָרן אַלץ געוואַקסען; מיט אַ צייהן־קריצעריי און מיט אַ געפֿיהל פֿון מורא׳דיגער מאַטקייט, אונטער טרעהרען און קללות, האָב איך אַלץ ווייטער געליאַרמט, זיך ניט אומקוקענדיג אויף די פֿערבייגעהר. כ׳האָב פֿון דאָס ניי אָנגעהויבען זיך פּייניגען, זיך געשלאָגען מיט׳ן קאָפּ אָן די סלופּעס פֿון די לאַמטערנעס, זיך איינגעגראָבען מיט די נעגעל טיעף אין די הענד, זיך געביסען די צונג, ווען זי האָט ניט גערעדט דייטליך גענוג, און זיך צולאַכט הויך אויף׳ן קול ווי אַ פֿערריקטער יעדעס מאָל, ווען עס האָט שטאַרק וועה געטהאָן.

„יאָ, אָבער וואָס הויבט מען אָן צו טהאָן?" האָב איך זיך ענדליך געפֿרעגט. דערביי גיב איך אַ פּאָר מאָל אַ קלאַפּ מיט׳ן פֿוס אָן דר׳ערד און ווידערהאָל: וואָס הויבט מען פֿאָרט אָן צו טהאָן?

אין דער רגע געהט פֿערביי אַ מאַן און בעמערקט מיט אַ שמייכעל: „געהט אַריבער און לאָזט זיך איינשפּאַרען."

כ׳האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהם. ס׳איז געווען איינער פֿון אונזערע בעקאַנטע דאַמען־דאָקטוירים, וועמען מען האָט גערופֿען דער „הערצאָג". ניט אַמאָל אָט דער דאָ פֿערשטעהט זיך אויף מיין צושטאַנד, אַ מאַן, וועמען איך קען, וועמעס האַנד איך האָב געדריקט. כ׳בין געוואָרען רוהיג. יאָ, איך בין פֿערריקט, ער איז גערעכט. כ׳האָב געפֿיהלט די משוגעת, דעם וואַהנזין ביי מיר אין בלוט, כ׳האָב געפֿיהלט ווי ער יאָגט זיך ביי מיר אין מוח. אָט דאָס, הייסט עס, זאָל זיין מיין סוף! יאָ, יאָ! כ׳האָב ווידער גענומען געהן מיין לאַנגזאַמען, טרויעריגען גאַנג! ביי דעם ברעג אַלזאָ בלייב איך, הייסט עס, שטעהן!

מיט אַמאָל שטעל איך זיך ווידער אָב. אָבער ניט איינשפּאַרען! זאָג איך, דאָס ניט! און איך בין כמעט הייזעריג געוואָרען פֿאַר פּחד. כ'האָב זיך געבעטען, געבעטען רחמים, נור ניט איינגעשפּאַרט צו ווערן. מחמת דאַן וועל איך ווידער קומען אין ראַטהויז, מען וועט מיך איינשפּאַרען אין אַ פֿינסטערן קעמערל, וואו ס'איז ניטאָ קיין מינדסטער שטראַהל פֿון ליכט. נור דאָס ניט! עס זיינען דאָך פֿאַרהאַן נאָך אַנדערע אויסוועגען, מיט וועלכע איך האָב זיך נאָך ניט געפּרואווט. איך וועל זיי פּראָבירען! כ'וועל זיין אַזוי פֿלייסיג ווי נור מעגליך, ניט זשאַלעווען קיין צייט און קיין מיה און אַרומגעהן מיט חשק פֿון הויז צו הויז. אָט איז, למשל, דער מוזיק-הענדלער ציזלער, ביי וועמען איך בין נאָך גאָרניט געווען. נישקשה, ס'וועט זיך מוזען עפּעס מאַכען... אַזוי האָב איך גערעדט צו זיך אַליין און כמעט געוויינט פֿאַר געריהרטקייט איבער מיינע אייגענע ווערטער. נור ניט איינגעשפּאַרט ווערן!

ציזלער? איז דאָס ניט אַקאָרשט אַן אצבע אלהים, אַן אָנדייטונג מיט'ן פֿינגער פֿון אויבען. זיין נאָמען איז מיר אַזוי סתם אין דער וועלט אַריין איינגעפֿאַלען, און וואוינען וואוינט ער אַזוי וויט; אָבער אויפֿזוכען מוז איך איהם דאָך; כ'קען דאָך געהן פּאַמעליך און זיך דאָ און דאָרט אָבּרוהען אַ ווייל. דעם וועג האָב איך געקענט, אין די גוטע צייטען בין איך אָפֿט ביי איהם געווען און האָב פֿיעל נאָטען ביי איהם געקויפֿט. זאָל איך ביי איהם בעטען אַ האַלבע קראָנע? דאָס וועט אפשר זיין אונאַנגענעהם פֿאַר איהם; כ'וועל שוין מוזען פֿערלאַנגען אַ גאַנצע קראָנע.

כ'בין אַריין אין קלייט און האָב זיך נאָכגעפֿרעגט אויף'ן שעף; מען האָט מיר אָנגעוויזען אין זיין ביורא. דאָרט איז דער מאַן געזעסען, עלעגאַנט פֿערפּוצט נאָך דער נייעסטער מאָדע, און האָט דורכגעקוקט חשבונות.

כ'האָב אַרויסגעשטאַמעלט עפּעס אַן ענטשולדיגונג און פֿאָרגעלייגט מיין בקשה. דורך נויטה געצוואונגען זיך ווענדען צו איהם... כ'וועל עס גאָר אין גיכען צוריק בעצאָהלען... תיכף ווי איך וועל נאָר בעקומען דאָס האָנאָראַר פֿאַר מיין צייטונגס-אַרטיקעל... ער וועט מיר דערמיט טהאָן אַזאַ גרויסע טובה.

נאָך בעת איך האָב גערעדט, האָט ער זיך צוריק אומגעדרעהט מיט'ן פּנים צום שרייב-טיש און האָט זיך געטהאָן ווייטער זיין אַרבייט. אַז איך האָב געענדיגט רידען, האָט ער אַ קרומען קוק געגעבען אויף מיר, אַ

שאָקעל געטהאָן מיט'ן שעהנעם קאָפּ און געזאָגט „ניין". בלויז ניין. קיין שום ערקלעהרונג. קיין וואָרט.

מיינע קניע האָבען זיך מורא'דיג געטרייסעלט, כ'האָב זיך געמוזט אָנשפּאַרען אָן דער קליינער שאַפּע, וואָס איז דאָרט געשטאַנען. כ'האָב געוואָלט זיך פּרואווען נאָך אַמאָל. פאַרוואָס איז מיר גראָד זיין נאָמען אַרויפגעקומען אויף'ן זינען, בשעת איך בין געווען אונטען אין פאַטער־לאַנד? כ'האָב דערשפּירט אַ פּאָר שטעך אין דער לינקער זייט און אָנגעהויבען שוויצען. הם! איך בין ווירקליך זעהר פערקאָרימט, האָב איך זיך אָבגערופען, און ליידער אויך היבשלאַך קראַנק; כ'וועל עס געווים קענען אָבצאָהלען אין אַ פּאָר טעג אַרום. צי ער וויל ניט זיין אַזוי גוט און מיר עס אַנטלייהען?

„בעסטער מאַן, פאַרוואָס קומט איהר עפּעס גראָד צו מיר?" האָט ער געזאָגט. „איהר זייט מיר אַ פאָלשטענדיגער אונבעקאַנטער אַריינגע־לאָפען פון דער גאַס. געהט בעסער אין דער רעדאַקציע, וואו מען קען אייך."

„נור פאַר היינט אָוועגד!" האָב איך געזאָגט. „די רעדאַקציע איז שוין צוגעמאַכט און איך בין אַזוי מורא'דיג הונגעריג."

ער האָט אַלץ כסדר געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, האָט איהם ניט אויפ־געהערט שאָקלען זאָגאַר, ווען איך האָב שוין געהאַלטען די האַנד אויף דער קליאַמקע.

„אַדיע!" האָב איך געזאָגט.

ס'איז אַלזאָ ניט קיין אצבע אלהים, ניט קיין וויז מיט'ן פינגער פון אויבען, האָב איך זיך געטראַכט און ביטער געשמייכעלט; אַזוי הויך וואָלט איך אויך געקענט אָנווייזען, אַז עס האַלט שוין יאָ דערביי. כ'האָב זיך אַרומגעשלעפּט פון איין קוואַרטאַל אין אַנדערן און האָב זיך אָבגע־רוהט נור וואו ניט וואו ערגעץ אויף די טרעפּ פון אַ הויז. אַז איך זאָל כאָטש ניט איינגעשפּאַרט ווערן! דער פּחד פאַר'ן קעמערל האָט מיך פערפאָלגט די גאַנצע צייט און מיך ניט צורוה געלאָזט; יעדעסמאָל וואָס איך האָב דערזעהן אַ פּאָליציי־מאַן, האָב איך זיך פער'גנב'עט אין אַ זייטען־געסעל, כדי זיך מיט איהם ניט צו בעגעגנען. אַצונד צייהלען מיר איבער הונדערט טריט, האָב איך געזאָגט, און דאַן וועלען מיר פּרו־בירען אונזער מזל פון דאָס ניי! איינמאָל מוז זיך דאָך וואָס עס איז מאַכען...

ס'איז געווען אַ קליינעם פאָדים־געשעפּט, אַ קלייט, וואו איך האָב פריהער קיינמאָל ניט אַריינגעטראָטען. איין איינציגער מאַן הינטער דעם

פּערקויף־טיש, אין עק אַ קאָנטאָר מיט אַ פּאָרצעלייענעם שילד, פּול־געפּאַקטע פּאַליצעס און ברעטער אין לאַנגע שורות, כ'האָב געוואַרט ביז וואַגען די לעצטע קונדין איז אַרויס פֿון קלייט, אַ יונגע דאַמע מיט חן־גריבעלאַך אין די באַקען. ווי גליקליך זי האָט עס אַביסעל אויסגעזעהן! איך מיט מיין שפּילקע אין ראָק האָב אפילו ניט פּרובירט מאַכען אַ רושם אויף איהר, נאָר איך האָב זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט, און די ברוסט האָט זיך מיר געהויבען אין שטילען שלוכצען.

„ווינשט איהר וואָס עס איז?" האָט אַ פֿרעג געטהאָן דער קאָמי.

„איז דער שעף דאָ?" האָב איך געזאָגט.

„ער מאַכט אַ רייזע אויף די בערג פֿון יאָטונהעימין," האָט ער גע־ענטפֿערט. „דאַרפֿט איהר האָבען וואָס בעזאָנדערס?"

„נאָר אַ פּאָר ערע, אויף עפּעס עסען צו קויפֿען," האָב איך זיך אָבגערופֿען און פּרובירט שמייכלען, „ס'הונגערט מיך, און איך האָב קיין העלער ניט ביי דער נשמה."

„דאַן זייט איהר פּונקט אַזוי רייך ווי איך," האָט ער געענטפֿערט און זיך גענומען צו זיינע פּעקלאַך פֿאָדים.

„אָה, זאָגט מיר ניט אָב — טהוט עס ניט!" האָב איך געזאָגט און איך האָב געפֿיהלט ווי מיין קערפּער איז געוואָרען אייז־קאַלט. „כ'בין ווירקליך כמעט טויט פֿאַר הונגער; זייט פֿיעלע טעג האָב איך אין מויל ניט געהאַט."

אין גרעסטער ערנסטקייט, ניט אויסריידענדיג קיין האַלבען וואָרט, האָט ער אָנגעהויבען אויסקעהרען די קעשענעס זיינע איינע נאָך דער אַנדערער. צי איך גלויב איהם ניט אויף'ן וואָרט, ווי?

„בלויז פֿינף ערע? אין אַ פּאָר טאָג אַרום וועל איך אייך דערפֿאַר אָבגעבען צעהן."

„ליעבער מאַן, איהר ווילט אפשר, איך זאָל פֿון אייערט וועגען גנב'ענען פֿון דער קאַסע?" האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן מיט אונגעדולד.

„יאָ," האָב איך געזאָגט, „יאָ, נעהמט אַרויס פֿינף ערע פֿון דער קאַסע."

„האָט איהר ניט געטראָפֿען דעם אָרט," מאַכט ער, און טאַקי באַלד לייגט ער נאָך צו עטליכע ווערטער: „און אגב אורחא וויל איך אייך זאָגען, אַז איהר זאָלט מיר אויפֿהערען דולען אַ קאָפּ."

קראַנק פֿאַר הונגער און היים פֿאַר שאַנדע, האָב איך זיך אַרויסגע־מאַכט פֿון קלייט. צוליעב אַ פֿאַרשיווען ביין בין איך געוואָרען אַ הונד און דעם ביין האָב איך פֿאָרט ניט געקראָגען. ניין, ס'מוז איין מאָל פֿאַר

אַלע מאָל נעהמען אַ סוף! ס'איז ווירקליך צו וויט אַוועק מיט מיר. אַזוי פיעל יאָהרען האָב איך זיך געהאַלטען אויף די פיס, כ'בין געשטאַנען פעסט און גלייך און איבערגעקומען אַזוי פיעל שווערע צייטען, און אַצונד בין איך פלוצלינג אַראָבגעזונקען צו ברוטאַלער בעטלעריי. אָט דער איינער טאָג האָט מיין גאַנצען געדאַנקען-גאַנג פערגרעבט, מיין זינן מיט פרעכ-היים, מיט עזות בעשמוצט. כ'האָב זיך ניט געשעהמט צו מאַכען אַ רחמנות-פנים און פאַר דעם געמיינסטען קרעמער צו וויינען. און וואָס איז מיר דערפון אַרויסגעקומען? פעהלט מיר דען אַלץ ניט דאָס רייפטעל ברויט, וואָס איך וואָלט געקענט אַריינגעהמען אין מויל? כ'בין אַזוי וויט געקומען, אַז איך מוז זיך עקלען פאַר זיך אַליין. יאָ, יאָ, אַצונד זאָל עס נעהמען אַ סוף! איצט פערמאַכט מען שוין מן הסתם די הויז-טהיר ביי אונז, און איך מוז זיך צואיילען, אויב איך וויל ניט ווידער אַמאָל פער-בריינגען די נאַכט אין ראַטהויז...

דאָס האָט מיר געגעבען כח צו שפאַנען; אין ראַטהויז האָב איך ניט געוואָלט שלאָפען. גאָט צו דאַנקען, אויף דעם ערלעזער-טהורם איז ערשט געווען זיבען אַזייגער; כ'האָב נאָך געהאַט גאַנצע דריי שטונדען, ביז וואַנען די טהיר האָט זיך צוגעמאַכט. ווי איך האָב זיך דאָס אַביסעל געשראָקען!

און גאָרנישט, קיין שום זאַך איז ניט געבליבען ניט געפּרואווט, כ'האָב געטהאָן אַלץ, וואָס נור איך האָב געקענט. אַז מיר זאָל ווירקליך אַ גאַנצען טאָג נאָכאַנאַנד קיין איינציג מאָל ניט אָבגליקען! ווען איך זאָל עס ניט דערצעהלען, קיינער וועט עס מיר ניט גלויבען, און אַז איך זאָל עס אַ שטייגער בעשרייבען, וואָלט מען געזאָגט, ס'איז אויסגעטראַכט פון קאָפּ. אויף קיין איינציגען פלאַץ ניט! יאָ, יאָ, ס'איז פערפאַלען; ראשית כל, געזעסען זאָל זיין אויף אַן אָרט, אוים מיט'ן אַרומגעהן! פוי, דאָס איז עקלהאַפט, הערסט דו, מיין פריינד, בנאמנות זאָג איך דיר, דורך דעם ווערסט דו מיר איינפאַך דערווידער; אָנקוקען קען איך דיך מעהר ניט! אַז ס'איז אוים מיט דער האָפנונג, נו איז אוים! וואָלט איך פאָרט ניט געקענט גנב'ענען אַ הויפען האָבער דאָרט אין שטאַל? אַ ליכט-שטראַהל, אַ פלאַקער — כ'האָב געוואוסט, אַז דער שטאַל איז צו-געמאַכט.

כ'האָב זיך אָנגעטהאָן אַ כח און בין אַוועקגעקראָכען ווי אַ שלאַנג אַהיים. מיך האָט אָנגעהויבען דורשטען, צום גליק דאָס ערשטע מאָל אין יענעם טאָג, און איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט זוכען אַ פלאַץ, וואו איך זאָל קענען טרינקען. פון די באַזאַרען בין איך געווען וויט אַוועק, און אין

אַ פריוואַט־הויז האָב איך ניט געוואָלט אַריינגעהן, אפשר וואָלט איך גאָר אויסגעוואַרט ביז איך וועל קומען אַהיים; דאָס קען אין גאַנצען געדויערן נאָך אַ פֿערטעל שעה. ס'איז גאָרניט געזאָגט, אַז איך וועל קענען האַלטען אין זיך אַ טרונק וואַסער; מיין מאָגען האָט מעהר גאָרנישט פֿערטראָגען.

אָבער די קנעפּ? מיט די קנעפּ האָב איך זיך נאָך ניט געפּרואווט. כ'בין שטעהן געבליבען און איך האָב געמוזט אַ שמייכעל טהאָן. אפשר קען מען זיך נאָך פֿאָרט אַן עצה געבען! כ'בין נאָך ניט אין גאַנצען פֿערשאָלטען! צעהן ערע וועל איך אודאי בעקומען פֿאַר זיי, מאָרגען וועל איך ערגעץ אַנדערש דערקאַזשען נאָך צעהן, און דאָנערסטאָג וועל איך קריגען בעצאָהלט פֿאַר מיין צייטונגס־אַרטיקעל! נישקשה, כ'וועל נאָך דערלעבען, אַז אַלעס וועט ווידער אַמאָל גוט ווערן! ווי האָב איך פֿאָרט געקענט אַרויסלאָזען פֿון זינען די קנעפּ! כ'האָב זיי אַרויסגענומען פֿון קעשענע און זיי גענומען בעטראַכטען, געהענדיג ווייטער מיין גאַנג; פֿאַר פֿרייד איז מיר אַזש פֿינסטער געוואָרען אין די אויגען; כ'האָב מעהר די גאַס ניט געזעהן, און וועלכער איך בין געגאַנגען.

ווי גענוי בעקאַנט בין איך דאָס אַביסעל געווען מיט דעם גרויסען קעלער, מיין רעטונגס־ווינקעל, וואו איך פֿלעג זיך אַריינכאַפּען אין די פֿינסטערע אָוועגדען, מיין בלוט־זויגענדער פֿריינד! אַלצדינג וואָס איך האָב גור געהאַט, איז שטיק פֿאַר שטיק פֿערשוואונדען דאָ אונטען, מיינע קליינינגקייטען פֿון דערהיים, מיין לעצט בוך. אין אויקציאָנס־טעג פֿלעג איך אַרונטערגעהן אין קעלער, זיך צוקוקען ווי די זאַכען ווערן אויספֿערקויפֿט, און איך האָב זיך געפֿרעהט יעדעס מאָל, ווען מיר האָט זיך געדוכט, אַז מיינע ביכער זיינען אַריינגעפֿאַלען אין גוטע הענד. שווישפּיע־לער מאַגעלזען האָט געקראָגען מיין זייגער, און דערויף בין איך כמעט שטאָלץ געווען; אַ יאָהר־לוח מיט דער ערשטער פּאָעטישער אַרבייט, וואָס איז אַרויס פֿון מיין פֿעדער, האָט אַ בעקאַנטער געקויפֿט, און מיין אויבער־ראָק האָט זיך אָבגעשטעלט ביי אַ פֿאָטאָגראַף אין ווערק־שטאַט פֿאַר אַזעלכע, וואָס האָבען ניט קיין אויבערשטען בגד מיט וואָס זיך אַראָבצונעהמען. כ'האָב אַלוא געגען דעם גאָרנישט געקענט האָבען.

כ'האָב געהאַלטען די קנעפּ אָנגעגרייט אין האַנד און בין אַריין. דער „פֿעטער" זיצט ביי זיין שרייב־טיש און שרייבט.

„ס'האָט צייט," האָב איך זיך אָבגערופֿען פֿאַר מורא. איך קען איהם נאָך שטערן און איהם חלילה אַריינברייגגען אין כעס דורך מיין ריידען.

מיין קול איז געווען מאָדנע הויהל, כ'האָב איהם אַליין ניט דערקענט, און מיין האַרץ האָט געקלאַפּט אַזוי ווי אַ האַמער.

ער איז מיר געקומען אַנטקעגען מיט אַ שמייכעל, ווי זיין שטיינער איז געווען צו טהאָן, האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענד פלאַך אויף'ן טיש און מיר אַריינגעקוקט גלייך אין געזיכט אַריין, ניט אויסריידענדיג קיין איין וואָרט.

כ'האָב עפּעס און איך וואָלט נור געוואָלט פרעגען, צי ער וואָלט עס ניט געקענט צונעהמען ביי מיר... עפּעס, וואָס ליגט מיר נור אין וועג אין האָט פאַר מיר קיין שום נוצען ניט, קען איך אייך פערזיכערן... עטליכע קנעפּ...

אַלזאָ איז וואָס, וואָס זשע וויל איך פאָרט מיט די קנעפּ? און דערביי איז ער צוגעקומען גאַנץ נאָהענט מיט די אויגען צו מיין האַנד.

צי קען ער מיר דערפאַר ניט געבען אַ פּאָר ערע?... אַזוי פיעל, וויפיעל ער געפינט אַליין פאַר נייטיג... אָט, וויפיעל ער פערשטעהט...

פאַר אָט די קנעפּ? און דער „פעטער" קוקט מיך אָן פערוואונדערט. פאַר די דאָזיגע קנעפּ?...

נור אַזוי פיעל פאַר אַ ציגאַר, אָדער וואָס ער וויל! כ'בין גראָד פערבייגעגאַנגען און איך האָב זיך געטראַכט, לאָמיך אַ פרעג טהאָן.

ראָ האָט זיך דער אַלטער געלד-לייהער צולאַכט אויף'ן קול און ניט אויסריידענדיג מעהר קיין וואָרט, איז ער זיך צוריק אַוועק צו זיין שרייב-טיש. כ'בין געבליבען שטעהן. אייגענטליך האָב איך ניט געהאָפט, און דאָך האָב איך געהאַלטען פאַר מעגליך געהאָלפען צו ווערן. זיין געלעכטער איז געווען מיין טויטעס אורטהייל. מיט די ברילען וועט עס מיר שוין איצט אויך גאָרנישט העלפען.

מיינע ברילען וועל איך נאַטירליך אויך צולייגען אַלס צוגאָב, זעלבסט-פערשטענדליך, האָב איך געזאָגט און זיי אַרונטערגענומען. בלויז צעהן ערע, אָדער אַז ער וויל, זאָל זיין נור פינף.

„איהר ווייסט, אַז אויף אייערע ברילען קען איך גאָרנישט געבען," האָט דער „פעטער" געזאָגט; „דאָס האָב איך אייך דאָך שוין פריהער אַמאָל געזאָגט."

„אָבער איך דאַרף האָבען אַ פּאָסט-מאַרקע," האָב איך זיך אָבגערופען מיט אַ האַלבען מויל; כ'קען אפילו ניט אַוועקשיקען די בריעף, וואָס איך מוז שרייבען. „אַ צעהן אָדער ערע פינף ערע פּאָסט-מאַרקע אָט וועלכע איהר וועט ווערען."

„אָבער אום גאָטעס ווילען, טראָגט זיך אָב פון דאַנען!" האָט ער געענטפערט, אַ מאַך געבענדיג צו מיר מיט דער האַנד.

יאָ, יאָ, זאָל זיין אַזוי! האָב איך צו זיך, אַליין געזאָגט. מעכאַניש האָב איך ווידער אָנגעטהאָן די ברילען, גענומען די קנעפ און איך בין אַרויסגעגאַנגען; כ'האָב געזאָגט אַ גוטע נאַכט און פערמאַכט די טהיר ווי דער שטייגער איז הינטער מיר. מילא, ניטאָ מעהר וואָס צו טהאָן! לעבען די קעלער־טרעפ בין איך געבליבען שטעהן און האָב בעטראַכט די קנעפ נאָך אַמאָל. מערקווירדיג, זיי לחלוטין ניט ווילען נעהמען אין דער האַנד אַריין! האָב איך געזאָגט; דאָס זיינען דאָך כמעט נייע קנעפ; כ'הויב עס ניט אָן פערשטעהן!

בשעת איך בין אַזוי געשטאַנען פערזונקען אין אָט די מחשבות, איז פערבייגעגאַנגען אַ מאַן און האָט זיך געלאָזט אַראָבגעהן אונטען אין קעלער. אין האַסט האָט ער מיר דערלאַנגט אַ קליינעם שטויס; מיר האָבען זיך ביידע פערענטפערט איינער פאַר'ן צווייטען, און איך האָב זיך אומגעקעהרט און איהם נאָכגעקוקט.

„ניין, דאָס ביסט דו גאָר?" האָט ער זיך פלוצלינג אָבגערופען אונטען אויף די טרעפ. ער איז אַרויפגעקומען צוריק און איך האָב איהם דערקענט. „זאָל מיך גאָט שומר ומציל זיין, ווי דו זעהסט אויס!" האָט ער געזאָגט. „וואָס האָסט דו געטהאָן אונטען?"

„אָה — געשעפטען. דו ווילסט אויך אַרונטערגעהן, ווי איך זעה?"

די קניע האָבען מיר געציטערט, איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אָן וואַנד און איהם אויסגעשטרעקט די האַנד מיט די קנעפ.

„וואָס, צו'ן אַלדע שוואַרץ יאָהר?!" האָט ער אַ געשריי געטהאָן. „ניין, דאָס געהט דאָך שוין צו וויים!"

„גוטע נאַכט," האָב איך געזאָגט און געוואָלט אַוועקגעהן; כ'האָב געשפירט, אַז באַלד, באַלד וועל איך אויסברעכען אין אַ געוויין.

„ניין, וואַרט אַ רגע!"

נאָך וואָס זאָל איך וואַרטען? ער אַליין איז דאָך אויף'ן וועג צום „פעטער", טראָגט אפשר זיין פערלאָבונגס־רינג צו איהם, האָט שוין אודאי אַ פּאָר טעג געהונגערט און איז מן הסתם וואָס עס איז שולדיג דער בעל הבית'טע.

„יאָ," האָב איך זיך ענדליך אָבגערופען, „אַז דו וועסט אויף ניך צוריקקומען. . ."

„נאַטירליך," האָט ער געענטפערט און מיך גענומען אונטערן אָרים. „אַבער איך וועל דיר וואָס זאָגען, כ'געטרוי דיר ניט, דו ביסט אַ בהמה,

ס'וועט אַסך בעסער זיין, אַז דו וועסט אַרונטערגעהן מיט מיר אינאיינעם."

כ'האָב פערשטאַנען וואָס ער וויל, כ'האָב פלוצלינג ווידער דערשפירט אין מיר אַ פונק פון עהרע און געענטפערט:

„כ'קען ניט! כ'האָב פערשפּראָכען צו זיין אַרום האַלב אַכט אַזייגער אין ערנט אַנקערס גאַס און..."

„האַלב אַכט, אויסגעצייכענט! אָבער עס איז שוין אַכט. אָט האָב איך דאָך דעם זייגער אין דער האַנד; דעם וויל איך דאָך טאַקי אַרונטערטראָגען. אַלזאָ אַריין מיט דיר, דו הונגעריגער זינדער! כ'וועל ווייניגסטענס קריגען 5 קראָנען פאַר דיר!"

דאָס זאַגענדיג האָט ער מיך אַריינגעשטופּט אינעווייניג.

אַ וואָך איז אַריבער אין הערליכקייט און פֿרייד.

אויך דאָס מאָל בין איך אַריבערגעקומען דאָס ערגסטע, כ'האָב געהאַט יעדען טאָג וואָס צו עסען; מיין מוטה איז געוואַקסען און איך האָב אַריינגעלייגט איין אייזען נאָך'ן אַנדערן אין פֿייער. כ'האָב געהאַט אין דער אַרבייט דריי אָדער פֿיער אָבהאַנדלונגען, וועלכע האָבען אַרויסגעצויגען ביי מיר פֿון מוח יעדען פֿונק, יעדען געדאַנק, וואָס האָט זיך דאָרט געפֿונען, און איך בין געווען אין דער מיינונג, אַז עס געהט איצט בעסער איידער פֿריהער. דעם לעצטען אַרטיקעל, מיט וועלכען איך האָב געהאַט אַזוי פֿיעל לויפֿעניש, און אויף וועלכען איך האָב געלייגט אַזוי פֿיעל האָפֿנונגען, האָב איך געקראָגען צוגעשיקט צוריק פֿון דעם רעדאַקטאָר; בעלײדיגט און דערצאָרנט האָב איך איהם גלייך צוריסען אויף פיצ־פיצלאַך און איהם אפילו ניט דורכגעלייענט אַפֿריהער נאָך אַמאָל. אויף ווייטער האָב איך זיך געוואָלט פּרוּאווען מיט אַן אַנדער צייטונג, כדי ניט זיין אָבהייגניג פֿון איינעם. אויף'ן ערגסטען פֿאַל, טאָמער ועט דאָס אויך ניט העלפֿען, זיינען דאָך עפּעס נאָך פֿאַרהאַן שיפֿען אויף דער וועלט; די „נאָנע" איז געשטאַנען אונטען ביים האַפֿען אַ גרייטע אָבצופֿאָהרען, אפשר וועט זי מיך אַרויפֿנעהמען אַלס אַרבייטער און מיך אַוועקפֿיהרען מיט זיך קיין אַרכאַנגעל אָדער וואו זי וויל. עס האָבען מיר אַלזאָ ניט געפֿעהלט קיין אויסזיכטען נאָך פֿיעל זייטען.

דער לעצטער קריזיס האָט גאָר געמאַכט פֿון מיר אַ תל, די האָר מיינע האָבען גענומען אויסקריכען מאַסען־ווייז, אויך פֿון'ם קאָפּוועהטאָג איז ניט געווען אויסצוהאַלטען, דער עיקר אין דער פֿריה, און די נערוואָזיטעט האָט זיך בשום אופֿן ניט געוואָלט איינשטילען. אַז איך האָב

געדראַפּט שרייבען ביי טאָג, האָב איך געמוזט זיך אַרומוויקלען די הענד מיט שמאַטעס, נור מחמת דעם וואָס איך האָב ניט געקענט פערטראָגען מיין אייגענעם אָטהעם. אַז יענו אָלאַף האָט אונטען צוגעמאַכט די שטאַל-טהיר מיט רעש, אָדער טאָמער האָט זיך אַ הונד צובולען אין הויף, איז מיר דורך עפּעס אַזוי ווי קאַלטע שפּיזען דורך מאַרך און ביינער און איך האָב זיי געפיהלט איבעראַל איבערן גאַנצען לייב. הכלל, כ'האָב געהאַלטען זעהר שמאָל.

טאָג אויס טאָג איין האָב איך זיך געמוטשעט מיט מיין אַרבייט, כ'האָב זיך אפילו ניט פערגונען די צייט מיין עסען אַראָבצושלינגען און זיך ווידער אַנידערגעזעצט שרייבען. אין יענע טעג איז אי מיין בעט אי מיין קליינער הינקעדיגער שרייב-טיש פערפּלייצט געווען מיט נאָטיצען און בעשריבענע בלעטלאַך פּאַפּיר, ביי וועלכע איך האָב ניט אויפגעהערט אַרבייטען, אַלע ווײַלע ביי עטוואָס אַנדערש; דאָ האָב איך צוגעלייגט עפּעס אַ נייעס, וואָס איז מיר איינגעפאַלען אין פערלויף פון טאָג, דאָרט האָב איך עפּעס אויסגעמעקט, די טויטע פלעצער מיט אַ פיעלפאַרביגען, לעבעדיגען וואָרט דאָ און דאָרט אָבגעפרישט און זיך געשלעפּט מיט דער גרעסטער מיה פון איין זאַץ צום אַנדערן. איינמאָל נאָכמיטאָג בין איך סוף כל סוף פאַרטיג געוואָרען מיט אַן אַרטיקעל, האָב עס גליקליך און צופרידען אַריינ־געלייגט אין טאַש און בין אַוועק דערמיט צום „קאָמאַנדיר". ס'איז שוין ווירקליך צייט געווען אָנהויבען עפּעס טהאָן, אום ווידער קריגען עפּעס געלד; כ'האָב שוין קיין סך ניט געהאַט ביי מיר.

דער „קאָמאַנדיר" האָט מיך געבעטען, זיך צוזעצען אַ ווײַלע, ער וועט תיכף... און דאָס זאָגענדיג האָט ער זיך אויסגעדרעהט, און ער שרייבט שוין ווייטער.

כ'האָב זיך אומגעקוקט אין דעם קליינעם ביורא: ביוסטען, ליטאָגראַ-פיעס, אויסשניטען, אַ מורא'דיג גרויסער פּאַפּיר-קאָרב, וועלכער האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט געווען גרייט איינצושלינגען אַ גאַנצען מענשען מיט די שטיוועל מיט אַלעמען. אָנקוקענדיג דעם דאָזיגען טיעפען אָבגרונד, אָט דעם אָפענעם קראָקאָדיל-פּיסק, איז מיר געוואָרען שטאַרק אומעטיג אויף'ן הארצען. ער האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט כסדר געשטאַנען אָפען, נור כדי אַריינצונעהמען אין זיך אַלץ נייע פער־וואָרפענע אַרבייטען — נייע צושטערטע האָפנונגען.

„וואָס פאַר אַ דאַטום האָבען מיר היינט?" האָט דער „קאָמאַנדיר" פּלוצלינג אַ פרעג געטהאָן.

„דעם 28טען", האָב איך געענטפֿערט, צופֿרידען, וואָס איך קען איהם מיט וואָס עס איז דיענען.

„דעם 28טען". ער שרייבט ווייטער. ענדליך לייגט ער אַריין אַ פּאָר בריעף אין קאָנווערטען, פֿערקלעפּט זיי, וואַרפֿט אַריין עטליכע פּאַפּירען אין קאָרב און לאָזט אַרויס די פֿעדער פֿון האַנד. דערנאָך דרעהט ער זיך אום אויף'ן שטוהל און קוקט מיך אָן. אַז ער בעמערקט, אַז איך שטעה נאָך אַלץ לעבען טהיר, מאַכט ער מיר מיט דער האַנד אַ האַלב שפּאַסיגען, האַלב ערנסטען צייכען און ווייזט אָן אויף אַ שטוהל.

כדי ער זאָל ניט זעהן, אַז איך געה אָהן אַ וועסט, קעהר איך זיך אָב אָן אַ זייט און נעהם אַרויס דאָס מאַנוסקריפּט פֿון בוזים־קעשענע.

„ס'איז בלויז אַ קליינע כאַראַקטעריסטיק פֿון קאָרעגיאָ", האָב איך זיך אָבגערופֿען. „ליידער אָבער איז זי ניט אָנגעשריבען אַזוי אַז איהר..."

ער נעהמט מיר אַרויס די פּאַפּירען פֿון האַנד און נעהמט בלעטערן אין זיי. דערביי איז ער געזעסען מיט'ן פּנים אַנטקעגען מיר.

אַזוי האָט ער אַלזאָ אויסגעזעהן פֿון דער נאָהענט, אָט דער מאַן, וועמעס נאָמען איך האָב שוין געהערט נאָך פֿון יונג־וויז אָן, און וועמעס בלאַט האָט אין פֿערלויף פֿון די אַלע יאָהרען געהאַט אויף מיר דעם גרעסטען איינפֿלוס. זיינע האָר זיינען געגרייזעלט, די שעהנע ברוינע אויגען צייטענוויז אונרוהיג; ער האָט אַ טבע, ווען ניט ווען אַביסעל צו סאָפּען. אַ סקאָט־לענדער גייסטליכער האָט ניט געקענט אויסזעהן מילדער איידער דער דאָזיגער געפֿעהרליכער שריפֿטשטעלער, וואָס זיינע ווערטער האָבען איבעראַל, וואו זיי זיינען נור געפֿאַלען, איבערגעלאָזט בלוטיגע צייכענס. אַ מאָדנע געמישאַכץ פֿון מורא און בעוואונדערונג פֿאַלט אויף מיר אָן, שטעהענדיג פֿאַר דעם דאָזיגען מאַן; די טרעהרען קומען מיר כמעט אין די אויגען, און ניט ווילענדיג גיב איך אַ טראָט פֿאָראויס, אום איהם צו זאָגען, ווי דאַנקבאַר איך בין איהם פֿאַר אַלצדינג וואָס ער האָט מיך געלערנט, און איהם צו בעטען, ער זאָל מיר ניט פֿערשאַפֿען קיין שמערץ; איך בין דאָך מעהר ניט ווי אַן אָרימער קאַליקע, וועמען ס'געהט שוין אַזוי איך גענוג טרויעריג...

ער האָט אויפֿגעהויבען די אויגען צו מיר און לאַנגזאַם צונויפֿגעלייגט מיין מאַנוסקריפּט, זיצענדיג אַזוי פֿערטראַכטערהייט. כדי איהם זאָל גרינגער זיין מיך אָבצוזאָגען, שטרעק איך אויס די האַנד און זאָג:

„אַך ניין, ס'טויג נאַטירליך ניט?" און איך האָב אַ שמייכעל גע־טהאָן, כדי ער זאָל מיינען, אַז איך נעהם זיך ניט שטאַרק צום האַרצען דערפֿון.

„מיר קענען זיך בענוצען נור מיט גאַנץ פּאָפּולערע זאַכען," האָט ער זיך אָבגערופען. „איהר ווייסט, וואָס פאַר אַ מין פּובליקום מיר האָבען. וואָלט איהר עס ניט געקענט מאַכען אַביסעל איינפאַכער אָדער ברייננגען עפּעס אַנדערש, וואָס די לייט זאָלען בעסער פערשטעהן?"

די איינזועהעניש, וואָס ער האָט געהאַט מיט מיר, האָט מיך איינפאַך ערשטוינט. איך פערשטעה, אַז מיין אַרטיקעל איז אויסגעבראַקירט, און דאָך האָט קיין אָבזאָגענדער ענטפער ניט געקענט זיין ליעבענסווירדיגער ווי זיינער. כדי איהם מעהר ניט אויפצוהאַלטען, רוף איך זיך אָב:

„געוויס קען איך עס."

כ'לאָז זיך געהן צו דער טהיר. הם, ער דאַרף קיין פאַראיבעל ניט האָבען אויף מיר, וואָס איך האָב איהם בעלעסטיגט... כ'פערבייג זיך פאַר איהם און לייג אַרויף די האַנד אויף דער קליאַמקע...

„אַז איהר נייטיגט זיך אין עפּעס, קענט איהר קריגען אַ קליינעם פאָרשוס," זאָגט ער. „איהר קענט איהם דערנאָך אָבאַרבייטען."

איצט, אַז ער האָט געזעהן, אַז צום שרייבען טויג איך ניט, האָט זיין אָנבאָט מיך אַביסעל ערנידעריגט, און איך האָב דעריבער געענטפערט:

„ניין, אַ דאַנק אייך, כ'קען נאָך אויסקומען אַ שטיקעל צייט אָהן רעם. איבעריגענס בעסטען דאַנק! אַדיע!"

„אַדיע!" האָט דער „קאָמאַנדיר" געענטפערט און האָט זיך ווידער אומגעדרעהט צו זיין שרייב-טיש.

ער האָט מיך נאָך אַלעמען אונפערדיענטערהייט פריינדליך בעהאַנדעלט, און איך בין איהם דערפאַר דאַנקבאַר געוועזן; שטענדיג וועל איך דאָס געדיינקען און אַנערקענען. כ'האָב זיך פאָרגענומען ניט צוריקקומען נאָך אַמאָל צו איהם, ביז וואַנען איך וועל איהם ניט קענען ברייננגען אַן אַרבייט, מיט וועלכער איך זאָל אַליין זיין גאַנץ צופריעדען און פון וועלכער דער „קאָמאַנדיר" זאָל אַזוי נתפעל ווערן, אַז ער זאָל גאָר ניט טראַכטען און מיר גלייך דערפאַר געבען צעהן קראָנען. דערמיט בין איך אַוועק אַהיים און האָב זיך פון דאָס ניי גענומען צו מיין שרייבעריי.

אין די קומענדע אָוועגדען, אַרום 8 אַזייגער, ווען מען פלעגט אָנצינדען די גאַז-לאָמפּען, האָט מיר רעגעלמעסיג פּאַסירט פאָלגענדעס:

ווי איך געה נור אַרויס פון טויער, אום צו מאַבען אַ שפּאַציר איבער די גאַסען, נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבייט, שטעהט לעבען דער לאַמטערנע גלייך ביי דער טהיר אַ שוואַרץ-געקליידעטע דאַמע, וועלכע קעהרט זיך אום מיט'ן פּנים צו מיר און קוקט מיר נאָך מיט איהרע בליקען, אַז איך

געה דורך פּערביי איהר. איך בעמערק, אַז זי טראָגט כסדר דעם אייגענעם קאָסטיום, דעם זעלבען געדיכטען שלייער, וועלכער בעדעקט איהר געזיכט און פאַלט אַריבער איבער איהר ברוסט; אין דער האַנד האַלט זי אַ קליינעם רעגען־שירם מיט אַ רינג פון עלפענביין.

כ׳האָב זי שוין אַזוי בעמערקט דריי אָווענדען נאָכאַנאַנד, שטענדיג אויף׳ן זעלבען אָרט; אַזוי גיך ווי איך געה איהר נור פּערביי, קעהרט זי זיך לאַנגזאַם אום און לאָזט זיך אַרונטער מיט דער גאַס, אַוועק פון מיר.

מיין נערוועזער מוח האָט גענומען אַרבייטען, און גלייך האָט מיך בעהערשט אַ משוגענער געדאַנק, אַז דאָס קומט זי אַהער צוליעב מיר. צולעצט האָב איך שוין כמעט געהאַט בדעה אַ רעד צו טהאָן מיט איהר, זי צו פרעגען, אויב זי זוכט אימיצען, צי זי דאַרף האָבען מיין הילף, צי איך זאָל איהר אָבפּיהרען אַהיים, זי בעשיצען אין די פינסטערע גאַסען, כאָטש איך געה ליידער אין אַזאַ שלעכטען קאָסטיום; אָבער איך האָב געהאַט אַן אונבעשטימטע מורא, עס זאָל ניט דאַרפען קאָסטען וואָס עס איז, אַ גלאָז וויין אָדער גאָר אַ דראָשקע, און איך האָב שוין לחלוטין קיין געלד ניט געהאַט; מיינע קלעגליך ליידיגע טאַשען האָבען מיך גאָר דער־שלאָגען, און איך האָב ניט אַמאָל געהאַט דעם מוטה, זי אַביסעל שאַרף אָנצוקוקען, בעת איך בין דורכגעגאַנגען פּערביי איהר. דער הונגער האָט זיך שוין ווידער פערקליבען צו מיר, זינט נעכטען אָווענד האָב איך גאָרנישט געגעסען; דאָס איז יעדענפאַלס ניט אַזוי לאַנג, כ׳האָב שוין אָפט געמוזט אויסהאַלטען שעהנע עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. אָבער איצט בין איך שטאַרק אָבגעפאַלען, מיינע כוחות זיינען פערשוואונדען, כ׳האָב שוין ניט געקענט אַזוי גוט הונגערן ווי פריהער; איין איינציגער טאָג האָט מיך איצט אָפט אַזוי ווי פער׳שכור׳ט, און ווי איך פלעג נור נעהמען אַ טרונק וואַסער, פלעגט מיר ווערן איבעל אויף׳ן האַרצען. דערצו איז נאָך געווען אַן אַנדער צרה, וואָס ביינאַכט איז מיר געווען מורא׳דיג קאַלט, אַז איך פלעג זיך מיט אַלע קליידער, ווי איך בין געשטאַנען און געגאַנגען, אַריינלייגען אין בעט און ביינאַכט כמעט פערפראָרען ווערן פאַר קעלט. די אַלטע קאָלדרע האָט ניט געקענט אָבהאַלטען דעם צוג־ווינד, און אין דער פריה, אַז איך פלעג זיך אויפכאַפּען, איז מיר די נאָז אַזש געווען האַלב־פערפראָרען פון דער שאַרפער אייז-לופט, וואָס פלעגט אַריינבלאָזען פון דרויסען.

כ׳געה איבער די גאַסען און טראַכט, ווי אַזוי מאַכט מען פּאַרט, איך זאָל זיך קענען דורכמוטשען, ביז וואַנען מיין נעכסטער אַרטיקעל וועט זיין פאַרטיג. ווען איך וואָלט נור געהאַט אַ ליכט, וואָלט איך געפּרואווט אַרבייטען אַביסעל ביינאַכט אויך; דאָס וואָלט געווען פאַר מיר אַ געווינס

פון אַ פּאָר שטונדען, אַז מיר וואָלט זיך איינגעגעבען, און מאָרגען וואָלט איך זיך געקענט ווידער אַמאָל ווענדען צום „קאָמאַנדיר”.

ניט טראַכטענדיג קיין סך, געה איך אַריבער אין קאַפע־הויז און זוך מיין יונגען בעקאַנטען פון דער באַנק, אום צו קריגען אַ צעהן ערע אויף אַ ליכט. מען האָט מיך אונגעשטערט געלאָזט דורכגעהן אַלע צימערן; כ׳בין פערבייגעגאַנגען אַ דוצענד טישען, וואו פלוידערנדע געסט האָבען געגעסען און געטרונקען; כ׳בין זאָגאַר אַריין אין דאָס סאַמע אינעוויינינגסטע פון קאַפע־הויז, ביז אין „רויטען צימער” אַריין, און מיין בחור האָב איך פאָרט ניט געפונען. דערשלאָגען און פערדריסליך בין איך ווידער אַרויס אין גאַס און האָב זיך געלאָזט געהן צום שלאָס.

ביים לעבעדיגען שטן, שווער איך, אַז עס איז דאָך פשוט ניט צום אויסהאַלטען, וואָס עס וויל גאָר קיין סוף ניט נעהמען צו מיינע צרות! מיט לאַנגע, ווילדע טריט, דעם קאָלנער פון ראָק אומגעלומפּערט אויפגע־שטעלט, די פויסטען צוזאַמענגעדריקט אין די הויזען־קעשענעס, אָט אַזוי בין איך געגאַנגען און האָב דעם גאַנצען וועג ניט אויפגעהערט שימפּפען איבער מיין אונגליקליכען מזל. זייט זיבען, אַכט מאָנאַט קיין איינציגע שעה אָהן דאגות, אָהן שווערע זאָרגען, קוים איין קורצע וואָך נאָכאַנאַנד דאָס סאַמע נייטיגסטע עסען — דאַן קלאַפּט די נויט פון דאָס ניי אָן ביי מיר אין טהיר און מאַכט פון מיר וואָס זי וויל. אין מיין גאַנצען עלענד בין איך פונדעסטוועגען נאָך עהרליך געווען, האַ, האַ, עהרליך ביז גאָר! זאָל מיך גאָט אָבהיטען, ווי נאַריש איך בין דאָס אַביסעל געווען! און איך הויב זיך אַליין אָן דערצעהלען, ווי איך האָב זיך צום האַרצען גענומען מחמת דעם וואָס איך האָב אַמאָל אַוועקגעטראָגען האַנז פאַולי׳ס קאָלדרע צום „פעטער”. כ׳האָב געלאַכט מיט שפּאָט פון מיין אייגענער געפיהלפאָלער עהרליכקייט, מיט פעראַכטונג האָב איך אויסגעשפּיגען אין מיטען גאַס און כ׳האָב קיין שום וואָרט ניט געפונען, וואָס זאָל זיין שטאַרק גענוג, זיך אַליין אויסצולאַכען איבער מיין דומהייט. דאָס וואָלט אַקאָרשט אַ י צ ט געדאַרפט טרעפען! אַז איך וואָלט אין דער רגע געפונען דאָ אויף דער גאַס דעם אָבגעשפּאָרטען גראָשען פון אַ שול־קינד, דעם לעצטען גראָשען פון אַן אלמנה — כ׳וואָלט איהם בנאמנות רוהיג אויפגעהויבען און אַריינגעלייגט אין קעשענע, מיט דעם רוהיגסטען געמיטה וואָלט איך אַצונד גע׳גנב׳עט און די נאַכט נאָכדעם געשלאָפען ווי אַ גע׳הרג׳עטער. כ׳האָב דאָך ניט אומזיסט זיך אַזוי פיעל אַנגעליטען, מיין גערולד האָט געפּלאַצט, כ׳בין גרייט געווען צו אַלצדינג.

דריי, פיער מאָל בין איך אַרומגעגאַנגען דעם שלאָס, דערנאָך איז ביי מיר געבליבען צו געהן אַהיים, נאָר אויף אַ ווײלע בין איך נאָך אַריין

אין פּאַרק און גלייך נאָכדעם האָב איך זיך פֿערנומען אין דער קאַרל־יאָהאַן גאַס אַהיים.

ס'איז געווען אַרום עלף אַזייגער. אין גאַס איז געווען פֿינסטערלאַך, און איבעראַל האָבען אַרומגעוואַנדערט מענשען, שטילע פּאָרלאַך און ליאַרמענדע מחנות. די גרויסע שטונדע איז געקומען, די צייט, ווען עס הויבען זיך אָן די געהיימע מעשים און די לוסטיגע ליעבעס־געשיכטען. רוישענדע ווייבערשע קליידלאַך, אַ קורצער, ליידענשאַפֿטליכער געלעכטער, בוזימס וואָס הויבען זיך אַרויף און אַראָב, שטאַרק קייכענדע אָטהעם־ציגע, ווייט אונטען אין דער גאַס אַ שטימע וואָס שרייט: „עממאַ". די גאַנצע גאַס אַ זומפּף, פֿון וואַנען עס שטייגט אַרויף אַ הייסער, קאָכיגער רויך.

ניט ווילענדיג טהו איך זיך אַ טאַפּ אין די קעשענעס און זוך צוויי קראָנען. די ליידענשאַפֿט, וואָס ציטערט אין די בעוועגונגען פֿון יעטוועדען פֿערבייגעהער, דאָס דונקעלע ליכט פֿון די גאַז־לאַמטערנעס, זאָגאַר די שטילע, שוואַנגערע נאַכט, דאָס אַלצדיג האָט מיך אַ פּאַק געטהאָן — אָט די לופֿט, וועלכע איז פֿול מיט שושקערייען, אומאַרמונגען, ציטערנדע ליעבעס־ערקלעהרונגען, האַלב אַרויסגערעדטע ווערטער, אַ שטיל געוויין. דאָרט, ביי בלאָמקוויסט'ס טויער, עטליכע קעץ, וואָס שפּיעלען אַ ליעבע הויך אויף'ן קול. און איך האָב ניט געהאַט קיין צוויי קראָנען! ס'איז אַ יאָמער, אַן עלענד וואָס האָט גאָר קיין גלייבען ניט צו זיך, אַזוי אָרים צו זיין! און איך מוז ווידער דיינקען וועגען דעם לעצטען ביסען פֿון דער אָרעמער אלמנה, וואָס איך וואָלט צוגע'גנב'עט, וועגען דאָס היטעלע אָדער דאָס טאַשען־טיכעל פֿון אַ שול־אינגעל, וועגען דער טאָרבע פֿון אַ בעטלער, וואָס איך וואָלט גאָר אָהן שהיות אַוועקגעטראָגען צום שמאַטעס־הענדלער און פֿערטהאָן די פּאָר גראָשען פֿאַר מיין אייגענעם געברויך. כדי זיך אַליין צו טרייסטען, האָב איך אָנגעהויבען געפֿינען אַלערליי מעגליכע פֿעהלערן אין די דאָזיגע לוסטיגע מענשען, וועלכע זיינען פֿערבייגעגאַנגען פֿערביי מיר; כ'האָב געצויגען מיט די אַקסלען און אַרונטערגעקוקט מיט פֿעראַכטונג אויף זיי, ווען זיי זיינען פֿערבייגעגאַנגען פּאָר־ווייז. אָט די סטודענטען, וואָס בענוגענען זיך מיט אַבי וואָס, מיט אַ נאַש, אַ לעק, וואָס מיינען, אַז זיי געהען אויך אַריין אין כלל פֿון אייראָפּעאישער אויסגעלאַסענהייט דערמיט, וואָס זיי יאָגען זיך נאָך אַן אָרעמער נייטאָרין! אָט די פֿראַנטען, די באַנק־בעאַמטע, גרויסע סוחרים, בולוואַרד־לייבען, וואָס אַלץ איז ביי זיי אַ קרן און זיי בראַקירען גאַרנישט אויס. כ'האָב אַ שפּיי געטהאָן ווייט איבער דעם בירגער־שטייג, ניט קימערנדיג זיך, צי עס קען אימיצען טרעפֿען צי ניט; כ'בין געווען מלא רציחה, פֿול מיט פֿעראַכטונג פֿאַר די דאָזיגע מענשען, וועלכע

האָבען פאַר מיר אין די אויגען זיך צונעטוליעט איינע צו די אַנדערע. כ'האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך געפיהלט גליקליך, וואָס איך קען געהן אויף'ן ריינעם, גלייכען וועג.

אויף דעם סטאָרטינגס־פּלאַץ איז מיר אַנטקעגען געקומען א מיידעל, וואָס האָט מיך אָנגעקוקט מיט עזות'דיגע בליקען, בשעת איך בין צוגעקומען נאָהענט לעבען איהר.

„גוטען אָווענד!" האָב איך זיך אָבגערופען.

„גוטען אָווענד!" זי איז געבליבען שטעהן.

הם! צי זי געהט אַזוי שפּעט שפּאַצירען איינע אַליין? צי ס'איז ניט געפעהרליך פאַר אַ יונג מיידעל אין דער צייט צו געהן אויף דער קאַרל־יאָהאַן־גאַס? ניין! צי מען ווענדעט זיך קיינמאָל ניט צו איהר מיט מיאוס'ע רייד, מיט בעליידיגונגען, כ'מיין, פשוט גערעדט, צי פערבעט זי ניט אימיצער צו זיך אַהיים?

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט פערוואונדערונג און האָט געפאָרשט אין מיין געזיכט, וואָס איך מיין אייגענטליך מיט מיינע ווערטער. דערנאָך האָט זי פּלוצלינג אַרונטערגערוקט די האַנד איהרע אונטער מיין אָרים און געזאָגט:

„אַלזאָ לאָמיר געהן!"

כ'בין מיטגעגאַנגען. אַז מיר זיינען אַריבערגעגאַנגען די דראָשקעס, בין איך שטעהן געבליבען, האָב ארויסגענומען מיין אָרם און געזאָגט:

„הערט אַקאָרשט, מיין קינד, כ'האָב קיין העלער ניט ביי דער נשמה."

און דאָס זאָגענדיג האָב איך זיך געוואָלט אַוועקגעהן מיין וועג.

תחילת האָט זי מיר ניט געוואָלט גלויבען; אַז זי האָט אָבער דורכגעטאַפּט אַלע מיינע קעשענעס און גאָרנישט געפונען, איז זי געוואָרען אין כעס, האָט א וואָרף־געטהאָן מיט'ן קאָפּ און האָט געזאָגט אַז איך בין אַ שטאָק־פיש.

„גוטע נאַכט!" האָב איך געזאָגט.

„וואַרט אַקאָרשט! די ברילען, וואָס איהר טראָגט, זיינען גאָלדענע?"

„ניין."

„טאָ כאַפּט אייך דער רוח!"

דערמיט בין איך אוועק.

גלייך נאָכדעם איז זי נעקומען צולויפען און האָט מיך ווידער גערופען.

„איהר קענט דאָך געהן מיט מיר!"

כ'האָב זיך נעפֿיהלט ערנידעריגט דורך דעם אָנבאָט פֿון אַן אָרעמער גאַסען-פֿרוי און געזאָגט ניין. ס'איז צו שפּעט, איך מוז נאָך ערגעץ זיין אויף בעזוך, און אַחוץ דעם קען זי זיך גאָרנישט ערלויבען אַזאַ אָפּפֿער צו מאַכען.

„דאָס מאַכט גאָר ניט אויס; אַצונד וויל איך, איהר זאָלט געהן מיט מיר."

„אָבער איך געה ניט אונטער אַזעלכע אומשטענדען."

„איהר געהט נאַטירליך צו אַן אַנדערער!"

„ניין."

אָבער איך האָב געפֿיהלט, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט אויסגעזעהן זעהר קלעגליך ביי דער דאָזיגער מאָדנער גאַסען-פֿרוי אין די אויגען, און איך האָב בעשלאָסען, וועניגסטענס לפנים צו פֿערגלעטען דעם עסק.

„ווי הייסט איהר?" האָב איך אַ פֿרעג געטהאָן. „מאַריע? אַלזאָ הערט אַקאָרשט אויס, מאַריע!" און איך האָב איהר גענומען ערקלעהרען מיין האַלטונג, מיין בענעהמען זיך מיט איהר. דאָס מיידעל איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר נתפּעל געוואָרען פֿון מיינע רייד. וואָס זשע, צי האַלט זי מיך ווירקליך פֿאַר איינעם פֿון יענע, וואָס לויפֿען אַרום ביינאַכט אין די גאַסען און יאָגען זיך נאָך יונגע מיידלאַך? צי האַלט זי מיך פֿאַר אַזוי שלעכט? צי האָב איך איבערהויפּט עטוואָס ניט פּאַסענדעס געזאָגט? בעגעהט מען זיך דען אַזוי ווי איך, אַז מען האָט אין זינען רשעות צו טהאָן? הקיצור, כ'האָב איינגע'טענה'ט מיט איהר און אָבגעגאַנגען עטליכע טריט מיט איהר, בדי צו זעהן, ווי וויים זי וועט עס טרייבען. איבעריגענס איז מיין נאָמען ־ער און דער, פּאַסטאָר דער און דער! אַ גוטע נאַכט! געה און זינדיג ניט מעהר!

דערמיט בין איך מיר אַוועק מיין וועג.

ענטציקט איבער מיין גוטען איינפֿאַל האָב איך זיך געריבען די הענד און גערעדט הויך צו זיך אַליין. וואָס פֿאַר אַ פֿרייד דאָס איז, אַזוי אַרומ־צוגעהן און טהאָן גוטע מעשים! אָט דער געפֿאַלענער בריאה האָב איך אַלזאָ פֿילייכט געגעבען דעם שטויס צום ערשטען טריט אויף אַ בעסערן וועג פֿאַר דאָס גאַנצע לעבען איהרס! זי אויף אייביג געראַטעוועט פֿון שמאָך און פֿערדאַרבונג! און זי וועט דאָס איינזעהן, אַז זי וועט גוט נאָכדיינקען וועגען דעם, אין נאָך אין איהר לעצטער שעה, פֿאַר'ן טויט, וועט זי מיט דאַנקבאַרקייט אין האַרצען זיך דערמאָהנען אָן מיר. אַך! ס'לוינט זיך פֿאָרט עהרליך צו זיין, עהרליך און גערעכט!

איך בין געווען פֿרייליך און גוט אויפֿגעלייגט און איך האָב זיך געפֿיהלט פֿריש און מוטהיג גענוג צו אַלעם מעגליכען. וואָלט איך נור אַ ליכט געהאַט, וואָלט שוין מיין אַרטיקעל געוואָרען! זינגענדיג און פֿייפֿענדיג, מיט מיין נייעם שליסעל פֿון טויער אין דער האַנד, בין איך געגאַנגען און האָב געזוכט אַ מיטעל, ווי אַזוי זיך צו שאַפֿען ליכט. ניטאָ קיין אַנדער עצה; כ'מוז אַרונטערנעהמען מיין גאַנצע קלאַפּער־געצייג אויף'ן גאַס און שרייבען דאָ אונטער דער לאַמטערנע. כ'האָב געעפֿענט די טהיר און בין אַרויף אויבען.

אַז איך בין צוריק אַרונטערגעקומען, האָב איך פֿערשלאָסען די טהיר פֿון דרויסען און האָב זיך געשטעלט אין שיין פֿון דער לאַמטערנע. איבעראַל רוה; ... נאָר פֿון דעם זייטען־געסעל האָבען זיך געלאָזט הערען די שווערע, קלאַפּענדע פֿוס־טריט פֿון אַ פּאָליציי־מאַן, און לעבען סאַנט־האַנזהאַוגען האָט אַ הונד געבילט. ס'איז אַלזאָ גאָרנישט געווען, וואָס זאָל מיך קענען שטערן. כ'האָב אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער פֿון ראָק איבער די אויערן און אָנגעהויבען מיט אַלע כוחות צו טראַכטען. עס וואָלט מיר אַזוי גוט אַרויסגעהאָלפֿען, ווען איך וואָלט געווען גליקליך גענוג, אָנצושרייבען דעם שלוס פֿון דער דאָזיגער קליינער אָבהאַנדלונג. כ'האָב גראָד געהאַלטען ביי אַ זעהר שווערן פונקט, וואו מען האָט גענדאַרפֿט נייטיג האָבען אַ לייכטען, קוים בעמערקענדען איבערגאַנג צו עטוואָס נייעם; דאַן האָט גענדאַרפֿט קומען אַ פֿערדריקטער, שנעלער סוף, אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער רוף, אַ מין תקיעה גדולה, וואָס זאָל זיך ענדיגען ביי אַ הויכען פונקט, אַזוי רויה, אַזוי צוטרייסלענדיג ווי אַ שאָס אָדער ווי דער ווידער־קול פֿון אַ קראַכענדען באַרג. ענדע.

אָבער איך האָב ניט געפֿונען קיין ווערטער. כ'האָב איבערגעלייענט דאָס גאַנצע פֿון אָנהויב ביז'ן סוף, כ'האָב געלייענט יעדען זאַץ אין דער הויך און בין ניט געווען אים שטאַנד צונויפֿנעהמען די געדאַנקען מיינע אין דעם דאָזיגען קראַכענדען הויכען פונקט. און בשעת איך בין אַזוי געשטאַנען און מיר געמאַטערט דעם מוח, האָט נאָך דער רוח אָנגעטראָגען דעם פּאָליציי־מאַן, וועלכער האָט זיך אָבגעשטעלט לעבען מיר אין גאַס און האָט מיר איבערגעפֿיהרט מיין גאַנצע שטימונג. וואָס געהט עס איהם אָן, וואָס איך בין צוגעקומען צום הויך־פונקט פֿון אַן אויסגעצייכענטען אַרטיקעל פֿאַר'ן „קאָמאַנדיר"? רבונו של עולם! ס'איז דאָך טאַקי פשוט אונמעגליך איבער־צושטופען די שטיקעל ביטערע צייט, וואָס איך זאָל ניט פּרואווען טהאָן! כ'בין אַזוי געשטאַנען וועניגסטענס אַ שעה צייט, דער פּאָליציסט איז זיך אַוועק, ס'איז געווען צו קאַלט, צו קענען בלייבען שטעהן ווייטער. מוטלאָז

און דערשלאָגען איבער אָט דעם נייעם דורכפֿאַל מיינעם, האָב איך אויפֿגעשלאָסען די טהיר און בין צוריק אַרויף צו מיר אין צימער.

ס׳איז געווען קאַלט דאָ אויבען, און אין דער גערדיכטער פֿינסטערניש האָב איך כמעט דאָס פֿענסטער ניט געקענט זעהן פֿאַר די אויגען. איך בין קוים מיט צרות צוגעקראָכען צום בעט, האָב אויסגעטהאָן די שטיוועל און געזוכט צו דערוואַרימען מיינע פֿיס צווישען די הענד. דערנאָך האָב איך זיך געלייגט, ווי ס׳איז שוין מיין שטייגער געווען פֿון לאַנג אָן, מיט אַלע קליידער, אַזוי ווי איך בין געשטאַנען און געגאַנגען, אין בעט אַריין.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה, ווי ס׳איז נור ליכטיג געוואָרען, האָב איך זיך אויפֿגעזעצט אין בעט און זיך גלייך גענומען צו מיין אַרטיקעל. אין דער דאָזיגער פּאָזיציע בין איך געזעסען ביז מיטאָג און האָב קוים מיט צרות ארויסגעבראַכט אַ צעהן, צוואַנציג שורות. צום שלום בין איך נאָך אַלץ ניט צוגעקומען.

כ׳בין אויפֿגעשטאַנען, האָב אָנגעטהאָן די שטיוועל און גענומען אַרומגעהן איבער׳ן שטוב אַרויף און אַראָב, כדי זיך צו דערוואַרעמען אַביסעל. די פֿענסטער זיינען געווען בעדעקט מיט אייז; כ׳האָב אַרויסגעקוקט אין דרויסען, ס׳האָט געשנעעט; אונטען אין הויף אויף די שטיינער און אויף דער וואַסער־פּאָמפּע איז געלעגען אַ דיקער שנעע.

כ׳האָב זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער׳ן צימער, בין ניט ווילענדיג געגאַנגען אַרויף און אַראָב, כ׳האָב געקראַצט מיט די פֿינגער אָן וואַנד, צוגעלייגט פֿאָרזיכטיג דעם שטערן צו דער טהיר, אָנגעקלאַפּט מיט דעם מיטעלסטען פֿינגער אָן דער פּאָדלאָגע און זיך צוגעהערט מיט אויפֿמערקזאַמקייט — דאָס אַלעס אָהן אַ שום אַבזיכט, אָבער שטיל און פֿערטראַכט, אַקוראַט ווי איך וואָלט דאָ אויסען געווען אַ זאַך פֿון גרויסער וויכטיגקייט. און מיניה וביה האָב איך אַלץ כסדר ווידערהאָלט הויך אויף׳ן קול, אַזוי אַז איך האָב עס אַליין געהערט: אָבער דו ליעבער גאָט, דאָס איז דאָך איינפֿאַך אַ שגעון! דאָך האָב איך ווייטער געטהאָן דאָס זעלבע. נאָך אַ היבשער ווײַלע, פֿיליכט נאָך אַ משך פֿון עטליכע שטונדען, האָב איך זיך אַזוי שטאַרק אַ נעהם געטהאָן, זיך איינגעביסען אין די ליפּען און אָנגעגורט מיינע לענדען, אַזוי ווייט ווי איך האָב נאָר געקענט. ס׳מוז נעהמען אַ סוף דערצו! כ׳האָב זיך אויסגעזוכט אַ האָלץ־שפּענדעל צום קייען און זיך ענטשלאָסען אַנידערגעזעצט שרייבען.

מיט גרויס מיה האָט זיך מיר איינגעגעבען צונויפֿשטעלען אַ פּאָר קורצע זעצע, אַ צוואַנציג אָרעמע ווערטער, וועלכע איך האָב קוים מיט צרות צונויפֿגעשעפּט, נור כדי צו קומען אַביסעל ווייטער. דערנאָך איז געווען

אוים, מיין קאָפּ פוסט; כ'האָב שוין מעהר ניט געקענט, און אַז איך האָב לחלומ'ן ניט געקענט געהן ווייטער, האָב איך מיט אויפגעריסענע, גרויסע אויגען געקוקט אויף די לעצטע ווערטער אָט די ניט דערקאָנטשעטע בויגעלאַך, כ'האָב אָנגעקוקט די וואונדערליכע, ציטערנדע בוכשטאַבען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי קליינע האָריגע חיה'לאַך, וואָס שפּרייזען אַרום אויף'ן פּאַפּיר, און ענדליך האָב איך גאָר אויפגעהערט פערשטעהן וואָס דאָ טהוט זיך, כ'האָב מעהר גאָרניט געטראַכט.

די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען איהר וועג. כ'האָב געהער'ט דעם ליאַרם אונטען אין הויף, דעם רעש פון די פערד און וועגען; יענז אָלאַף'ס קול האָט זיך געלאָזט הערען פון שטאַל צו מיר אַרויף, ווען ער האָט גערעדט צו זיינע פערד. איך בין געוועזן גאָר אָהן כוחות, פערמאַטערט צום טויט; ווען ניט ווען האָב איך אַ שמאָטשקע געטהאָן מיט די ליפּען, ווייטער אָבער האָב איך גאָרנישט געטהאָן. די ברוסט מיינע איז געוועזן אין אַ קלעגליכען צושטאַנד.

ס'האָט אָנגעהויבען ווערן פינסטערלאַך; מיר איז וואָס ווייטער אַלץ ערגער געגאַנגען, כ'בין געוואָרען מיעד און האָב זיך צוריק געלייגט אויף'ן בעט. כדי זיך די הענד צו דערוואַרעמען, האָב איך אַריינגעשטעקט די פינגער ביי מיר אין די האָר און גענומען אַרומפאָהרען מיט זיי אַהין און אַהער, דערביי האָב איך אויסגעריסען קליינע לויזע בינדלאַך, וועלכע זיינען געבליבען הייגען צווישען די פינגער אָדער האָבען זיך אויסגעלייגט אויף'ן קישען. אין יענער רגע האָב איך גאָרניט געטראַכט דערפון; אַקוראַט ווי ס'וואָלט מיר גאָרנישט אָנגעגאַנגען; כ'האָב דאָך גענוג האָר. ווידער אַמאָל האָב איך געפּרואווט זיך אַרויסמאַכען פון דער דאָזיגער מאָדנער בערוישונג, וועלכע איז מיר אַריין אַזוי ווי אַ טומאַן אין די ביינער; כ'האָב זיך אויפגעזעצט, אַ פּאַטש געטהאָן מיט דער האַנד אָן קניע, זיך אויסגעהוסט אַזוי שטאַרק ווי מיין מיעדע ברוסט האָט עס נור ערלויבט — און איך בין אַנידערגעפאַלען צוריק אויף'ן בעט. ס'העלפט גאָרנישט; פערלאָזען אָהן אַ שום הילף שטאַרב איך אַוועק, מיט אָפענע אויגען, מיט אַ פערגליווערטען בליק נאָך אויבען. ענדליך האָב איך אַריינגעשטעלט דעם מיטעלסטען לאַנגען פינגער אין מויל און איהם גענומען זויגען. ביי מיר אין מוח האָט זיך אָנגעהויבען עטוואָס צו ריהרען, אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך אַזוי ווי אָבגעריסען פון דער קייט, ווי אַ משוגע'נער איינפאַל: אַשטייגער, ווען איך זאָל איינבייסען? און גאָר אָהן אַ ישוב הדעת, אָהן אַ שום איבערלייגונג האָב איך צוגעמאַכט די אויגען און אַ דריק געטהאָן מיט די ציינער.

איך בין אויפגעשפּרונגען. ענדליך האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון מיין בערווישונג, פון דעם פינגער האָט גערונען אַ ביסעל בלוט, וואָס איך האָב אָבגעלעקט. ס'האָט נים שטאַרק וועה געטהאָן; די וואונד איז אויך נים געווען זעהר גרויס, אָבער איך בין מיט אַמאָל געקומען צו זיך; כ'האָב געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און בין צוגעגאַנגען צום פענסטער, וואו איך האָב געפונען אַ שמאַטע, מיט וועלכער איך האָב אַרומגעוויקעלט די וואונד. בשעת איך בין געווען פערנומען דערמיט, האָבען זיך מיר געשטעלט טרעהרען אין די אויגען, כ'האָב זיך שטיל צוואויינט פאַר זיך. אָט דער מאָגערער, צוביסענער פינגער האָט אויסגעזעהן אַזוי קלעגליך. גאָט אין הימעל, אויף וואָס איך בין דאָס איבערגעקומען!

וואָס ווייטער איז אַלץ פינסטערער געוואָרען. ס'איז נים געווען אונמעגליך, איך זאָל קענען אָנשרייבען מיין שלום אין פערלויף פון'ם אָוועגד ווען איך וואָלט נור געהאַט אַ ליכט. אין קאָפּ איז מיר ווידער קלאָהר געוואָרען, די געדאַנקען זיינען זיך געקומען און אַוועקגעגאַנגען ווי געוועהנליך און איך האָב נים פיעל געליטען; דער הונגער אפילו האָט זיך אַצונד נים געלאָזט אַזוי שטאַרק פיהלען ווי פאַר עטליכע שטונדען; ביז אויף מאָרגען וואָלט איך נאָך געקענט קריגען דערוויל אַ ליכט אויף באָרג, ווען איך זאָל אַריינגעהן אין קראָם פון עסענ־וואַרג און זיי דערצעהלען מיין גאַנצע לאַגע. כ'בין דאָך דאָרט אַ גוטער בעקאַנטער; אין די גוטע צייטען, אַז איך האָב נאָך געהאַט געלד, האָב איך מעהר ווי איין לאַבען ברויט געקויפט אין דער קלייט. קיין ספק נים, אַז מען וועט מיר געבען אַ ליכט אויף מיין עהרליכען נאָמען. און צום ערשטען מאָל זייט אַ לאַנגע צייט האָב איך אויסגעבאָרשטען מיינע קליידער, אַראָבגעשאַרט די אויסגעקראָכענע האָר פון מיין ראָק־קאָלנער, אַזוי ווייט ווי ס'האָט זיך געלאָזט טהאָן אין דער פינסטער, און דערנאָך בין איך טאַפּענדיג אַראָב פון די טרעפּ אונטען.

אַז איך בין אַראָב אין גאַס, איז מיר איינגעפאַלען, אַז איך וואָלט דאָך ליעבערשט געקענט פערלאַנגען אַ ברויט. כ'האָב נים געוואוסט וואָס צו טהאָן, בין געבליבען שטעהן און האָב זיך גענומען מישב זיין מיט זיך אַליין. אויף קיין פאַל נים! האָב איך זיך ענדליך געזאָגט. ליידער בין איך נים אין אַזאַ צושטאַנד, צו קענען פערטראָגען שפּייזען; דיזעלבע געשיכטען מיט איינבילדונגען און אַהנונגען און משוגענע איינפעלע קענען זיך נאָך ווידער־האָלען, מיין אַרטיקעל וועט נים פאַרטיג ווערן, און ס'איז דאָך נויטיג פאַר מיר צו קומען צום „קאָמאַנדיר", איידער ער האָט מיך פערגעסען,

אויף קיין אופן ניט! כ'האָב זיך אַלזאָ ענטשלאָסען צו פערלאַנגען אַ ליכט. און דערמיט בין איך אַריין אין קראָם.

ביים קלייט-טיש שטעהט אַ פרוי און קויפט עפּעס איין; לעבען איהר ליגען עטליכע קליינע פעקלאַך, איינגעוויקעלט אין פערשיעדענע סאָרטען פאַפּיר. דער קאָמי, וועלכער קען מיך שוין און וויים וואָס איך קויף געוועהנליך, פרעגט קיין שאלות ניט, וויקעלט איין אַ ברויט אין אַ צייטונג און דערלאַנגט עס מיר.

„ניין, היינט אָוועגד האָב איך אייגענטליך געוואָלט אַ ליכט," זאָג איך זעהר שטיל און עניוות'דיג זאָג איך דאָס, כדי איהם ניט אַריינ־צוברייננגען אין כעס און דערמיט פערלירען מיין אויסזיכט אויף דאָס ליכט.

מיין ענטפער צוטומעלט איהם דעם מוח; מיינע אונערוואַרטעטע ווערטער ברייננגען איהם עפּעס אַריין אַזוי ווי אין אַ פערלעגענהייט; ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב פון איהם פערלאַנגט עפּעס אַנדערש ווי ברויט.

„דאַן מוזט איהר אויסוואַרטען אַ רגע," רופט ער זיך ענדליך אָב און ווענדט זיך ווידער צו דער פרוי.

זי קריגט איהרע זאַכען, בעצאָהלט, גיט אַ בילעט פון פינף קראָ־נען, אויף וועלכען זי בעקומט אויסגאָב, און געהט זיך אַרויס פון׳ קראָם.

אַצונד זיינען דער קאָמי און איך אַליין.

ער זאָגט:

„איהר ווילט אַלזאָ אַ ליכט." דאָס זאָגענדיג רייסט ער אויף אַ פּעקעל ליכט און נעהמט אַרויס איינס פאַר מיר.

ער קוקט מיך אָן, — און איך בין ניט אים שטאַנד, צו ברייננגען מיין בקשה איבער די ליפּען.

„אַך, כ'האָב גאָר פערגעסען, איהר האָט דאָך בעצאָהלט," רופט ער זיך פּלוצלינג אָן. ער זאָגט גאַנץ איינפאַך, אַז איך האָב בעצאָהלט; כ'האָב געהערט יעדעס וואָרט. און דאַן צעהלט ער דאָס זילבער־געלד אויף דער קאַסע, איין קראָנע אויף דער אַנדערער, בלאַנקעס, פעטעס געלד, — ער גיט ווייטער אויסגאָב פון פינף קראָנען.

„ביטע!" מאַכט ער.

און איך שטעה דאָ און קוק אָן אַ רגע דאָס דאָזיגע געלד; כ'פער־שטעה, אַז עפּעס מוז דאָ זיין ניט גלאַט, נאָר איך איבערלייג זיך ניט, כ'טראַכט לחלוטין ניט פון וואָס עס איז, און איך בין נור ערשטוינט

איבער דאָס גאַנצע רייכטהום, וואָס בלישטשעט דאָרט פֿאַר מיינע אויגען. דערנאָך נעהם איך מעכאַניש צונויף דאָס געלד.

דום פֿאַר פֿערוואונדערונג, דערשלאָגען, פֿערניכטעט שטעה איך לעבען פֿערקויף־טיש; ענדליך גיב איך אַ טראַט צום טהיר צו און בלייב ווידער שטעהן. מיין בליק פֿאַלט אויף אַ בעשטימטען פונקט אויף דער וואַנד, וואו ס'איז געהאַנגען אַ קליין גלעקעל אויף אַ לעדערנעם האַלז־באַנד, און אונטער דעם אַ בינדעל מיט שנירלאַך. דאָס אַלעס האָב איך אָנגעקוקט מיט אַזעלכע נייגיריגע אויגען, אַקוראַט ווי איך וואָלט קיינמאָל אַזאַ זאַך ניט געזעהן.

דער קאָמי מיינט, אַז איך וואָלט געוואָלט אַריינגעהן אין אַ שמועס מיט איהם, מחמת איך נעהם מיר עפּעס אַזוי פֿיעל צייט, און צונויפֿ־לייגענדיג אַ הויפֿען מיט פּאַק־פּאַפּיר, וואָס האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אויף'ן קלייט־טיש, רופֿט ער זיך אָן:

„עס זעהט אויס, אַזוי ווי עס וואָלט אָנגעהויבען ווינטערן."

„הם! יאָ," האָב איך געענטפֿערט, „עס זעהט אויס, אַזוי ווי ס'וואָלט אָנגעהויבען ווינטערן. ס'זעהט אַזוי אויס." און טאַקי גלייך נאָכדעם: „נו יאָ, ס'איז אויך ניט צו פֿריה."

כ'האָב זיך געהערט ריידען, יעדעס וואָרט דייטליך, אַקוראַט ווי אַן אַנדער מענש וואָלט גערעדט; כ'האָב גערעדט אונבעוואוסט, ניט פֿרייוויליג, גאָרניט פֿיהלענדיג, אַז איך רייד.

„אַזוי? איהר מיינט ווירקליך, אַז עס איז ניט צו פֿריה?" מאַכט דער קאָמי.

כ'האָב אַריינגעשטעקט די האַנד מיט'ן געלד אין קעשענע, אַ דריק געטהאָן די קליאַמקע און בין אַרויס; כ'האָב געהערט, ווי איך האָב גע־זאָגט גוטע נאַכט און דער משרת פֿון קלייט האָט אָבגעענטפֿערט.

איך בין שוין געווען אָבגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, אַז די קלייט־טהיר גיט זיך אַ רים אויף מיט אימפּעט און דער קאָמי רופֿט מיך צוריק. כ'האָב זיך אומגעדרעהט, אָהן פֿערוואונדערונג, אָהן אַ שפּור פֿון שרעק; כ'האָב נור צונויפֿגענומען דאָס געלד און זיך צוגעגרייט, עס איהם אָבגעבען צוריק.

„בימע, איהר האָט פֿערגעסען אייער ליכט."

„אַ דאַנק אייך!" האָב איך רוהיג געזאָגט. „אַ דאַנק! אַ דאַנק!"

דערנאָך בין איך מיט'ן ליכט אין דער האַנד אַרונטערגעגאַנגען די גאַס.

מיין ערשטער פערנינפטיגער געדאַנק איז געווען מכח דאָס געלד. כ'בין צוגעגאַנגען צו אַ לאַמטערנע, האָב עס נאָך אַמאָל איבערגעציילט, עס אָבגעוואויגען אין דער האנד און זיך צולאַכט. אַצונד בין איך אַלזאָ געהאָלפען, גרויסאַרטיג, וואונדערליך געהאָלפען אויף אַ לאַנגע, לאַנגע צייט! כ'האָב דאָס געלד ווידער אַריינגעשטעקט אין טאַש און בין געגאַנגען ווייטער.

לעבען אַ שפייז־קעלער אין דער סטאָרגאַדע בין איך געבליבען שטעהן און האָב זיך קאַלט און רוהיג מישב געווען מיט זיך אַליין, צי זאָל איך זיך אַריינבאַפען אינעווייניג און טאַקי באַלד עפּעס נעהמען אין מויל אַריין. כ'האָב געהערט דאָס קלאַפּען פון די טעלער און מעסער און גאָפּלען דאָ אינעווייניג, כ'האָב געהערט, ווי מען האַקט איין דאָס פלייש. ס'איז געווען אַ צו גרויסער נסיון. כ'בין אַריין.

„אַ ביפשטייק!"

„אַ ביפשטייק!" האָט די קעלנערין אַריינגעשריען דורך'ן פענסטערל.

כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט ביי אַ קליינעם טיש לעבען טהיר און גע־וואַרט. ס'איז געווען גאַנץ פינסטערלאַך דאָ וואו איך בין געזעסען; איך האָב זיך אַלזאָ געפיהלט ווי עס איז געשיצט און פערשטעלט פון מענשען־אויגען, און איך האָב גענומען נאָכדיינקען. ווען ניט ווען האָט די קעלנערין אַריבערגעקוקט צו מיר מיט אַ נייגיריגען בליק.

איצט האָב איך מיין ערשטע אונעהרליכקייט בעגאַנגען, מיין ערשטע גנבה, אַנטקעגען וועלכער אַלע מיינע פריהערדיגע מעשים זיינען פער־שוואונדען, אַזוי ווי זיי וואָלטען גאָרנישט געווען; מיין ערשטע, — די גרויסע פאַסירונג... זאָל זיין אַזוי! מען קען דאָך שוין ניט צוריקכאַפּען. איבעריגענס איז דאָך נאָך פאַרהאַן אַ מעגליכקייט עס צו פעררירכטען, איינאָרדנען די זאַך מיט'ן קרעמער, אַן אַנדער מאָל, פערשטעהט זיך, שפּעטער, ווען ס'וועט זיך מאַכען אַ געלעגענהייט דערצו. ס'איז דאָך ניט קיין מוז, אַז עס זאָל מיר ווייטער געהן אַזוי שלעכט ווי ביז איצט; אַחוץ דעם האָב איך זיך דאָך ניט פערפליכטעט צו לעבען עהרליכער איידער אַלע אַנדערע מענשען, כ'האָב אסור אַ קאָנטראַקט געשריבען...

„קריג איך מיין ביפשטייק באַלד?"

„די מינוט." די קעלנערין עפענט דאָס פענסטערל און קוקט אַריין אינעווייניג.

אָבער אַשטייגער ווען די זאַך זאָל אויפגעדעקט ווערן? ווען דער קאָמי זאָל מיט אַמאָל וואַרפען אַ חשד און אָנהויבען נאָכדיינקען מכח דעם ברויט און די פינף קראָנען, פון וועלכע די פרוי האָט געקראָגען אויסגאַב? ס'איז

גאָרניט אונמעגליך, אַז ער זאָל זיך אַמאָל כאַפּען וואָס פֿאַר אַ טעות ער האָט געמאַכט, פֿילייכט שוין דאָס נעכסטע מאָל, ווען איך וועל אַריינקומען אין קלייט. נו מילא, אויך די אייגענע מעשה!... און איך האָב בגנבה אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען.

„ביטע:" האָט די קעלנערין פֿריינדליך געזאָגט און האָט אַוועקגעשטעלט דעם ביפֿשטייק אויף׳ן טיש. „אָבער ווילט איהר ניט ליעבערשט אַריינגעהן אין אַן אַנדער צימער? דאָ איז אַזוי פֿינסטער."

„ניין, אַ דאַנק, לאָזט מיך זיצען דאָ," האָב איך געענטפֿערט. איהר פֿריינדליכקייט ריהרט מיך פלוצלונג; כ׳בעצאָהל תיכף פֿאַר׳ן ביפֿשטייק, גיב איהר ניט קוקענדיג וואָס איך קריג נור אַרויס פֿון טאַש, און דריק איהר די האַנד. זי טהוט אַ שמייכעל און איך זאָג אויף קאַטאָוועס, מיט טרעהרען אין די אויגען: „פֿאַר דעם רעשט קענט איהר זיך קויפֿען אַ הויז..."

„אַה! ווינש איך גוטען אַפּעטיט!"

כ׳האָב אָנגעהויבען עסען, כ׳בין וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ גיעריגער און האָב אַרונטערגעשלונגען גרויסע שטיקער נאָך איידער איך האָב זיי צוקייט; מיט דער זשעדנעקייט פֿון אַ חיה האָב איך געפּאַקט און געפּאַקט אין מויל אַריין. אַזוי ווי אַ מענשענפֿרעסער האָב איך צוריסען דאָס פֿלייש.

די קעלנערין איז ווידער צוגעקומען צו מיר.

„איהר ווילט גאָרנישט טרינקען?" און דערביי האָט זי זיך אַראָבגעבויגען צו מיר.

כ׳האָב זי אָנגעקוקט; זי האָט גערעדט זעהר שטיל, כמעט אַזוי ווי געשושקעט זיך, און בעת מעשה האָט זי אַראָבגעלאָזט די אויגען צו דער ערד.

„כ׳מיין אַ גלאָז ביער, אָדער עפּעס אַנדערש... וואָס איהר וואָלט פֿון מיר פֿערלאַנגט... דערצו... אויב איהר ווילט..."

„ניין, אַ דאַנק!" האָב איך געענטפֿערט. „איצט ניט. כ׳קום אַן אַנדערס מאָל ווידער."

זי איז אַוועק און האָט זיך אַנידערגעזעצט הינטער׳ן שענק-טיש; כ׳האָב נור געזעהן איהר קאָפּ. אַ גרויסאַרטיג מיידעל!

אַז איך בין פֿאַרטיג געוואָרען, בין איך גלייך צוגעגאַנגען צו דער טהיר. כ׳האָב שוין געשפּירט אַ ניט-גוטקייט. די קעלנערין איז אויפֿגעשטאַנען. כ׳האָב ניט געוואָלט צוגעהן צו נאָהענט, זיך ניט ציינען פֿאַר דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט קיין אַהנונג ניט געהאַט פֿון מיין עלענד;

דעריבער האָב איך האַסטיג געזאָגט אַ גוטע נאַכט, איהר צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און בין אַרויס אין גאַס.

דאָס עסען האָט אָנגעהויבען ווירקען. כ'האָב שטאַרק געליטען און עס לאַנג ניט געקענט האַלטען אין זיך. ביי יעדען פינסטערן ווינקעל, וואָס איך בין פערבייגעגאַנגען, האָב איך עס אויסגעבראָכען, כ'האָב געקעמפפט מיט דער דאָזיגער ניט־גוטקייט, וועלכע האָט מיך פון דאָס ניי אויסגע־הייהלט און איבערגעקעהרט מיינע געדערים, די פויסטען האָב איך צו־נויפגעדריקט, זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כחות, אַ קלאַפּ געגעבען מיט'ן פוס — אומזיסט! ענדליך בין איך אַריינגעלאָפען ערגעץ אין אַ טויער, האָב אָנגעבויגען דעם קאָפּ, און כמעט בלינד פון די טרעהרען, וואָס האָבען אַרויסגעפלאַצט פון די אויגען, האָב איך אויסגעבראָכען אַלץ, וואָס איך האָב אין זיך געהאַט.

פערביטערט בין איך ווידער אַרויס אויף דער גאַס, כ'האָב געוויינט, געשאָלטען די גרויזאַמע מעכטע — ווער זיי זאָלען ניט זיין — וועלכע פערפאָלגען מיך, און איך האָב זיי געוואונשען די אייביגע יסורים פון הנום פאַר זייער נידערטרעכטיגקייט. בנאמנות, מען מוז מודה זיין, דאָס שיקזאַל איז גאָרנישט פיין, זעהר נישט עדעל!... כ'בין צוגעגאַנגען צו אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען און אַריינגעקוקט אין אַ פענסטער פון אַ קלייט, און איהם אויף גיך געפרעגט וואָס דאַרף מען, נאָך זיין מיינונג נאָך, געבען אַ מענשען, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געהונגערט. ס'געהט איינפאַך אין לעבען, האָב איך געזאָגט, ער פערטראָגט ניט קיין ביפשטייק.

„כ'האָב געהערט זאָגען, אַז מילך זאָל זיין גוט, געקאָכטע מילך,“ האָט דער מאַן געענטפערט זעהר פערוואונדערט. „פאַר וועמען פרעגט איהר זיך דאָס אייגענטליך נאָך?“

„אַ דאַנק! אַ דאַנק!“ האָב איך זיך אָבגערופען. „ס'קען טאַקי זיין, געקאָכטע מילך...“

און דערמיט לאָז איך זיך געהן ווייטער.

איך בין אַריין אין דאָס ערשטע קאַפע־הויז, וואָס איך בין פערביי־געגאַנגען, און האָב געבעטען געקאָכטע מילך. כ'האָב געקראָגען וואָס איך האָב בעשטעלט, עס אויסגעטרונקען אַזוי הייס ווי ס'איז געווען, אַרונטער־געשלונגען מיט גיריגקייט ביז'ן לעצטען טראָפּען, בעצאָהלט און איך בין ווייטער געגאַנגען אַהיים.

דאָ פּאַסירט עטוואָס זעלטזאַמעס. פאַר מיין טהיר אָנגעשפּאַרט אָן דער גאַז־לאַמטערנע, פונקט אין מיטען פון איהר העלען שיין, שטעהט אַ פיגור, וועלכע איך דערקען גלייך פון ווייטען — ווידער אמאָל די שוואַרץ־געקליידעטע

דאַמע פֿון די פֿריהערדיגע אָוונדען. דאָ האָט קיין שום טעות ניט געקענט זיין; צום פֿערטענמאָל געפֿינט זי זיך דאָ אויף'ן זעלבען פּלאַץ. זי שטעהט און ריהרט זיך ניט פֿון אָרט.

דאָס קומט מיר פֿאָר עפּעס אַזוי מאָדנע, אַז גאָר ניט ווילענדיג הויב איך אָן געהן פּאַמעליך, די געדאַנקען מיינע זיינען אין דער רגע אין דער בעסטער אָרדנונג; אָבער איך בין אויפֿגערעגט; מיינע נערוועז זיינען נאָך צורייצט פֿון דער לעצטער מאָהלצייט. ווי דער שטייגער איז געה איך דורך גאַנץ נאָהענט פֿערביי איהר, קום צו כמעט ביז צו דער טהיר און האָב שוין בדעה אַריינצוגעהן אינעווייניג. דאָ בלייב איך אָבער שטעהן. פּלוצלינג פֿאַלט מיר עפּעס איין. אָהן אַ שום אויסרעכענונג, ניט וויסענדיג אַליין פֿאַרוואָס און פֿאַר ווען, קעהר איך זיך אום צוריק, געה גלייך צו צו דער דאַמע, קוק איהר אַריין אין געזיכט און בעגרים זי:

„גוטען אָוונד, פֿריילין!"

„גוטען אָוונד!"

צי זוכט זי וועמען דאָ? כ'האָב זי שוין פֿריהער בעמערקט; צי קען איך איהר ניט אין וואָס עס איז בעהילפֿיג זיין? איבעריגענס, בעט איך טויזענד מאָל ענטשולדיגונג.

זי ווייסט ניט אויף ריכטיג, צי...

אין יענעם טויער וואוינט קיינער ניט אויסער מיר און דריי אָדער פֿיער פֿערד; ס'איז אַ שטאַל און אַ באָדנעריי... זי מוז געוויס האָבען אַ טעות, אויב זי זוכט דאָ אימיצען.

זי קעהרט זיך אָב און זאָגט:

„כ'זוך קיינעם ניט, כ'שטעה גלאַט אַזוי דאָ; מיר איז איינגעפֿאַלען, אַז..."

אַז — זוי גאָר, ס'איז, הייסט עס, מעהר ניט געווען ווי אַן איינפֿאַל דאָס וואָס זי איז דאָרט געשטאַנען אָוונד פֿאַר אָוונד. דאָס איז דאָך אָבער אַ מאָדנע זאַך; כ'האָב זיך פֿערטראַכט וועגען דעם און וואָס ווייטער האָב איך אַלץ מעהר ניט געוואוסט וואָס איבערצוקלעהרען מכח דער דאַמע. מילא האָב איך בעשלאָסען צו ווערען סמיעלע. כ'האָב אַ קלונג געטהאָן אַביסעל מיט'ן געלד אין טאַש און אָהן אַ סך טענות זי פֿערבעטען, אַריינ־צוגעהן מיט מיר ערגעץ וואו נעהמען אַ גלאָז ווין... היות אַזוי ווי ס'איז ווינטער, וואָס ניט?... ס'דאַרף דאָך לאַנג ניט דויערן... אָבער אָט אַפּנים זי וויל ניט?...

ניין, אַ דאַנק, דאָס פּאַסט עפּעס ניט. ניין, דאָס קען זי ניט. ווען איך וואָלט אָבער געוואָלט זי בעגלייטען אַביסעל, אַזוי... דער וועג אַהיים

איז אַזוי פֿינסטער, און ס'איז עפּעס ניט היימליך צו געהן אַליין דורך דער קאַרל־יאָהאַן־גאַס, ס'איז שוין אַזוי שפּעט.

נו, האָבען מיר זיך אַוועקגעלאָזט; זי איז געגאַנגען אין דער רעכטער זייט. אַ מערקווירדיג שעהנעס געפֿיהל האָט מיך בעהערשט, דאָס בעװאוסטזיין, אַז איך געפֿין זיך לעבען אַ יונג מיידעל. דעם גאַנצען וועג האָב איך פֿון איהר קיין אויג ניט אַראָבגענומען. דער פּאַרפֿיום פֿון איהרע האָר, די וואַרימקייט, וואָס איז אַרויס פֿון איהר קערפּער, אָט דער פֿרויען־ריח, וואָס האָט זיך געהערט אַרום איהר, דער זיסער הויך איהרער, יעדעס מאָל, וואָס זי האָט זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צו מיר, — אָט דאָס אַלעס האָט מיך אַזוי ווי פֿערפֿלייצט, זיך אַריינגעשפּאַרט צו מיר אין אַלע חושים מיינע. כ'האָב זיך געקענט משער זיין, אַז אונטער'ן שלייער געפֿינט זיך אַ פֿול, בלייכלאַך געזיכט און אונטער'ן מאַנטעל אַ הויך־געוועלבטע ברוסט. דער געדאַנק מכח דעם דאָזיגען פֿערבאָרגענעם אוצר, וואָס איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט אונטער'ן מאַנטעל און שלייער, האָט מיך צוטומעלט, און איך בין געוועזן אויסער זיך פֿאַר גליק, אָהן אַ שום פֿערנינפֿטיגען גרונד; כ'האָב עס שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען, האָב זי אָנגעריהרט מיט דער האַנד, אַרומגעפֿיהרט אַ ווײלע די פֿינגער איבער איהרע שולטערן מיט אַ גנב'ישען שמייכעל. כ'האָב געהערט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט מיר.

„ווי מאָדנע איהר זייט!" האָב איך זיך אָבגערופֿען.

דהיינו?

אַלזאָ ערשטענס האָט זי אַ טבע, אָוועגד פֿאַר אָוועגד צו בלייבען שטעהן לעבען דער טהיר פֿון אַ שטאָל, אָהן אַ שום גרונד, נאָר פּשוט דערפֿאַר וואָס עס פֿאַלט איהר אַזוי איין...

זי קען דאָך פֿאָרט האָבען איהרע גרינדע דערפֿאַר; און אַחוץ דעם בלייבט זי גערן אויף ביז שפּעט אין דער נאַכט, דאָס האָט זי שטענדיג מיט פֿערגניגען געטהאָן. צי לייג איך זיך גערן שלאָפֿען פֿאַר 12 אַזייגער?

איך? אויב ס'איז פֿאַראַן אַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס איך האָב פֿיינט בתכלית השנאה, איז דאָס זיך צו לייגען שלאָפֿען פֿאַר 12 אַזייגער.

אַלזאָ זעהט איהר שוין! נאַ, און אויסערדעם מאַכט זי אָט דעם שפּאַציר־גאַנג תמיד ביינאַכט, אַז זי האָט צייט; זי וואוינט אויף סאַנט אָלאַף'ס פּלאַץ...

„אילאיאלי!" האָב איך אַ געשריי געטהאָן.

„וואָס!"

„כ'האָב נור געזאָגט אילאַיאַלי... אַלזאָ רעדט, רעדט ווייטער!"

זי וואוינט אויף סאַנט אָלאַף'ס פּלאַץ, אַליין מיט איהר מאַמע'ן, מיט וועמען מען קען ניט ריידען, ווייל זי איז אַזוי טויב. וואָס זשע איז דאָ אַזוי פאַר אויסערגעוועהנליכעס, אַז זי געהט גערן אַביסעל אַרויס פון שטוב?

„גאָרנישט," האָב איך געזאָגט.

נו אַלזאָ? — אין איהר שטימע האָב איך געקענט הערען, אַז זי שמייכעלט.

צי האָט זי אַקאָרשט ניט אַ שוועסטער?

יאָ, אַן עלטערע שוועסטער — פון וואַנען איך ווייס דאָס? — די איז אָבער אַוועקגעפאָהרען קיין האַמבורג.

דאָ ניט לאַנג?

פאַר פינף וואָכען. פון וואַנען איך ווייס, אַז זי האָט אַ שוועסטער? כ'ווייס עס גאָרניט, כ'האָב סתם אזוי געפרעגט.

מיר זיינען אַנשווייגען געוואָרען. אַ מאַן מיט אַ פּאָר שטיוועל אונ־טער'ן אָרים געהט דורך פערביי אונז, ווייטער איז די גאַס ליידיג, אַזוי ווייט ווי מיר קענען זעהן. פון טיוואָלי שלאָגט אָב אַהער דער שיין פון אַ גאַנצער שורה מיט פערשיעדען־פאַרביגע לאָמפען. ס'האָט אויפגעהערט שנייען, דער הימעל איז געוועזן קלאָהר.

„גאָט, ס'איז אייך גאָר ניט קאַלט, אָהן אַן אויבער־ראָק?" רופט זיך פלוצלינג אָב די דאַמע און טהוט אַ קוק אויף מיר.

זאָל איך איהר זאָגען, פאַרוואָס איך האָב קיין ווינטער־ראָק ניט? איהר גלייך אויפדעקען מיין שטאַנד און זי שוין פערטרייבען פון מיר? ס'איז דאָך אַזוי גרויסאַרטיג דאָ לעבען איהר צו געהן און זי נאָך אַ רגע האַלטען אין אונוויסענהייט; כ'האָב אַלזאָ אַ לאַך געטהאָן און געזאָגט:

„ניין, גאָרנישט." און כדי נור אַרויפצוקומען אויף אַן אַנדער שמועס, טהו איך אַ פרעג: „האָט איהר געזעהן די חיות אין טיוואָלי?"

„ניין," האָט זי געענטפערט. „פאַרהאַן דאָרט וואָס צו זעהן?"

ווען עס פאַלט איהר אַשטייגער איין צו וועלען געהן אַהין? דאָרט, וואו ס'איז אַזוי ליכטיג און וואו ס'זיינען דאָ אַזוי פיעל מענשען! דאָס וועט איהר נאָך אַריינברייגנען אין אַ צו שטאַרקער פערלעגענהייט; מיין שלעכטער אַנצוג, מיין מאַגערער פּנים, וואָס איך האָב אַחוץ דעם שוין זיבען צוויי טעג ניט געוואַשען, דאָס וועט איהר איינפאַך פעריאָגען פון מיר; אפשר וועט זי נאָך אויסגעפינען, אַז איך טראָג קיין וועסט ניט..

„אַך, ניין," האָב איך דעריבער געזאָגט, „זעהן איז דאָרט געווים ניטאָ וואָס." און דאַן זיינען מיר איינגעפאַלען אַ גאַנצע מאַסע גליקליכע זאַכען. מיט וועלכע איך האָב זיך תיכף ומיד בענוצט, אַ פּאָר פּראָסט־פּשוט'ע ווערטער, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען ביי מיר אין מיין אויסגעטריקענטען מוח: וואָס קען מען פאָרט ערוואַרטען פון אַזאַ קליי־נעם טהיער־גאָרטען? איבערהויפּט האָבען חיות, ווען זיי זיינען פערשפּאַרט אין שטייג, פאַר מיר קיין שום אינטערעס ניט. אָט די חיות ווייסען, אַז מען שטעהט דאָ און מען קוקט אויף זיי; זיי פיהלען די הונדערט נייע־גיריגע בליקען און ווערן דערפון בעאיינפלוסט. ניין, מיר געפעלען בעסער אַזעלכע חיות, וואָס ווייסען ניט, אַז מען קוקט אויף זיי. יענע ווילדע בריאות, וואָס יאָגען זיך אַרום ביי זיך אין די הייהלען, אָדער די וואָס ליגען דאָרט פערטראַכטערהייט מיט פינטעלנדע, גרינע אויגען און לעקען די לאַפּעס זייערע. ניט אַזוי?

יאָ, דאָס איז ווירקליך אַזוי ווי איך מיין.

נור אין דער חיה מיט איהר גאַנצער מורא'דיגקייט, מיט איהר גאַנצער ווילדקייט ליגט וואָס בעזאָנדערעס. די שטילע, בגנבה'דיגע טריט ביינאַכט אין דער פינסטער, די אונהיימליכקייט פון וואַלד, דער געשריי פון אַ פערבייפליהענדען פויגעל, דער ווינד, דער ריח פון בלוט, דער רעש איבער אונז אין דער לופט, הקיצור, דער גייסט פון דער רויבטהיער־וועלט אין דעם רויבטהיער... די פּאָעזיע פון דעם אונבעוואוסטען...

אָבער כ'האָב מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל זי ניט פערמאַטערן, און דער געדאַנק וועגען מיין גרויסען דלות האָט מיך פון דאָס ניי אַ פּאַק געטהאָן און מיך אַראָבגעבויגען ביז צו דער ערד. וואָלט איך נור איינינערמאַסען געוועזן אָנגעטהאָן מעשה מענש, וואָלט איך איהר מיט דעם דאָזיגען שפּאַציר אין טיוואָלי געקענט אָנטהאָן גרויס פערגניגען! איך האָב גאָר ניט געקענט פערשטעהן, וואָס דאָס איז פאַר אַ פּערזאָן, וועלכע שעפּט תענוג דערפון, וואָס זי שלעפּט זיך אַרום די גאַנצע קאַרל־יאָהאַן־גאַס מיט אַ האַלב־נאַקעטען בעטלער. צו'ן אַלדע גוטע יאָהר, וואָס טראַכט זי זיך אייגענטליך? און נאָך וואָס געה איך און פוטץ זיך און שמייכעל אַזוי נאַריש פאַר גאָרנישט? צי שטעקט דען וואָס פאַר עס איז שכל אין דעם, וואָס איך לאָז מיך פערשלעפּען אויף אַזאַ וויטען וועג פון אָט דעם צאַרטען זיידענעם פויגעל? וואָס זשע, ס'קאָסט מיר אַפּנים גאָר קיין כוחות ניט? צי דערפיהל איך דען ניט אַ ביטערע קעלט ווי דער טויט אין האַרצען, אַזוי גיך ווי דאָס מינדעסטע ווינטעלע טהוט נור אַ בלאָז אויף אונז? און צי קעהרט זיך מיר דער מוח שוין ניט

איבער, נור מחמת דעם וואָס איך האָב שוין זינט מאָנאַטען לאַנג ניט געהאַט געגעסען. זי האָט מיך זאָנאַר ניט געלאָזט אַריינגעהן אַהיים, נעהמען אַ טראָפּען מילך אויף'ן צונג, אַ לעפּעל מילך, וואָס מיין מאָגען וואָלט נאָך ווי עס איז געקענט איינהאַלטען אין זיך. פאַר וואָס האָט זי זיך ניט אויסגעדרעהט מיט'ן רוקען צו מיר און מיר ניט געהייסען געהן צום טייוועל?...

כ'בין געוועזען אויסער זיך פאַר פערצווייפלונג; מיין פינסטערע לאַגע, אָהן אַ שיין פון האָפנונג, האָט מיך איינפאַך אַרויסגעבראַכט פון די כלים און איך האָב זיך אָבגערופען:

„אייגענטליך וואָלט איהר ניט געדאַרפט געהן מיט מיר, פריילין; איך שענד אייך פאַר דער גאַנצער וועלט, נור דורך מיין אַנצוג. יאָ, ס'איז ווירקליך וואהר, כ'מיין עס ערנסט.“

זי ווערט פערוואונדערט. האַסטיג הויבט זי אויף דעם קאָפּ, דער־לאַנגט אַ קוק אויף מיר און שווייגט. ענדליך רופט זי זיך אָב:

„ליעבער גאָט!“ וויוטער זאָגט זי גאָרנישט.

„וואָס מיינט איהר דערמיט?“ האָב איך געפרעגט.

„אוף, ניין, איהר פערשעהמט מיך... איצט איז שוין יעדענפאַלס ניט וויט צו מיר.“ און דאָס זאָגענדיג האָט זי גענומען שטעלען אַביסעל שנעלערע טריט.

מיר האָבען זיך פערקירעוועט אין דער אוניווערזיטעט־גאַס און טאַקי באַלד האָבען מיר דערזעהן די לאַמטערנעס פון סאַנט אָלאַף'ס פלאַץ. אַצונד האָט זי ווידער גענומען געהן לאַנגזאַמער.

„איך וויל ניט אויפדעקען קיינעמ'ס סודות,“ האָב איך זיך אָבגע־רופען, „אָבער ווילט איהר מיר ניט זאָגען אייער נאָמען, איידער מיר שיידען זיך? און ווילט איהר ניט באַטש אויף איין רגע אַרונטערנעהמען דעם שלייער אייערן, כדי איך זאָל אייך קענען זעהן? איך וועל אייך אַזוי דאַנקבאַר זיין דערפאַר.“

פויזע. איך האָב געוואַרט.

„איהר האָט מיך שוין איינמאָל געזעהן,“ האָט זי געזאָגט.

„ילאַיאַלי!“ האָב איך ווידערהאָלט.

„ווי? איהר זייט מיר איינמאָל נאָכגעגאַנגען אַ האַלבען טאָג נאָכאַ־נאַנד, ביז מיין היים. איהר זייט דאַן שכור געוועזען?“ כ'האָב ווידער אַמאָל געהערט, ווי זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

„יאָ,“ האָב איך געזאָגט, „יאָ, ליידער בין איך דעמאָלט שכור געוועזן.“

„דאָס איז געווען מיאוס פֿון אייער זייט.“

און אַ דערשלאָגענער, אַ פֿער׳משפּט׳ער, האָב איך צוגעגעבען, אַז ס׳איז ווירקליך געווען מיאוס פֿון מיין זייט.

מיר זיינען צוגעקומען ביז צום פֿאָנטאַן און האָבען אַרויפֿגעקוקט צו די פֿיעלע בעלייכטעטע פֿענסטער אין נומער 2.

„וויטער דאַרפֿט איהר אַצונד ניט מיטגעהן מיט מיר,“ האָט זי געזאָגט. „אַ דאַנק פֿאַר היינט אָווענד!“

כ׳האָב אַ נייג געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, כ׳האָב ניט געוואַגט אויסצורייזען אַ וואָרט. דערנאָך האָב איך אַרונטערגענומען דעם הוט און בין געשטאַנען מיט אַ הוילען קאָפּ פֿאַר איהר. צי זי וויל מיר ניט געבען די האַנד?

„פֿאַרוואָס בעט איהר מיך ניט, צוריקגעהן מיט אייך אַ שטיקעל וועג?“ האָט זי אַ פֿרעג געטהאָן שטילערהייט און אַראָבגעקוקט אויף די שפּיצען פֿון איהרע שיך.

„מיין גאָט,“ האָב איך געענטפֿערט אויסער זיך, „גאָט מיינער, ווען איהר וואָלט עס נור וועלען טהאָן!“

„יאָ, אָבער נור אַ קליין שטיקעל וועג.“

מיר האָבען זיך אומגעקעהרט.

איך בין געווען צומישט און האָב ניט געוואוסט ווי איך זאָל געהן אָדער שטעהן; אָט די בריאה האָט מיר איינפֿאַך דעם מוח איבערגעקעהרט. כ׳בין געווען אויסער זיך, פֿריילאַך גאָר אויף אַ מאָדנעם אופן; מיר האָט זיך אָבגעדוכט, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט צו גרונד געגאַנגען פֿון לויטער גליק. זי האָט אויסדריקליך געוואָלט געהן צוריק מיט מיר; דאָס איז ניט געווען מיין איינפֿאַל, נאָר איהר אייגענער וואונש. כ׳גיב אַ קוק אויף איהר און ווער וואָס וויטער אַלץ מוטהיגער, זי מונטערט מיך אויף און ציהט מיך מיט יעדען וואָרט אַלץ מעהר צו צו זיך. אויף איין רגע פֿערגעס איך אָן מיין אָרימקייט, מיין קליינקייט, אָן מיין גאַנצען קלעגליכען לעבען; כ׳האָב דערפֿיהלט, ווי וואַרם דאָס בלוט האָט מיר געפּליסט דורך׳ן קערפּער, — גאָר אַזוי ווי אין די אַלטע צייטען, איידער איך בין געוואָרען אַ שברי כלי — און איך האָב בעשלאָסען פֿון אויבען אויף, אויף אַן איידעלען אופן געוואָהר ווערן, וואו איך האַלט ערגעץ מיט איהר אין דער וועלט.

„איבעריגענס בין איך גאָר דעמאָלט נאָכגעגאַנגען ניט נאָך אייך, נאָר נאָך אייער שוועסטער,“ האָב איך זיך אָבגערופֿען.

„מיין שוועסטער?" האָט זי געפֿרעגט, אויסער זיך פֿאַר ערשטוינונג. זי בלייבט שטעהן, קוקט מיך אָן און וואַרט ווירקליך אויף אַן ענטפֿער. זי האָט געפֿרעגט גאַנץ ערנסט.

„יאָ," האָב איך געענטפֿערט. „הם! ס'הייסט, די אינגערע פֿון די ביידע דאַמען, וועלכע זיינען געגאַנגען פֿאַר מיר."

„די אינגערע? ווירקליך? האַ, האַ, האַ!" מיט אַמאָל האָט זי זיך צולאַכט אויף'ן קול, אַזוי הערצליך ווי אַ קינד. „נאַ, וואָס פֿאַר אַ כיטראַק איהר זייט עס! איהר האָט עס נור געזאָגט, כדי איך זאָל אַראָבנעהמען דעם שלייער. ניט אמת? יאָ, כ'האָב עס גוט געזעהן. אָבער דאָ האָט איהר גאָרנישט געטראָפֿען... אַלס שטראָף פֿאַר אייך."

מיר האָבען געלאַכט און געשפּאַסט, ניט אויפֿגעהערט ריידען די גאַנצע צייט; איך האָב ניט געוואוסט וואָס איך רייד, כ'בין געווען אַזוי פֿריילאַך. זי האָט דערצעהלט, אַז זי האָט מיך שוין מיט אַ לאַנגע צייט צוריק געזעהן איינמאָל, אין טעאַטער. איך בין דאָרט געווען מיט דריי קאַמעראַדען און האָב זיך בענומען אַזוי ווי אַ פֿערריקטער. ליידער בין איך דעמאָלט אויך אַפּנים געווען שכור!

פֿאַרוואָס זי מיינט אַזוי?

ווייל איך האָב אַזוי פֿיעל געלאַכט.

אַזוי? נו יאָ, דעמאָלט האָב איך נאָך געלאַכט!

און איצט שוין ניט מעהר?

אָה געוויס, איצט אויך.

מיר זיינען צוגעקומען צו דער קאַרל-יאָהאַן-גאַס. „ווייטער געהען מיר ניט!" האָט זי געזאָגט. און מיר זיינען ווידער אַרויף די אוניווערזי־טעטס-גאַס. אַז מיר זיינען פֿון דאָס ניי צוגעקומען צו דעם פֿאָנטאַן, האָב איך גענומען געהן לאַנגזאַמער; כ'האָב געוואוסט, אַז ווייטער טהאָר איך שוין ניט מיטגעהן מיט איהר.

„נאַ, אַצונד מוזט איהר זיך אומקעהרען," האָט זי זיך אָבגערופֿען און איז געבליבען שטעהן.

„יאָ, פֿערשטעהט זיך, אַז איך מוז."

אָבער גלייך נאָכדעם האָט זי חרטה געהאַט און געזאָגט, אַז איך קען איהר בעגלייטען ביז צו דער טהיר פֿון איהר הויז. גאָט אין הימעל, דאָס איז דאָך ניט קיין פֿערברעכען, חלילה. ווי?

„ניין," האָב איך געזאָגט.

אַז מיר זיינען געשטאַנען ביי דער הויז-טהיר, האָט זיך מיין גאַנצער עלענד פֿון דאָס ניי אַרויפֿגעלאָזט אויף מיר. ווי אַזוי קען מען דען

בלייבען מוטהיג, אַז מען איז אַזוי געבראָכען? אָט שטעה איך אַלזאָ לעד־בען אַ יונגער דאַמע, שמוציג, צוריסען, אויסגעמאָרעט פון הונגער, אומגעוואַשען, נור אַ העלפט אָנגעטהאָן, — טאַקי מעהר ניט ווי נור אין דער ערד אַריינצוזינקען. כ'האָב זיך געמאַכט קליין, זיך ניט ווילענדיג איינגעקאָרטשעט אין דרייען און געזאָגט:

„וואָלט איך ניט געקענט זיך ווידער אַמאָל טרעפען מיט אייך?"

כ'האָב ניט געסמייעט צו האָפען, אַז זי וועט מיר געבען נאָך אַ ראַנדע־וואו; כ'האָב כמעט געוואונשען צו הערען פון איהר אַ שאַרפעס „ניין," האָס זאָל מיך קענען שטאַרקען און מאַכען גלייכגילטיג.

„פאַר וואָס ניט?" האָט זי געזאָגט שטילערהייט כמעט אונהערבאַר.

„ווען?"

„כ'ווייס ניט."

פויזע.

„ווילט איהר ניט אויפהויבען דעם שלייער כאָטש אויף איין איינציגע רגע," האָב איך געזאָגט. „כדי איך זאָל זעהן מיט וועמען איך האָב גערעדט? בלויז אויף איין רגע. כ'מוז זעהן, מיט וועמען איך האָב גערעדט."

פויזע.

„איהר קענט מיך דאָ אָבוואַרטען דינסטאָג אָווענד," האָט זי געזאָגט „איהר ווילט?"

„יאָ, ליעבסטע, אויב איהר ערלויבט!"

„אַרום אַכט."

„גוט."

כ'האָב אַ גלעט געטהאָן מיט דער האַנד איבער איהר מאַנטעל און אַראָבגעשאַרט דעם שנעע, נור אום זי צו קענען אָנריהרען; ס'איז פאַר מיר געווען אַ זיסער תענוג, צו מעגען זיין אַזוי נאָהענט לעבען איהר

„אָבער איהר דאַרפט ניט דיינקען אַזוי שלעכט וועגען מיר," האָט זי זיך אָבגערופען און ווידער אַ שמייכעל געטהאָן.

„ניין. . ."

פלוצלונג האָט זי געמאַכט אַן ענטשלאָסענעם טריט און האָט אַרויפ־געשאַרט דעם שלייער ביז אויף'ן שטערן; אַ רגע האָבען מיר זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע. אילאַיאַלי! האָב איך געזאָגט.

זי האָט זיך אַ הויב געטהאָן, פערוואָרפען איהרע אָרעמס אַרום מיין האַלז און מיר אַ קוש געגעבען אין מויל. איין איינציג מאָל, אויף גיך

משונה'דיג גיך, אויף'ן מויל. כ'האָב געפֿיהלט, ווי דער בוזים האָט זיך איהר געהויבען, זי האָט מורא'דיג געסאָפּעט.

דערנאָך האָט זי זיך מיט אַמאָל אַרויסגעריסען פֿון מיינע הענד; אָהן אַ אָטהעם, גאַנץ שטיל האָט זי געזאָגט אַ גוטע נאַכט, זיך אויס-געדרעהט און ניט אויסרייידענדיג מעהר קיין וואָרט, איז זי אַרויפֿגעלאָפֿען די טרעפּ...

די טהיר פֿון הויז האָט זיך פֿערשלאָסען.

---

אויף מאָרגען האָט עס נאָך מעהר געשנייט, אַ שווערער שנעע, פֿערמישט מיט רעגען, גרויסע נאַסע שטיקער, וואָס זיינען אַראָבגעפֿאַלען און געוואָרען צו בלאָטע. דאָס וועטער איז געווען רויה און אייזיג.

כ'האָב זיך אויפֿגעכאַפּט שפּעט אויף'ן טאָג מיט אַ שום אין קאָפּ פֿון דער ביינאַכטיגער אויפֿרעגונג און מיט אַ גליקליך-פֿער'שכור'ט האַרץ דורך דאָס זיסע בעגעגעניש. אין מיין ענטציקונג בין איך אַ ווײַלע גע-בליבען ליגען אופֿערהייט און האָב זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז אילאַיאַלי ליגט מיר ביי דער זייט; כ'האָב אויסגעשפּרייט די אָרעמס, אַרומגענומען זיך אַליין און געוואָרפֿען קושען אין דער לופֿט אַריין. ענדליך בין איך אויפֿגעשטאַנען, ווידער געטרונקען אַ טאָס מילך און ת'כף נאָכדעם גע-געסען אַ ביפֿשטייק און שוין מעהר קיין הונגער ניט געשפּירט; נאָר די נערווען מיינע זיינען מיר ווידער געווען שטאַרק צורודערט.

כ'בין אַרונטער צו די קליידער-באַזאַרען. מיר איז איינגעפֿאַלען, אַז איך וואָלט אפשר געקענט קריגען צו קויפֿען אַ געטראָגענע וועסט פֿאַר אַ ביליגען פּרייז, וואָס ניט איז צו טראָגען אונטערן ראָק, סיי וואָס עס איז. איך בין אַרויף די טרעפּ צום באַזאַר און האָב געפֿונען אַ וועסט, וועלכע איך האָב בעטראַכט פֿון אַלע זייטען. בשעת איך בין אַזוי געשטאַנען און זיך אָבגעגעבען מיט דער וועסט, איז פֿערבייגעגאַנגען מיינער אַ בעקאַנטער, האָט אַ שאָקעל געטהאָן צו מיר מיט'ן קאָפּ און מיך אָנגערופֿען ביים נאָמען; האָב איך געלאָזט הייננגען די וועסט און בין אַרונטער צו איהם. ער איז געווען אַ טעכניקער און האָט זיך געלאָזט געהן אין ביוראָ.

„קומט מיט, מיר וועלען טרינקען אַ גלאָז ביער," האָט ער געזאָגט.

„אָבער אויף גיך, כ'האָב ניט קיין צייט... ווער איז זי דאָס געווען די דאַמע, מיט וועלכער איהר זייט נעכטען ביינאַכט געגאַנגען שפּאַצירען?"

„הערט אַקאָרשט," האָב איך זיך אָבגערופֿען, אייפֿערזיכטיג שוין בלויז אויף זיין געדאַנק אַליין, „ווי אַיז דער דיז, אַז דאָס איז מיין כלה?"

„צום טייוועל, הערסטו, הערסטו!" האט ער אַ געשריי געטהאָן.

„יאָ, נעכטען איז עס צו שטאַנד געקומען."

ער איז שטאַרק פערשעהמט געוואָרען און האט מיר אונבעדינגט גע־גלויבט אויף'ן וואָרט. כ'האָב איהם פערשאָטען מיט ליגענס פון קאָפּ ביז די פיס, כדי זיינער פטור צו ווערן; דאָס ביער איז געקומען, מיר האָבען געטרונקען און זיינען אַרויסגעגאַנגען.

„אַלוֹאָ אַ גוטען טאָג אייך!... איהר הערט!" האט ער פּלוצלונג געזאָגט „כ'בין אייך שולדיג אַ פּאָר קראָנען, און ס'איז כ'לעבען אַ חרפה וואָס איך האָב זיי אייך שוין לאַנג ניט אָבגעגעבען. אָבער איהר וועט נאָר אין גיכען בעקומען דאָס געלד."

„אַ דאַנק," האָב איך געענטפערט. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל די קראָנען פון איהם קיינמאָל ניט אָבקריגען.

ליידער איז מיר דער ביער גלייך אַריין אין קאָפּ, ס'איז מיר געוואָרען וועהר הייס. דער געדאַנק מכח דעם וואָס האט געטראָפען נעכטען ביינאַכט האט מיך ניט צורוה געלאָזט, מיר איינפאַך צוטומעלט דעם מוח. אַשטייגער, ווי וועט זיין, ווען זי וועט דינסטאָג ניט קומען? ווען זי זאָל זיך מיט אַמאָל בערעכענען, עפּעס נעהמען חושד זיין... חושד זיין וואָס?... מיינע געדאַנקען זיינען פּלוצלונג לעבעדיג געוואָרען און האָבען זיך גענומען דרעהען אַרום דאָס געלד. כ'האָב מורא געקראָגען, כ'האָב זיך גענומען שרעקען פאַר זיך אליין. דער שווינדעל מיט אַלע זיינע פּרטים, מיט אַלע קליינינקייטען, איז מיר מיט אַמאָל געשטאַנען פאַר די אויגען; כ'האָב געזעהן די קליינע קראָם, דעם קלייט־טיש, מיין מאָגערע האַנד, בעת איך האָב צונויפגענומען דאָס געלד, און איך האָב מיר אויסגעמאָלט ביי מיר אין געדאַנק דאָס בענעהמען זיך פון דער פּאָליציי, ווען זי וועט קומען מיך אַרעסטירען. הענד און פיס געשלאָסען אין קייטען, ניין, נור די הענד, און אפשר ניט מעהר ווי איין האַנד; דער אוטשאַסטאָק, דאָס פּראָטאָקאָל פון קאָמיסאַר, דער גע־ריוש פון זיין פעדער, וועלכע סקריפּעט אַזוי שטאַרק; אפשר וועט ער לכבוד מיר נעהמען אַ נייע; זיין בליק, זיין נעפעהרליכער בליק! נו, הערר טאַנגען? דאָס קעמערל, די אייביגע פינסטערניש...

הם, כדי זיך צו מאַכען קוראַזש, האָב איך שטאַרק צונויפגעדריקט די הענד, בין געגאַנגען שנעלער און שנעלער און צוגעקומען צו דעם סטאָרטאָרג. דאָ האָב איך זיך אַנידערגעזעצט.

וויים איך וואָס פאַר אַ קינדערייען! ווי אַזוי קען מען מיר פּאַרט בעווייזען, אַז איך האָב גע'גנב'עט? אַחוץ דעם וועט דאָך דער קרעמער־

יונג נים סמייען מאַכען קיין ליאַרם, אפילו ווען ער זאָל שוין אַמאָל אויסגעפינען, ווי אַזוי די זאַך איז צוגעגאַנגען; זיין שטעלע איז דאָך איהם צו ליעב. אַלזאָ קיין ליאַרם, קיין סקאַנדאַלען, איהר הערט וואָס איך זאָג?!

פונדעסטוועגען איז מיר דאָס געלד געלעגען אַזוי ווי אַ שווערע זינד אין קעשענע און האָט מיך נים צורוה געלאָזט. כ'האָב זיך אַליין אויסגע־פרואווט און געפונען קלאָהר און דייטליך, אַז איך בין אַפריהער גליקליכער געווען, דעמאָלט, ווען איך האָב עהרליך און ריין געליטען און געקעמפפט. און אילאַיאַלי! צי האָב איך איהר נים אַראָבגעצויגען מיט מיינע זינדיגע הענד! גאָט אין הימעל! גאָט מיין גאָט! אילאַיאַלי!

פלוצלינג האָב איך אַ שפרונג געטהאָן פון אָרט און בין דירעקט צוגעגאַנגען צו דער פרוי מיט די קיכעלאַך דאָרט ביי דער עלעפאַנטען־אַפטייק. נאָך קען איך זיך אַרויסראַטעווען פון שאַנדע, ס'איז נאָך גאָרנים צו שפעט; כ'וועל ווייזען דער גאַנצער וועלט, וואָס איך בין אים שטאַנד צו טהאָן. אויף'ן וועג האָב איך אָנגעגרייט דאָס גאַנצע געלד, געהאַלטען יעדען העלער אין דער האַנד; כ'האָב זיך אָנגעבויגען איבער דער פרוי'ס טיש, אַקוראַט ווי איך וואָלט געוואָלט עפּעס קויפען, און האָב איהר גאָר אָהן טענות אַריינגעוואָרפען דאָס געלד אין דער האַנד. כ'האָב קיין וואָרט נים אויסגערעדט און בין מיר אַוועק מיין וועג.

ווי גוט ס'האָט געשמעקט, פון דאָס ניי אַן עהרליכער מענש צו זיין! די ליידיגע קעשענעס מיינע זיינען מיר שוין מעהר קיין משא נים געווען; ס'איז געווען אַ חיות, ווידער אַמאָל צו זיין ריין, נקי פון אַלצדינג. אַז איך בערעכען זיך גאַנץ גוט, האָט מיר דאָס דאָזיגע געלד אין גרונד גענומען געקאָסט אַסך זאָרג, אַסך פערבאָרגענע, אינערליכע יסורים; כ'האָב ווירקליך נור מיט אַ שווידער געמוזט טראַכטען דערפון; כ'בין נים קיין פערהאַר־טעוועטע, פערשטיינערטע נשמה, מיין עהרליכע נאַטור האָט זיך עמפעהרט געגען די נידעריגע האַנדלונג. גאָט צו דאַנקען, כ'האָב מיך אַליין, אין מיין אייגענעם בעוואוסטזיין, אויפגעהויבען פון אָבגרונד. טהוט עס מיר נאָך, געהמט זיך אַראָב אַ מוסר פון מיר! האָב איך געזאָגט און אַ קוק געטהאָן אויף דער מענשען־מאַסע דאָרט איז מאַרק. טהוט מיר אַקאָרשט נאָך! כ'האָב אַן אָרעמע, אַלטע קוכען־פרוי בעגליקט. מיר נישט דיר נישט בעגליקט; זי האָט גאָרנים געוואוסט, פון וואַנען ס'איז איהר געקומען. היינט ביינאַכט וועלען די קינדער איהרע זיך שוין נים לייגען שלאָפען הונגעריגע...

אָט די געדאַנקען האָבען מיך אויפגעמונטערט און איך האָב געפונען, אַז איך האָב זיך אויסגעצייכענט אויפגעפיהרט. גאָט צו דאַנקען, אַבי איך בין פטור געוואָרען פון דעם געלד.

בערוישט און נערוועז בין איך געגאַנגען איבער דער גאַס און האָב זיך בעריהמט פאַר זיך אַליין. די פרייד, צו קענען בעגעגענען אילאַיאַלי'ן ריין און עהרליך און איהר קוקען גלייך אין געזיכט אַריין, האָט מיך אין גאַנצען דורכגענומען; כ'האָב מעהר קיין שמערצען ניט געפיהלט, מיין קאָפּ איז געווען קלאָהר און פוסט, מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי אויף מיינע שולטערן וואָלט געזעסען אַ קאָפּ פון לויטער ליכט. כ'האָב געקראָגען חשק, אָבצוטהאָן מאָדנע שפּיצלאַך, ערשטוינליכע זאַכען, איבערקעהרען די גאַנצע שטאָדט מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף. די גאַנצע „גרענעץ" אַרויף האָב איך זיך אויפגעפיהרט ווי אַ משוגע'נער; מיר האָט אַביסעל געשומט אין די אויערן, און ביי מיר אין מוח האָט עס נערווישט אויף וואָס די וועלט שטעהט. שטאַ־ק בעגייסטערט פון זיך אַליין, פון מיין אויפגעלייגטקייט, איז מיר איינגעפאַלען, צוצוגעהן צו אַ פּאָליציי־מאַן, וועלכער האָט צו מיר קיין וואָרט ניט גערעדט, און איהם זאָגען ווי האַלט איך בין, איהם דריקען די האַנד, אַריינקוקען איהם גלייך אין פּנים אריין און זיך דערנאָך אַוועקגעהן. כ'האָב צוגליעדערט די קולות און דאָס געלעכטער פון די פערבייגעהער, בעטראַכט אַ פּאָר פויגעלאַך, וועלכע זיינען אַרומגעשפּרונגען לעבען מיר אין גאַס; כ'האָב אָנגעהויבען שטודירען דעם אויסדרוק פון די ברוק־שטיינער און געפונען אין זיי אַלערליי צייכענס און וואונדערליכע פיגורען. אַזוי בין איך צוגע־קומען צום סטאָרטינג־פּלאַץ.

מיט אַמאָל בלייב איך שטעהן און קוק אויף די דראָשקעס. די קוטשער געהען אַרום און פּלוידערן, די פערד שטעהען מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ אין דעם דאַזיגען פוילען וועטער. אַנו קאָרשט! האָב איך געזאָגט און זיך דערלאַנגט אַ שטוים מיט'ן עלענבויגען. שנעל בין איך צוגע־גאַנגען צום ערשטען וואָגען און אַריין אינעווייניג. אולעוואָלדסוועי נומער 37! האָב איך אַ געשריי געטהאָן. מיר האָבען זיך אַוועקגע־לאָזט.

אויף'ן מיטען וועג האָט זיך דער קוטשער גענומען אומקוקען, זיך אַראָבבויגען און וואַרפען אויגען אין וואָגען אַריין, וואו איך בין געזעסען אונטער'ן פערדעק. וואָס זשע, אָט אַפּנים, ער איז עפּעס חושד? קיין ספק ניט, מיין שלעכטער אַנצוג האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט.

„איך מוז זיך טרעפען מיט אַ געוויסען הערר!" האָב איך אַ געשריי געטהאָן צו איהם, כדי צו פערכאַפּען דעם וועג, און דאַן האָב איך איהם ערקלעהרט, איינגע'טענה'ט מיט איהם, אַז איך מוז דעם מאַן אַבסאָלוט זעהן.

מיר שטעלען זיך אָב ביי נומער 37, כ'שפּרינג אַרויס, לויף אַרויף די טרעפּ ביז'ן דריטען עטאַזש, כאַפּ אָן אַ גלעקעל און קלינג; דאָס גלעקעל צוקלינגט זיך אינעווייניג אויף אַ מורא'דיגען אופן אַ זעקס, זיבען מאָל.

אַ מיידעל עפענט די טהיר; כ'בעמערק, אַז זי טראָגט גאָלדענע אוירינגלאַך און שוואַרצע קנעפּ אויף'ן גראָען קלייד. זי קוקט מיך אָן אַ דערשראָקענע.

כ'פרעג זיך נאָך אויף קירולף, יאָאַכים קירולף, אויב איך טאָר זיך אַזוי אויסדריקען, אַ וואָלהענדלער, הקיצור, דאָס איז ער און קיין אַנדערער איז גאָר ניטאָ...

דאָס מיידעל שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„דאָ וואוינט קיין שום קירולף ניט," מאַכט זי.

זי קוקט מיך אָן, האַלט שוין די האַנד אויף דער קליאַמקע, גרייט אַוועקצוגעהן. זי האָט זיך קיין שום מיה ניט געגעבען, אויסצוגעפינען פאַר מיר דעם מאַן; זי האָט ווירקליך אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געקענט די פערזאָן, אויף וועלכער איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, ווען זי וואָלט נור געוואָלט אַ טראַכט טהאָן אַביסעל, די פוילע בריאה. כ'ביז געוואָרען אין כעס, האָב זיך אויסגעדרעהט מיט'ן רוקען צו איהר און בין צוריק אַרונטערגעלאָפען די טרעפּ.

„ער איז ניט געווען דאָ!" האָב איך אַ זאָג געטהאָן דעם קוטשער.

„ניט דאָ?"

„ניין, פאָרט צו טאָמטעגאָרען נומער 11."

כ'בין געווען שטאַרק צורודערט און האָב דעם קוטשער אויך אָנגע־שטעקט מיט מיין צורודערטקייט; ער האָט אויף זיכער געגלויבט, אַז עס געהט אין לעבען, און איז אָהן טענות געפאָרען ווייטער. געפלויגען איז ער ווי אַ טייוועל.

„ווי הייסט דער מאַן?" האָט ער פלוצלונג אַ פרעג געטהאָן און זיך אומגעדרעהט מיט'ן פּנים צו מיר.

„קירולף, וואָלהענדלער קירולף"

## קנוט האַמסון.

און דער קוטשער האָט אויך געמיינט, אַז קיין אַנדערער איז ניטאָ, אונמעגליך אַ טעות צו האָבען? צי טראָגט ער ניט אַמאָל אַ העלען ראָק?

„וואָס?" האָב איך אַ געשריי געטהאָן. „אַ העלען ראָק? איהר זייט משוגע, צי וואָס? איהר מיינט אַפנים, אַז איך פרעג זיך נאָך אויף אַ טהעע־שאָל?" אָט דער העלער ראָק האָט זיך מיר כלל ניט געגראַמט. ער האָט מיר אין גאַנצען קאַליע געמאַכט דעם מאַן, אַזוי ווי איך האָב איהם מיר אויסגעטראַכט.

„ווי זאָגט איהר, הייסט ער? קירולף?"

„געווים, וואָס זשע, אַזאַ וואונדער איז דאָס? דער נאָמען שענדעט קיינעם ניט."

„האָט ער ניט אַקאָרשט רויטע האָר?"

ס'קען דאָך געמאָלט זיין, אַז ער האָט רויטע האָר, און אַז דער קוטשער האָט עס אַרויסגערעדט פון מויל, בין איך מיט אַמאָל געוואָרען זיכער ביי זיך, אַז עס איז טאַקי אַזוי. כ'בין דעם אָרעמען בעל עגלה פון גאַנצען הארצען דאַנקבאַר געווען און איך האָב איהם געזאָגט, אַז ער האָט דעם מאַן ריכטיג געטראָפען; ס'איז ווירקליך אַזוי ווי ער זאָגט; ס'וואָלט געווען אַ זעלטענהייט, אַזאַ מאַן זאָל ניט האָבען קיין רויטע האָר.

„דאָס מוז אודאי זיין דער, מיט וועמען איך בין אַ פאָר מאָל געפאָהרען," האָט דער קוטשער געזאָגט. „צי געהט ער ניט מיט אַ געפלאָכטענעם שטעקען?"

אַצונד האָב איך געזעהן דעם מאַן לעבעדיג פאַר מיינע אויגען, און איך האָב זיך אָבגערופען:

„האַ, האַ, אָט ד ע ם מאַן האָט נאָך דערוויילע קיינער ניט געזעהן אָהן אַ געפלאָכטענעם שטעקען אין דער האַנד. אין דעם פרט קענט איהר זיין רוהיג, גאַנץ רוהיג."

יאָ, ס'איז קלאָר, דאָס איז דערזעלבער מאַן, מיט וועמען ער איז געפאָהרען. ער דערמאָנט זיך גאַנץ גוט אָן איהם...

און מיר זיינען געפאָהרען ווייטער, אַזוי שנעל, אַז פונקען האָבען געשפריצט.

אין פערלויף פון דיזען גאַנצען אויפגערעגטען צושטאַנד האָב איך אפילו אויף קיין איין רגע ניט פערלאָרען מיין זינען; כ'האָב קלאָר און דייטליך געוואוסט וואָס אַרום מיר קומט פאָר. מיר פאָהרען פערביי אַ פאָליציי־מאַן, און איך דערזעה, אַז ער טראָגט דעם נומער [illegible]. [illegible]ט די

צאָהל גראָבט זיך מיר אַריין אַזוי ווי אַ דאָרן אין מוח. 69, פונקט 69, די וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען, די 69!

פערפלאָנטערט אין די וואַהנזיניגסטע איינפעלע האָב איך זיך אָנגע־שפאַרט אינעווייניג אין וואָגען, זיך צוגופגעקאָרטשעט אונטערן פערדעק, כדי קיינער זאָל ניט זעהן, אַז איך מאַך מיט'ן מויל, און דערנאָך האָב איך ווי אַ משוגע'נער אָנגעהויבען ריידען מיט זיך אַליין. דער וואַהנזין גיט אָן מעשים ביי מיר אין מוח, און איך לאָז איהם געהן זיין וועג, אַזוי פעסט איבערצייגט בין איך, אַז איך בין ניט ביי מיר אין די הענד און אַז איך קען זיך בשום אופן ניט קאָנטראָלירען. כ'האָב אָנגעהויבען לאַכען, שטיל און ליידענשאַפטליך, אָהן אַ שום גרונד, נאָך אַלץ לוסטיג און בערוישט פון די פאָר גלעזער ביער, וואָס איך האָב געטרונקען. בּיסלאַכוויז ווערט מיין אויפרעגונג איינגעשטילט, מיין רוהיגקייט קעהרט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אום. כ'האָב דערשפירט אַ קעלט אין מיין פערוואונדעטען פינגער און איך האָב איהם אַריינגעשטעקט צווישען דעם האַלז און דעם קאָלנער פון העמד, כדי איהם אַביסעל צו דערוואַרעמען. אַזוי קומען מיר אָן אין טאָמטעגאַדען. דער קוטשער שטעלט זיך אָב. כ'געה אַרויס פון וואָגען, אָהן האַסט און אָהן אַ שום געדאַנק, נאָר מיט אַ שווערן קאָפּ. כ'געה אַריין אין דער הויז־טהיר, קום אַריין אין אַ הינטער־הויף, שנייד איהם דורך; כ'קום צו צו אַ טהיר, עפען זי אויף, געה אַריין און געפין זיך אין אַ קאָרידאָר, אַ סאָרט פאָר־צימער מיט צוויי פענסטער. אין איין ווינקעל שטעהען צוויי קופערס, איינער אויף'ן אַנדערן, און ביי דער וואַנד אַן אַלטע, געפאַרבטע שלאָף־באַנק, פערדעקט מיט אַ קאָלדרע. רעכטס, אין צווייטען צימער, הער איך אַ געשריי פון קינדער, און איבער מיר אויף'ן צווייטען עטאַזש דאָס גערויש פון אַן אייזערנער פלאַטע, אויף וועלכע מען קלאַפּט מיט אַ האַמער. אָט דאָס אַלעס ווער איך געוואָהר תיכף אין דער רגע, וואָס איך קום אַריין אַהין.

רוהיג געה איך דורך דעם פאָרצימער צו דער אַנטקעגענדיגער טהיר, זיך ניט איילענדיג דערביי און אָהן אַ שום געדאַנק צו אַנטלויפען חלילה. כ'עפען אויך אָט די טהיר און קום אַרויס אין די וואָגנמאַנדסגאַדע. כ'טהו אַ קוק אויף'ן הויז, פון וואַנעט איך בין נאָר וואָס אַרויסגעקומען: האָטעל און לאָדזשי־הויז פאַר רייזענדע.

ס'קומט מיר אויף'ן געדאַנק ניט אַרויף צו וועלען אַנטלויפען, זיך אַרויס'גנב'ענען פון דעם קוטשער, וועלכער וואַרט אויף מיר; כ'געה גאַנץ געלאַסען דורך דער וואָגנמאַנדסגאַדע, אָהן מורא, זיך ניט פיהלענדיג ביי זיך שולדיג אין קיין זאַך. קירולף, אָט דער וואָלהענדלער, וועלכער איז אַזוי

לאַנג געזעסען ביי מיר אין מוח, אָט דער מענש, וואָס איך האָב געמיינט, אַז ער מוז עקזיסטירען, ווען איך האָב אַזוי נייטיג געדאַרפֿט טרעפֿען — אָט דער קירולף איז מיר פֿערשוואונדען פֿון מוח, אויסגעטריקענט, פֿערלאָשען אינאיינעם מיט אַנדערע משוגעת'ן, וועלכע האָבען געהאַלטען אין איין קומען און אַוועקגעהן; כ'האָב זיך נור דערמאָנט דערין עפּעס אַזוי ווי אין אַ חלום, אַ ווייטע, ווייטע עראינערונג.

וואָס ווייטער איך בין געגאַנגען, אַלץ ניכטערער בין איך געוואָרען; כ'האָב זיך געפֿיהלט שוואַך און פֿערמאַטערט, קוים וואָס איך האָב זיך געשלעפּט אויף די פֿיס. דער שנעע איז נאָך אַלץ געגאַנגען, גרויסע, נאַסע שטיקער. ענדליך בין איך אַרויסגעקומען אין גרינלאַנד, ביז דער קירכע, וואו איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק, כדי זיך אָבצורוהען אַ ווילע. אַלע פֿערבייגעהער האָבען מיך בעטראַכט פֿערוואונדערט. איך בין געווען פֿערזונקען אין געדאַנקען.

דו גוטער גאָט, ווי טרויעריג האַלט עס אַצונד מיט מיר! דאָס עלענדע לעבען מיינס איז מיר אַזוי נמאס ומאוס, אַז ס'לוינט זיך שוין כ לעבען מעהר ניט נאָך ווייטער צו קעמפּפֿען, אום עס לענגער אויפֿצוהאַלטען. דער שלים־מזל האָט מיך אַרומגענומען פֿון אַלע זייטען, איז געוואָרען אַ פֿאָלשטענדיגער בעל הבית איבער מיר, ס'איז שוין מעהר ניט אַריבערצוטראָגען; אַ תל איז פֿון מיר געוואָרען, כ'בין מעהר ניט ווי אַ שאָטען פֿון דעם, וואָס איך בין אַמאָל געווען. מיינע שולטערן זיינען איינגעפֿאַלען אויף איין זייט, און איך האָב געקראָגען אַ טבע, זיך איינצובויגען אין דרייען בשעת איך געה, כדי צו שאַנעווען ווי ווייט מעגליך מיין ברוסט. מיט אַ פּאָר טעג צוריק, אַרום מיטאָג־צייט, האָב איך דאָרט אויבען ביי מיר אין צימער בעקוקט מיין קערפּער, און אין פֿערלויף פֿון דער גאַנצער צייט האָב איך געמוזט וויינען, קוקענדיג אויף איהם. שוין עטליכע וואָכען, אַז איך טראָג דאָסזעלבע העמד; ס'איז שוין גאַנץ שטייף פֿון אַלטען, פֿערטריקענטען שוויים און עס האָט מיר אָנגעריבען אַ וואונד אויף'ן לייב; פֿון דער האונד געהט אַביסעל בלוטיגעס וואַסער, נאָר ס'טהוט ניט שטאַרק וועה; ס'איז נור אַזוי טרויעריג, אַזוי פּאַסקודנע צו האָבען אָט די וואונד אין רעכטען מיטען אויף'ן סאַמע בויך. כ'וויים גאָרניט וואָס פֿאַר אַן עצה זיך צו געבען דערמיט, ס'וויל זיך ניט אויסהיילען פֿון זיך אַליין; כ'וואַש עס אָרום, לאָז עס אָבטריקענען און טהו ווידער אָן דאָסזעלבע העמד. ס'איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ...

כ'זיץ אַלזאָ דאָרט אויף דער באַנק און טראַכט מכח אָט דאָס אַלעס און בין טרויעריג. איך בעקלאָג זיך אַליין, מיינע הענד אפילו זיינען מיר

עפעס דערווידער. דער כמעט אונפֿערשעהמטער אויסדרוק פֿון מיין איינ־
געדאַרטער, איינגעפֿלעטשטער האַנד מושעט מיך, רופֿט אַרויס אין מיר
אַן אונבעקוועמליכקייט; דער אַנבליק פֿון מיינע מאָגערע פֿינגער מאַכט
אויף מיר אַ מורא'דיגען רושם, כ'האָב איהם פֿיינט, דעם גאַנצען קערפּער
מיינעם, וואָס האַלט זיך אויף אַ האָר, און עס געהט מיר אַריבער אַ שוידער
איבער'ן לייב ביים געדאַנק, אַז איך מוז איהם טראָגען, אַז איך מוז איהם
פֿיהלען אַרום זיך. רבונו של עולם! וואָלט עס כאָטש איצט אַ סוף גענומען!
כ'וואָלט אַזוי גערן געוואָלט שטאַרבען!

אין גאַנצען דערשלאָגען, בעשמוצט און אָראָבגעפֿאַלען ביי מיר אין
די אויגען, האָב איך זיך מעכאַניש אויפֿגעהויבען און זיך געלאָזט געהן
אַהיים. אויף'ן וועג בין איך פֿערבייגעגאַנגען אַ טויער, וואו ס'איז געווען צו
לייענען פֿאָלגענדע ווערטער: „תכריכים ביי יונגפֿרוי אַנדערסען רעכטס אין
טויער." — אַלטע זכרונות! האָב איך געזאָגט און זיך דערמאָנט אָן מיין
פֿריהערדיגען צימער אין האַמערסבאָרג, אָן דעם קליינעם שאָקעל־שטוהל,
אָן די צייטונגען, מיט וועלכע די פֿאָדלאָגע איז געווען אויסגעבעט דאָרט
אונטען ביי דער טהיר, אָן דער אַנאָנסע פֿון לייכט־טהורם־אינספּעקטאָר און
אָן דעם בעקער פֿאַביאַן אָלסען'ס פֿריש־געבאַקענעם ברויט. אַך יאָ, דעמאָלט
איז דאָס מיר אַסך בעסער געגאַנגען איידער איצט; אין איין נאַכט האָב
איך אָנגעשריבען אַ פֿעליטאָן פֿאַר 10 קראָנען; אַצונד קען איך שוין גאָרנישט
שרייבען, כ'קען לחלוטין גאָרנישט מעהר שרייבען; ווי איך וויל זיך נור
נעהמען דערצו, אַזוי ווערט מיר דער קאָפּ גלייך ליידיג. יאָ, אַצונד וואָלט
איך געוואָלט, ס'זאָל שוין נעהמען אַ סוף, און דערביי בין איך געגאַנגען
און געגאַנגען.

וואָס נעהנטער איך בין צוגעקומען צו דער קראָם פֿון עסען־וואַרג,
אַלץ שטאַרקער האָב איך געפֿיהלט, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געגאַנגען
אַנטקעגען אַ געפֿאַהר; אָבער כ'האָב זיך געהאַלטען פֿעסט אָן מיין כלל,
כ'האָב זיך בעסער געוואָלט אַליין אויסליפֿערן, זיך איבערגעבען יענעם אין
די הענד. רוהיג געה איך אַרויף די טרעפּלאַך, ביי דער טהיר קומט מיר
אַנטקעגען אַ קליין מיידעלע מיט אַ טאַס אין דער האַנד, איך שפּאַר זיך
אַריין אינעווייניג און פֿערמאַך די טהיר. דער קאָמי און איך שטעהען צום
צווייטען מאָל איינער געגען אַנדערן, אַליין.

„נו," מאַכט ער, „אַ שרעקליכעס וועטער!"

נאָך וואָס טויגען די הקדמות, די זייטיגע ווענען? פֿאַרוואָס פֿאַלט ער
תיכף ניט אָן אויף מיר? כ'בין געוואָרען מלא רציחה און האָב געזאָגט:
„כ'קום דאָך ניט אַהער פּלוידערן איבער'ן וועטער."

אָט דער שטרענגער טאָן צורודערט איהם גאָר, זיין קליינער קרעמערשער מוח פֿערנעהמט עס ניט, ס'איז איהם גאָרניט איינגעפֿאַלען, אַז איך האָב איהם בעשווינדעלט אין 5 קראָנען.

„אָט אַפּנים איהר ווייסט גאָרניט, אַז איך האָב אייך בעשווינדעלט?" רוף איך זיך אָן מיט אונגעדולד, און בעת מעשה סאָפּע איך מורא'דיג, ציטער, בין גרייט איהם צו שלאָגען, איהם ממית'ן אויב ער וועט ניט תיכף ומיד קומען צום עיקר הענין, צו דער טהעמאַ.

אָבער דער אָרעמער מענש הויבט ניט אָן וויסען וואָס דאָ טהוט זיך.

אָבער, רבונו של עולם, צווישען וואָס פֿאַר נאַרישע מענשען איז מען דאָס פֿאָרט געצוואונגען צו לעבען! איך שילט מיט טויטע קללות, ערקלעהר איהם פונקט פֿאַר פונקט, ווי דאָס איז צוגעגאַנגען, כ'ווייז איהם, וואו איך בין געשטאַנען און וואו ער איז געשטאַנען בשעת די זאַך איז געשעהן, וואו דאָס געלד איז געלעגען, ווי אַזוי איך האָב עס צונויפגענומען און צוגעדריקט די האַנד — ער פֿערשטעהט אַלצדינג, נאָר ער טהוט מיר פֿונדעסטוועגען גאָרנישט. ער קעהרט זיך אום אַהין און אַהער, הערט זיך צו צו די טריט אין צווייטען צימער, בעט זיך ביי מיר, איך זאָל ריידען אַביסעל שטילער, און זאָגט ענדליך:

„דאָס איז געווען געמיין פֿון אייך!"

„ניין, וואַרט אַקאָרשט!" רוף איך זיך אָב מיט דער דרינגענדער אַבזיכט איהם צו ווידערשפּרעכען, איהם צו רייצען; ס'איז ניט אַזוי נידעריג און געמיין, ווי ער שטעלט זיך עס פֿאָר אין זיין אָרעמען קרעמער־קאָפּ. דאָס געלד האָב איך, פֿערשטעהט זיך, ניט אַריינגעלייגט אין קעשענע, דאָס איז מיר גאָר אויף'ן זינען ניט אַרויף; איך פֿון מיין זייט האָב דערפֿון קיין נוצען, קיין שום הנאה ניט געוואָלט האָבען, דאָס וואָלט געווען געגען מיין גרונד-עהרליכע נאַטור. . .

„טאָ וואו זשע האָט איהר עס אַהינגעטהאָן?"

אַן אַלטער, אָרעמער פֿרוי האָב איך עס אַוועקגעגעבען, יעטוועדען העלער, אויב ער וויל עס וויסען; אָט אַזאַ מענש בין איך, אָן די אָרעמע לייט פֿערגעס איך קיינמאָל ניט. . .

ער שטעהט און טראַכט אַ ווילע, אָט אַפּנים ער קען ניט בעשליסען ביי זיך, אויף ווי ווייט איך בין אַן עהרליכער מאַן אָדער ניט, און ענדליך זאָגט ער:

„האָט איהר עס ליעבערשט ניט געקענט אָבברייננגען צוריק אַהער?"

„ניין, הערט איהר דאָך, כ'האָב אייך ניט געוואָלט אַר־ינברייננגען אין אַ פֿערלעגענהייט, אייך ניט פֿערשאַפֿען קיין יסורים, כ'האָב אייך געוואָלט

שאַנעווען," ענטפער איך. „אָבער דאָס איז דער דאַנק דערפאַר, וואָס מען איז איידעל און פיין. אָט שטעה איך, דוכט זיך, און ערקלעהר אייך אַלצדינג פון אָנהויב ביז'ן סוף, און איהר שעהמט זיך גאָר ניט, פונקט ווי אַ הונד, איהר מאַכט איינפאַך גאָר קיין אָנשטריינגונגען, זיך מיט מיר אויס־צוגלייכען. נו, דערפאַר שאָקעל איך זיך אין גאַנצען אָב דערפון. איבעריגענס כאַפּט אייך דער רוח. אַדיע!"

איך בין אַרויס און האָב מיט אימפעט צוגעמאַכט די מהיר הינטער מיר.

אָבער אַז איך בין אַהיים געקומען, צו מיר אין צימער, אין דעם דאָזיגען קלעגליכען לאָך, דורכגענעצט פון דעם ווייכען שנעע, מיט קניע, וואָס האָבען געציטערט נאָך די וואַנדערונגען פון'ם גאַנצען טאָג, — דאַן האָב איך מיט אַמאָל פערלאָרען מיין גאַנצען קוראַזש און בין ווידער געוואָרען אַ דערשלאָגענער. כ'האָב חרטה געהאַט דערויף, וואָס איך בין אַזוי אַרויפ־געפאַלען אויף דעם אָרעמען קרעמער־יונג, כ'האָב געוויינט, זיך אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַלז, כדי זיך אַליין צו בעשטראָפען פאַר מיינע נאַרישע שטיק, און איך האָב זיך אַליין גוט אויסגעזידעלט, זיך געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך. ער איז, פערשטעהט זיך, געווען אין הוילע ציטערניש פאַר זיין שטעלע, האָט נישט געסמייעט צו מאַכען אַ ליאַרם וועגען די פינף קראָנען, וועלכע דאָס געשעפט האָט דורך זיין טעות פערלאָרען. און איך האָב זיך בענוצט מיט זיין מורא, האָב איהם מיט מיין הויך־ריידען געמוטשעט, מיט יעדען וואָרט וואָס איך האָב געשריען איהם דאָס בלוט געצאַפּט. און דער בעל הבית פון קראָם איז אפשר געזעסען דאָרט אין זייטען־שטיבעל, און ס'האָט קיין סך ניט געפעהלט, ער זאָל אַרויסקומען געוואָהר ווערן, וואָס דאָ טהוט זיך. ניין, די נידערטרעכטיגקייטען, וואָס איך בין אים שטאַנד אָבצוטהאָן, האָבען גאָר קיין גרענעץ ניט!

נו, אָבער פאַר וואָס זשע האָבען זיי מיך ניט אַרעסטירט? דאַן וואָלט דאָך דאָס אַ סוף גענומען. כ'האָב דאָך אַזוי צו זאָגען אויסגעשטרעקט די הענד פאַר די קייטען. איך וואָלט זיך גאָרניט געוועהרט; אדרבה, איך וואָלט זיי נאָך געהאָלפען. רבונו של עולם, האַרר פון דעם הימעל און דער ערד, איין טאָג פון מיין לעבען פאַר נאָך איין גליקליכע רגע! דאָס גאַנצע לעבען מיינס פאַר אַ טאָפּ לינזען! הער מיך אויס נור דאָס איינע מאָל!...

כ'האָב זיך אַריינגעלייגט מיט די פייכטע קליידער אין בעט; מיר האָט זיך עפּעס אַזוי ווי געדוכט, אַז איך קען נאָך אפשר שטאַרבען אין פערלויף פון דער נאַכט, און דעריבער האָב איך אָנגעווענדעט מיינע לעצטע כוחות, איבערצובעטען אַביסעל מיין בעט, כדי עס זאָל אויף מאָרגען אין

דער פֿריה כאָטש אויסזעהן קיין מעשה ניט אַרום מיר. דאַן האָב איך צוגויפֿגעלייגט די הענד און זיך אויסגעקליבען אַ פּאָזיציע, ווי אַזוי צו בלייבען ליגען.

פלוצלונג פֿאַלט מיר איין אילאַיאַלי. ווי איז דאָס פֿאָרט מעגליך, איך זאָל זי האָבען פֿערגעסען אין פֿערלויף פֿון גאַנצען אָוועגד! און אַ גאַנץ שוואַכער ליכטיגער שיין שפּאַרט זיך ווידער אַריין צו מיר אין דער נשמה, אַ קליינער זונען־שטראַהל, וואָס דערוואַרמט מיין האַרץ אויף אַ הימלישען אופֿן. און עס קומט נאָך מעהר זונן, אַ מילדעס, צערטליכעס, ווייכעס ליכט ווי זייד, וואָס גלעט מיך און לאַסטשעט מיך און מאַכט מיך איינפֿאַך בערוישט פֿון פֿרייד. און שטאַרקער און אַלץ שטאַרקער ווערט די זונן, זי ברענט מיר שטאַרק אויף די שלייפֿען און קאָכט שווער און גליהענדיג אין מיין אויסגעטריקענטען מוח. ענדליך צופֿלאַקערט זיך פֿאַר מיינע אויגען אַ משוגע'נער שייטער־הויפֿען פֿון מאַסען שטראַהלען, הימעל און ערד און בראַנד, מענשען און חיות פֿון פֿייער, בערג פֿון פֿייער, טייוואָלים פֿון פֿייער, אַ תהום, אַ מדבר, דאָס גאַנצע וועלט־אַל אין איין שטיק בראַנד, אַ פֿלאַקערדיגער נייער טאָג.

דאַן האָב איך שוין מעהר גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזעהן.

---

אויף מאָרגען האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט אין שווייס, דער גאַנצער קערפּער פֿייכט, זעהר פֿייכט; דער פֿיבער האָט מיך אַ פּאַק געטהאָן מיט אונגעהייע־ער קראַפֿט. תחילת האָב איך גאָרנישט געוואוסט אויף קלאָהר וואָס מיט מיר קומט פֿאָר; כ'האָב זיך אומגעקוקט מיט פֿערוואונדערונג אין אַלע זייטען, כ'האָב זיך לחלוטין געפֿיהלט עפּעס גאָר ווי אַן אַנדער מענש, איך האָב זיך פּשוט ניט דערקענט. כ'האָב גענומען טאַפּען מיינע אָרעמס אויבען, מיינע פֿים אונטען, בין נשתומם געוואָרען וואָס דאָס פֿענסטער געפֿינט זיך עפּעס אין דער דאָזיגער וואַנד און ניט אויף דער אַנדער זייט אַנטקעגען; דער רעש וואָס די פֿערד האָבען געמאַכט אונטען אין הויף, קלאַפּענדיג מיט די פֿים, האָט מיר אויסגעוויזען, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר געקומען פֿון אויבען. ס'איז מיר אויך געווען היבשלאַך פּאַסקודנע אויף'ן האַרצען.

די האָר מיינע זיינען מיר געלעגען פֿייכט און קאַלט אויף'ן שטערן; כ'האָב זיך אָנגעשפּאַרט אויף'ן עלענבויגען און אָנגעקוקט דעם קאָפּ־קישען; אויך דערויף זיינען געלעגען קליינע בינטלאַך פֿייכטע האָר. מיינע פֿים זיינען אין פֿערלויף פֿון דער נאַכט אָנגעשוואָלען געוואָרען אין די שטיוועל, אָבער

זיי האָבען ניט וועה געטהאָן, כ'האָב נור ניט געקענט אַ ריהר טהאָן מיט די פינגער, זיי זיינען געווען שטייף, פערגליווערט.

אַז עס איז שוין געווען נאָכמיטאָג און ס'האָט אָנגעהויבען ווערן פינסטערלאַך, בין איך אויפגעשטאַנען און האָב גענומען אַרומגעהן אין צימער. תחילת האָב איך זיך געפּרואווט מיט קליינע, פאָרזיכטיגע טריט, כ'האָב זיך געסטאַרעט ניט צו פערלירען די גלייכגעוויכט און געשאַנעוועט מיינע פיס אַזוי ווייט ווי מעגליך. כ'האָב ניט שטאַרק געליטען, און איך האָב ניט געוויינט; אייגענטליך בין איך גאָרניט אומעטיג געווען, אדרבה צופריעדען גאָר אָהן אַ ברעג; ס'איז מיר גאָר ניט אַרויפגעקומען קיין מחשבה אפילו, אַז עפּעס וואָס איז דאָ ניט ווי עס דאַרף צו זיין.

דערנאָך בין איך אַרויסגעגאַנגען אין גאַס.

דאָס איינציגע, וואָס האָט מיך אַביסעל געמוטשעט, איז געווען מיין הונגער. כאָטש איך האָב, דעם אמת זאָגענדיג, געפיהלט אַן עקעל פאַר עסען־וואַרג, דאָך האָב איך פון דאָס ניי געקראָגען אַ ווילדען אַפּעטיט, אַן אינערליכע, גיעריגע לוסט צום עסען, וועלכע איז וואָס ווייטער אַלץ ערגער געוואָרען. ס'האָט מיר אומ'ברחמנות'דיג שטאַרק גענאָגט אין דער ברוסט, אַ שטילע, מאָדנע אַרבייט איז דאָרט אָנגעגאַנגען. דאָרט זיינען אפשר געווען אַ צוואַנציג קליינינטשקע, דינינקע חיה'לאַך, וועלכע האָבען זיך געליינט מיט'ן קאָפּ אויף איין זייט און אַביסעל גענאָגט, דערנאָך מיט'ן קאָפּ אויף דער אַנדער זייט און ווייטער אַביסעל גענאָגט; דאַן זיינען זיי אַ ווילע געבליבען ליגען גאַנץ שטיל, דערנאָך האָבען זיי זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט, ווידער שטיל און אָהן איילעניש געבוירעט און געגעבערט און אומעטום איבערגעלאָזען גאַנצע אויסגעהייהלטע שטרעקען, גאַנצע פּוסטע פעלדער...

איך בין ניט קראַנק געווען, נאָר מאַט, אויסגעמאָרעט; כ'האָב אָנגעהויבען שוויצען. מיר האָט זיך געוואָלט צוגעהן צום סטאָרטאָרוו, אום זיך אַביסעל אויסצורוהען; אָבער דער וועג איז געווען לאַנג און ערמידענד; ענדליך בין איך שוין דאָך געווען כמעט דאָרט, כ'בין געשטאַנען ביים ווינקעל, וואו ס'קומט זיך צונויף דעם מאַרק מיט דער מאַרק־גאַס. דער שוויס האָט מיר אַראָבגערונען איבער די אויגען, האָט פערכמאַרעט מיינע ברילען און מיך בלינד געמאַכט, און איך בין שטעהן געבליבען, כדי זיך אַביסעל אָבצוטריקענען. כ'האָב ניט בעמערקט וואו איך שטעה, כ'האָב גאָרניט געטראַכט דערפון; דער ליאַרם אַרום מיר איז געווען מורא'דיג גרויס.

פלוצלינג דערהער איך אַ געשריי, אַ קאַלטען, שאַרפֿען „גיט אַכטונג!“
כ’הער דעם געשריי, כ’הער איהם זעהר גוט, רוק זיך נערוועז אָן אַ זייט,
גיב אַ טראָט, אַזוי שנעל ווי מיינע שוואַכע פֿים האָבען זיך נור געקענט
ריהרען. אַ טייוועלשער, מורא’דיג גרויסער ברויט־וואָגען פֿאָהרט ווילד פֿערביי
מיר און פֿערכאַפּט מיר דעם ראָק מיינעם מיט דער ראָד; וואָלט איך
אַביסעל שנעלער געווען, דאַן וואָלט איך זיך אויסגעדרעהט אונבעריהרט.
איך וואָלט אפשר געקענט זיין שנעלער, אַ גאַנץ קליין ביסעל שנעלער, ווען
איך וואָלט זיך אָנגעשטריינגט; ס’האָט גאָרנישט געהאָלפֿען, איין פֿוס האָט
מיר וועה געטהאָן, אַ פּאָר שפּיץ פֿינגער זיינען צוגעקוועטשט געוואָרען;
כ’האָב געפֿיהלט, ווי זיי קרעמפּפֿען זיך צונויף אינעווייניג אין שוך.

דער ברויט־קוטשער פֿערהאַלט די פֿערד מיט אַלע כחות; ער דרעהט
זיך אום אויף’ן וואָגען און אַ דערשראָקענער פֿרעגט ער, ווי ס’איז אָבגע־
לאָפֿען. נו, ס’האָט דאָך נאָך געקענט זיין ערגער ווי עס איז... נאָ,
ס’איז נים געפֿעהרליך... כ’גלויב נים, אַז עפּעס זאָל זיין געבראָכען
דאָרט... אָה, קיין בייז נים...

אַזוי שנעל ווי איך האָב געקענט, בין איך צוגענאַנגען צו אַ באַנק;
אָט די מחנה מיט מענשען, וואָס זיינען געבליבען שטעהן און מיך אָנגעקוקט,
האָבען מיך געשראָקען. ס’איז דאָך אייגענטליך נים קיין טויטליכער קלאַפּ;
אויב ס’איז יאָ בעשעהרט געווען אַן אומגליק, איז דאָס נאָך פֿערהעלטנים־
מעסיג גליקליך אָבגעגאַנגען. דאָס ערגסטע איז געווען וואָס פֿון מיין שוך
איז געוואָרען אַ תל; די פּאַרעשווע האָט זיך אין גאַנצען אָבגעריסען אויבען
ביים שפּיץ. כ’האָב געהאַלטען דעם פֿוס אין דער הויך און געזעהן דאָס
בלוט אין דער עפֿנונג. נאַ, ס’איז דאָך נים מיט אַ כיוון געשעהן; ס’איז
דאָך נים געווען דעם מאַן’ס אַבזיכט, מיר נאָך מאַכען ערגער ווי ס’איז מיר
שוין געווען; ער האָט אויסגעזעהן זעהר פֿער’צרה’ט. ווען איך וואָלט איהם
אפשר געבעטען אַביסעל ברויט פֿון וואָגען, וואָלט ער מיר געגעבען. ער
וואָלט עס מיר אודאי מיט פֿרייד געגעבען. זאָל איהם גאָט העלפֿען פֿאַר
זיין גוטען ווילען!...

כ’בין געווען שרעקליך הונגעריג, און איך האָב אסור געוואוסט וואָס
מען הויבט אָן צו טהאָן מיט דעם אונפֿערשעהמטען אַפּעטיט מיינעם.
כ’האָב זיך געקעהרט אויף דער באַנק אַהין און אַהער און כמעט אין גאַנצען
אַראָבגעבויגען די ברוסט אויף מיינע קניע; כ’בין שיער נים משוגע געוואָרען.
אַז ס’איז פֿינסטער געוואָרען, האָב איך זיך צוגעשלעפּט צום ראַטהויז —
איין גאָט ווייסט, ווי אַזוי איך בין אַהין געקומען — און זיך אַנידערגעזעצט
אויף’ן קאַנט פֿון די שטראַבעטען. כ’האָב צוריסגעריסען אַ קעשענע פֿון מיין

דאָק און אָנגעהויבען זי צו קייען, איבעריגענס אָהן אַ שום כונה, קוקענדיג פֿאָראויס מיט אַ פֿינסטערער מיענע און גאָרנישט זעהענדיג. כ'האָב געהערט די קולות פֿון אַ מחנה קינדער, וואָס האָבען זיך אַרום מיר געשפּיעלט, און האָב אויך אינסטינקטיוו געהערט די טריט, ווען אימיצער איז פֿערבייגעגאַנגען לעבען מיר; ווייטער האָב איך גאָרנישט בעמערקט.

מיט אַמאָל פֿאַלט מיר איין, אַז איך וואָלט געקענט אַראָבגעהן אונטען אין איינעם פֿון די באַזאַרען און קריגען דאָרט אַ שטיק רויה פֿלייש. כ'שטעה אַלזאָ אויף, געה אַרום די שטראַכבעטען אויף דער אַנדער זייט פֿון דעם באַזאַר-דאַך און לאָז זיך אַראָב אונטען. אַז איך בין שוין געווען גאַנץ נאָהענט לעבען דער יאַטקע, האָב איך אַ געשריי געטהאָן אַרויף אויבען צו די טרעפּ צו, אָקוראַט ווי איך וואָלט דאָרט געלאָזט שטעהן אַ הונד, און גאַנץ פֿרעך האָב איך זיך דערנאָך געווענדעט צום ערשטען בעסטען קצב, וואָס איז מיר געקומען פֿאַר די אויגען.

„אַך, זייט אַזוי גוט און גיט מיר אַ ביין פֿאַר מיין הונד!" האָב איך געזאָגט. „בלויז אַ ביין; ס'דאַרף קיין זאַך ניט זיין דערויף; ער זאָל נאָר האָבען וואָס צו האַלטען אין מויל."

כ'האָב געקראָגען אַ ביין, אַן אויסגעצייכענטען, קליינעם ביין, אויף וועלכען ס'איז נאָך געווען אַביסעל פֿלייש, און איך האָב איהם אַרונטער-געשטעקט אונטערן ראָק. כ'האָב דעם מאַן אַזוי הערצליך געדאַנקט, אַז ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

„ניטאָ פֿאַרוואָס צו דאַנקען," האָט ער געזאָגט.

„דאָך; זאָגט עס ניט," האָב איך געמורמעלט, „ס'איז זעהר פֿריינדליך פֿון אייך."

דאָס זאָגענדיג בין איך צוריק אַרויף. דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט.

כ'האָב זיך אַריינגע'גנב'עט אין „שמיעד-גאַנג", אַזוי טיעף ווי איך האָב נאָר געקענט אַריינקומען, און איך בין געבליבען שטעהן ביי אַ טהיר צו אַ הינטער-הויף. אין ערגעץ האָט זיך ניט געזעהן קיין שום ליכט; ס'איז געווען אַזוי הערליך פֿינסטער אַרום מיר; דאַן האָב איך אָנגעהויבען נאָגען דעם ביין.

ס'האָט קיין טעם ניט געהאַט; אַ שאַרפֿער ריח פֿון בלוט איז אַרויס פֿון ביין און מיר איז באַלד געוואָרען ניט גוט אויף'ן האַרצען דערפֿון. כ'האָב פּרובירט נאָך אַמאָל; אַז איך וואָלט עס נור געקענט איינהאַלטען אין זיך, וואָלט עס דאָך געמוזט האָבען אַ ווירקונג; וואָס איך דאַרף איז נור, עס זאָל בלייבען אין מאָגען. אַבער ס'איז מיר ווידער אַמאָל געוואָרען

איבעל. כ׳בין געוואָרען בייז, האָב מיט כעס אַ ביס געטהאָן אין פֿלייש, אָבגעריסען אַ קליין שטיקעל און עס אַרונטערגעשלונגען מיט געוואַלד. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿען; ווי נאָר די קליינע שטיקלאַך פֿלייש זיינען וואַרם געוואָרען אין מאָגען, זיינען זיי ליידער ווידער אַרויפֿגעקומען אין דער הויך. כ׳האָב צונויפֿגעדריקט די הענד אַזוי ווי אַ משוגענער, כ׳האָב אָנגעהויבען וויינען און גענאָגט און גענאָגט דעם ביין ווי אַ פֿעררוקטער; כ׳האָב אַזוי שטאַרק געוויינט, אַז דער ביין איז נאַס און שמוציג געוואָרען פֿון די טרעהרען, כ׳האָב אַזוי געוויינט, עפּעס אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געהאַלטען ביים צופּלאַצט ווערן, און טאַקי גלייך נאָכדעם האָב איך גענומען ברעכען. און דאַן האָב איך פֿערשאָלטען אַלע מעכטע פֿון דער וועלט הויך אויף׳ן קול.

ס׳איז שטיל, נישטאָ קיין מענש אַרום און אַרום, קיין ליכט, קיין שום גערויש, איך בין מורא׳דיג אויפֿגערעגט, איך סאָפּע שווער און הויך און וויין און קריץ מיט די ציינער יעדעם מאָל, וואָס איך מוז אַרויסגעבען צוריק פֿון מיר די שטיקלאַך פֿלייש, וועלכע וואָלטען מיך אפשר געקענט אַביסעל אָנזעטיגען. אַזוי ווי ס׳העלפֿט לחלוטין גאָרנישט, וויפֿיעל איך זאָל זיך ניט סטאַרען, גיב איך אַ שליידער דעם ביין צו דער טהיר, ווילד פֿאַר צאָרן, אָנגעפֿילט מיט אַ ביטערן האַס. איך שריי און סטראַשע דעם הימעל, הייזעריג און פֿערביסען רוף איך אויס גאָט׳ס נאָמען און קרים אויס די פֿינגער מיינע אַזוי ווי נעגעל פֿון אַ ווילדע חיה...

ס׳איז שטיל.

איך ציטער פֿאַר אויפֿרעגונג און פֿערגליווערטקייט, כ׳שטעה נאָך אַלץ אויף דעם זעלבען אָרט, שילטענדיג, שימפּפֿענדיג און שלוכצענדיג נאָך דעם שטאַרקען געוויין, דערשלאָגען און צובראָכען נאָך דעם משוגע׳נעם אויסברוך פֿון צאָרן. אפשר אַ גאַנצע שטונדע שטעה איך אַזוי און שלוכץ און רייד אין דער שטיל און האַלט זיך פֿעסט צו אָן דער טהיר. דערנאָך דערהער איך שטימען, אַ שמועס צווישען צוויי מענער, וועלכע זיינען אַריינגעקומען אין דעם „שמיעד־גאַנג“... איך געה אַוועק פֿון דער טהיר, שלעפּ זיך פֿערביי די וואַנד פֿון די הייזער און קום ווידער אַרויס אין די בעלייכטעטע גאַסען. בשעת איך געה אַרונטער מיט יונגבאַקען, הויבט מיין מוח פּלוצלונג אָן צו אַרבייטען אין אַ מאָדנער ריכטונג. ס׳פֿאַלט מיר איין, אַז די קלעגליכע בודקעס אונטען ביים ברעג מאַרק, די קלייטלאַך מיט שטאָף און די הילצערנע קראָמען מיט אַלטע, געטראָגענע קליידער — אַז דאָס אַלעס איז אַ שאַנד־פֿלעק פֿאַר דער דאָזיגער געגענד! זיי פֿערדאַרבען דעם אויסזעהען פֿון דעם גאַנצען פּלאַץ און פֿיהרען איבער די גאַנצע שטאָדט, פֿע! אַרונטער מיט

דעם שמוץ! און איך האָב מיר ביי מיר אין געדאַנקען געמאַכט אַ חשבון, וויפיעל עס וואָלט אַ שטייגער געקענט קאָסטען, אַװעקצורוקען דאָס געאָ־גראַפישע אינסטיטוט, יענע שעהנע געביידע, וועלכע האָט צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט יעדעס מאָל, וואָס איך בין דאָ פערבייגעגאַנגען. אַזאַ סאָרט אַוועקרוקען וואָלט זיך פיליכט ניט געלאָזט מאַכען פאַר וויניגער ווי 70 אָדער גאָר 72 טויזענד קראָנען, — אַ היבשע סומע, דאָס מוז מען מודה זיין, על כל פנים אַ היבשעס טאַשען־געלד, האַ האַ, פאַר אַן אָנהויב, ניין? און איך האָב אַ שאָקעל געטהאָן מיט מיין פוסטען קאָפּ און צוגע־געבען, אַז פאַר אַן אָנפאַנג איז עס גאָר נישקשה פון אַ טאַשען־געלד. איך האָב נאָך אַלץ געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער און ווען ניט ווען האָב איך נאָך טיעף געשלוכצט נאָך'ן וויינען.

מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט שוין מעהר קיין סך לעבען ניט געהאַט אין זיך, אָקוראַט ווי איך וואָלט שוין געפּייפט אויף'ן לעצטען לעכעל פון מיין לעבענס־פייפעל. דעם אמת זאָגענדיג איז דאָס מיר געווען אַלץ איינס, עס זאָל מיך גאָר אָנהויבען אַרען! אַדרבה, איך בין אַרונטער די שטאָדט, צום האַפען, אַלץ וויטער אַוועק פון מיין צימער. וואָס פאַר אַ חילוק איז דאָס פאַר מיר? פון מיינעטוועגען וואָלט איך זיך געקענט אויסציהען דאָ אויף דער ערד, אום צו שטאַרבען. די שמערצען האָבען מיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערהאַרטעוועט, ס'האָט מיך גאָרנישט געאַרט; ביי מיר אין פּוס האָט עס געצויגען און געקלאַפּט; מיר האָט זאָגאַר אויסגעוויזען, עפּעס אַזוי ווי דער שמערץ וואָלט זיך געצויגען אַרויף ביז די גראָבע פלייש פון מיין קניע, און ניט אַמאָל דאָס האָט מיר בעזאָנדערס וועה געטאָהן. כ'האָב שוין ערגערס דערפון אויסגעהאַלטען.

איך בין אַראָבגעקומען צום אייזענבאַהן־פּלאַץ. קיין פערקעהר, קיין שום ליאַרם, נאָר וואו ניט וואו זעהט זיך אַ מענש, אַ לאַסט־טרעגער אָדער אַ מאַטראָז, וואָס געהט אַרום אהין און אהער מיט די הענד אין די טאַשען. מיט אַמאָל קומט מיר אַנטקעגען אַ הינקעדיגער מאַן, וועלכער קוקט מיך אָן מיט אַ פערגליווערטען בליק. אינסטינקטיוו שטעל איך איהם אָב, מאַך אַ קרומע מיענע און טהו איהם אַ פרעג, צי די „נאָנע" איז שוין אָבגעפאָהרען. און בעת מעשה האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטען, און געדיכט אונטער דעם מאַן'ס נאָז האָב איך צונויפגעדרעהט די פינגער און געזאָגט: צום טייפעל, יאָ, די „נאָנע!" די „נאָנע", אין וועלכע איך האָב זיך גאָר פערגעסען! דער געדאַנק אָבער וועגען איהר איז פונדעסט־וועגען דאָך געלעגען אונבעוואוסטזיניג ביי מיר אין מוח, כ'האָב זיך נאָר ניט וויסענדיג אַרומגעטראָגען מיט איהם.

יאָ, גאָט בעהיט, די „נאָנע" איז יעדענפאַלס שוין מעהר ניטאָ דאָ. ער קען מיר, הייסט עס, ניט זאָגען וואוהין זי איז געפאָהרען?

דער מאַן איז זיך מישב, שטעהט אויף'ן לאַנגען פוס און האַלט דעם קורצען אין דער לופטען! דער קורצער פוס האָט זיך אַביסעל געשאָקעלט.

„ניין," זאָגט ער, „איהר ווייסט אפשר מיט וואָס זי איז געווען גע־לאָדען?"

„ניין," האָב איך געענטפערט.

אָבער איצט האָב איך זיך אין גאַנצען פערגעסען אָן דער „נאָנע" און אַ פרעג געטהאָן דעם מאַן, ווי ווייט ס'קען זיין ביז האָלמעסטראַנד. אין גוטע, אַלטע געאָגראַפישע מיילען בערעכענט.

„ביז האָלמעסטראַנד? כ'מיין..."

„אָדער ביז בעבלונגסנעז?"

„וואָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגען? כ'מיין, אַז ביז האָלמעס־טראַנד איז..."

„אָה, הערט אַקאָרשט, איידער איך פערגעס עס," האָב איך איהם ווידער איבערגעשלאָגען די רייד, „ווילט איהר אַזוי גוט זיין און מיר געבען אַ קליין שטיקעל טאַבאַק, נור אַ קליין ברעקעלע!"

כ'האָב געקראָגען דעם טאַבאַק, געדאַנקט דעם מאַן זעהר וואַרים און איך בין זיך אַוועק מיין וועג. דעם טאַבאַק האָב איך ניט בענוצט, נאָר גלייך אַריינגעלייגט אין קעשענע. דער מאַן האָט נאָך אַלץ ניט אַראָבגעלאָזט קיין אויג פון מיר, אָט אַפנים איך בין איהם עפעס ניט געפעלען; וואו איך בין געגאַנגען און געשטאַנען, האָב איך דעם דאָזיגען מיסטרויאישען בליק געהאַט הינטער מיר, און ס'איז מיר גאָר נישט אַנגע־נעהם געווען פערפאָלגט צו ווערען פון אָט דעם מענשען. כ'קעהר זיך אום, שלעפ זיך ווידער צו צו איהם. קוק איהם אָן און זאָג:

„נאַדלער".

נור דאָס דאָזיגע איינציגע וואָרט: נאַדלער, ווייטער גאָר נישט. כ'קוק איהם אָן מיט אַ פערגליווערטען בליק, בשעת איך זאָג עס, כ'האָב געפיהלט, אַז איך האָב איהם מורא'דיג אָנגעקוקט; מיר האָט זיך געדוכט, אָקוראַט ווי איך וואָלט איהם אָנגעקוקט מיט'ן גאַנצען קערפער. אָנשטאָט בלויז מיט די אויגען. נאָכדעם אַז איך האָב אויסגערעדט דאָס דאָזיגע וואָרט, בלייב איך שטעהען אויף אַ רגע. דערנאָך כאַפ איך זיך ווידער אַרויף אויף'ן אייזענבאַהן-פלאַץ. דער מאַן האָט קיין וואָרט ניט אויסגע־רעדט, נאָר ער האָט פון מיר קיין אויג ניט אַראָבגענומען.

נאַדלער? פלוצלינג בין איך שטעהן געבליבען. יאָ, דאָס איז דאָך מיר גלייך איינגעפאַלען: אָט דעם קאַליקע האָב איך שוין ערגעץ־וואו געטראָפען. אויבען ביי דער „גרענעץ", אין אַ שעהנעם פריה־מאָרגען; כ'האָב דאַן מיין וועסט פערזעצט. ס'האָט זיך מיר געדוכט, עפעס אַזוי ווי אַ גאַנצע אייביגקייט וואָלט שוין געווען אַריבער זייט יענעם טאָג.

אַזוי ווי איך שטעה און טראַכט נאָך וועגען דעם — אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנד פון אַ הויז אויף'ן קאָלץ פון דעם פלאַץ און דער האַוונע־גאַדע — ווער איך פלוצלינג אַ דערשראָקענער און סטאַרע זיך אַוועקצו־קריכען פון דאַנען. אָבער אַזוי ווי איך קען זיך פון אָרט ניט ריהרען, קוק איך דרייסט פאָראויס און וואַרף אַוועק יעדע שעהמעדיגקייט אָן אַ זייט, ס'איז קיין אַנדער ברירה ניט געווען — איך שטעה פנים אל פנים אַנטקעגען דעם „קאָמאַנדיר".

איך קריג אַן אונבעשרייבליכע עזות אין מיר און גיב זאָגאַר אַ טראָט פאָראויס, כדי צוציהען זיין אויפמערקזאַמקייט. און דאָס טהו איך ניט חלילה, כדי צו דערוועקען זיין מיטלייד, נאָר אום זיך אַליין אויסצו־לאַכען, זיך אַליין מאַכען צו שאַנד און צו שפּאָט; כ'וואָלט זיך דאָ אין מיטען גאַס אַנידערגעוואָרפען און דעם „קאָמאַנדיר" געבעטען, ער זאָל איבער מיר אַריבערגעהען, מיר אויף'ן פנים אַרויפטרעטען. איך זאָג איהם אפילו קיין „גוטען אָווענד" ניט.

דער „קאָמאַנדיר" האָט אפשר געהאַט אַן אַהנונג, אַז מיט מיר איז עפעס ניט גלאַט, ער האָט גענומען געהן אַביסעל לאַנגזאַמער, און כדי איהם אָבצושטעלען, רוף איך זיך אָן:

„איך וואָלט שוין ביי אייך געווען אָט וואָלט אייך וואָס עס איז געבראַכט, אָבער עס איז נאָך אַלץ קיין רעכטס ניט אַרויס."

„אַזוי?" זאָגט ער מיט אַ פראַגע. „איהר האָט עס אַלזאָ נאָך ניט געענדיגט?"

„ניין. איך האָב עס נאָך ניט געענדיגט."

דורך דעם „קאָמאַנדיר'ס" פריינדליכקייט זיינען מיר פלוצלינג די טרעהרען געקומען אין די אויגען און איך טהו זיך אָן אַ כח און גיב אַ הוסט, כדי זיך צו פערהאַרטעווען. דער „קאָמאַנדיר" קוקט מיך אָן.

„האָט איהר כאָטש דערווייל פון וואַנען צו לעבען?" פרעגט ער.

„ניין, דאָס אויך ניט," זאָג איך, „כ'האָב נאָך היינט ניט געגעסען, אָבער..."

„זאָל גאָט אָבהיטען, דאָס געהט דאָך ניט, איהר קענט דאָך ניט שטאַרבען פֿון הונגער, מענש וואָס איהר זייט!" רופֿט ער זיך אָן און נעהמט זיך פלוצלינג צו דער טאַש.

אַצונד דערוועקט זיך אין מיר דאָס געפֿיהל פֿון שעהמעדיגקייט, איך פֿאַל צוריק צו דער וואַנד פֿון הויז און האַלט זיך פֿעסט אָן און זעה, ווי דער „קאָמאַנדיר" זוכט ביי זיך אין בייטעל; אָבער איך זאָג גאָרנישט. ער גיט מיר אַ בילעט פֿון צעהן קראָנען. גאָר אָהן טענות — ער גיט מיר גאַנץ איינפֿאַך אַ בילעט פֿון צעהן קראָנען. אין דערזעלבער צייט ווידערהאָלט ער, אַז איך קען דאָך ניט אויסגעהן פֿאַר הונגער.

כ'האָב עפּעס אַרויסגעשטאַמעלט אַ תירוץ און האָב דעם בילעט ניט צוגענו[illegible] גלייך אויף שטעל. ס'איז שענדליך פֿון מיר... ס'איז אויך צופֿיעל...

„מאַכט עס שנעל!" זאָגט ער און דערלאַנגט אַ קוק אויף זיין זייגער. „כ'האָב דאָ געוואַרט אויף'ן צוג; איצט הער איך, ווי ער קומט."

כ'האָב גענומען דאָס געלד; כ'בין געווען געלעהמט פֿון פֿרייד און האָב קיין שום וואָרט ניט אויסגערעדט, אפילו קיין דאַנק האָב איך איהם דערפֿאַר ניט געזאָגט.

„איהר האָט זיך ניט וואָס צו שעהמען דערפֿאַר," רופֿט זיך דער „קאָמאַנדיר" ענדליך אָב: „איהר קענט דאָך שרייבען דערפֿאַר."

און ער איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

אַז ער איז אָבגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, האָב איך זיך דערמאָהנט, אַז איך האָב איהם אפילו ניט אַמאָל געדאַנקט פֿאַר זיין הילף. כ'האָב געפּרואווט איהם אָניאָגען, האָב איך אָבער ניט געקענט געהן שנעל גענוג, מיינע פֿיס זיינען געווען ווי אונטערגעהאַקט, און איך בין שיער, שיער ניט געפֿאַלען אויף'ן פּנים. ער האָט זיך אַלץ מעהר דערווייטערט פֿון מיר. נו, האָב איך אויפֿגעגעבען דעם פּלאַן און געוואָלט איהם נאָכרופֿען, האָב איך אָבער גאָר קיין מוטה ניט געהאַט דערצו, און אַז איך האָב מיר שוין ענדליך געמאַכט האַרץ און איהם גערופֿען, איינמאָל, צווייִמאָל גערופֿען, איז ער שוין געווען צו ווייט אַוועק, און די שטימע מיינע איז געווען צו שוואַך.

איך בין געשטאַנען אויף'ן טראָטואַר און האָב איהם נאָכגעקוקט און געוויינט שטיל פֿאַר זיך. אַזאַ זאַך איז מיר נאָך ניט פֿאָרגעקומען, האָב איך צו מיר אַליין געזאָגט. ער האָט מיר געגעבען 10 קראָנען! כ'בין צוריק־געגאַנגען און האָב זיך אַנידערגעשטעלט דאָרט, וואו ער איז געשטאַנען. און האָב גענומען נאָכמאַכען אַלע זיינע בעוועגונגען. און איך האָב געהאַלטען

דעם בילעט פֿון צעהן קראָנען פֿאַר די אויגען, איהם בעקוקט פֿון ביידע זייטען און אָנגעהויבען שילטען — אויף׳ן קול צו שילטען, וואָס עס איז טאַקי אַזוי, — ס׳איז געווען אַ צעהן קראָנען־בילעט.

באַלד נאָכדעם — אפשר ערשט זעהר לאַנג נאָכדעם, ווייל עס איז שוין אומעטום געווען גאַנץ שטיל — בין איך — אסור צי איך ווייס ווי אַזוי — געשטאַנען לעבען נומער 11 טאָמטעגאַדען. אַז איך בין געשטאַנען אַ רגע און האָב זיך בעטראַכט און זיך דעריבער געוואונדערט, בין איך צום צווייטען מאָל אַריין אין דיזער טהיר, דירעקט אין דעם „רעסטאָראַן און לאָדושיר־הויז פֿאַר רייזענדע". דאָ האָב איך געבעטען מען זאָל מיך צונעהמען, און איך האָב גלייך געקראָגען אַ בעט.

---

דינסטאָג.

זונענשיין און שטילקייט, אַ וואונדערבאַרער קלאָרער טאָג. דער שנעע איז פֿערשוואונדען; איבעראַל לוסט און לעבען און פֿרייליכע פנים׳ער, שמייכעל און געלעכטער. פֿון די פֿאָנטאַנען זיינען אויפֿגעשטיגען די וואַסער־שטראַהלען, בעגילדעט פֿון דער זון, בלוויליך פֿון דעם בלויען הימעל...

אַרום מיטאָג־צייט בין איך אַרויס פֿון מיין לאָדושי אין דער טאָמטעגאַדע, וואו איך האָב נאָך געוואוינט, און בין אַוועק אין שטאָדט אַריין. איך בין געווען זעהר אויפֿגעלעגט און דעם גאַנצען נאָכמיטאָג האָב איך זיך אַרומגעיאָגט אין די לעבעדיגסטע גאַסען און בעטראַכט די מענשען און וואָס זיי טהוען. גאָך פֿאַר 7 אַזייגער אָוועגדס האָב איך געמאַכט אַ שפּאַציר נאָך דעם סיינט אָלאַף׳ס-פּלאַץ און בגנבה געכאַפּט אַ קוק אויבען אויף די פֿענסטער פֿון נומער 2. אין אַ שעה אַרום דאַרף איך זיך מיט איהר זעהן! די גאַנצע צייט בין איך אַרומגעגאַנגען אין אַ לייכטער, וואונדערבאַרער אַנגסט. וואָס וועל איך אַשטייגער זאָגען? וואָס וועל איך זאָגען, אַז זי וועט פֿון די טרעפּ אַרונטערקומען? גוטען אָוועגד, פֿריילין? אָדער בלויז אַ שמייכעל טהאָן? כ׳האָב אָבגעמאַכט ביי מיר יוצא צו זיין מיט׳ן שמייכעל. פֿערשטעהט זיך, אַז איך וועל זיך טיעף פֿערנייגען פֿאַר איהר.

פערשעהמט אביסעל, וואס איך האב גאר קיין צייט ניט און בין שוין אזוי פריה דא, האב איך זיך אוועקגעמאכט, בין ארומגעגאנגען א ווײלע אין דער קארל יאהאן גאס ארויף און אראב, און איך האב קיין אויג ניט אראבגענומען פון דעם אוניווערזיטעטס־זייגער. אז עס האט געשלאגען 8, בין איך ווידער ארויף מיט דער אוניווערזיטעטס־גאס. אויף'ן וועג געהענדיג איז מיר ארויף אויף'ן זינען, אז איך קען נאך אפשר פערשפעטיגען מיט א פאר מינוטען, און איך האב גענומען געהן אזוי שנעל ווי איך האב נור געקענט. דער פוס מיינער האט מיר זעהר וועה געטהאן. ווייטער האט מיר גארניט געפעהלט.

איך האב זיך אבגעשטעלט ביים פאנטאן און אביסעל אבגעצויגען דעם אטהעם; א היבשע ווײלע בין איך דארט געשטאנען און האב ארויפגעקוקט צו די פענסטער אין נומער 2; אבער זי איז ניט געקומען. נו מילא, איך קען דאך ווארטען; וואס האב איך דא קיין צייט ניט? אפשר איז זי פערהאלטען געווארען דורך וואס עס איז. און איך האב ווידער געווארט. צי איז דאס אין גאנצען ניט אקארשט בלויז א חלום? וואס זשע, די ערשטע בעגעגעניש מיט איהר איז דאך על כל פנים ניט געוועזען קיין איינבילדונג פון מיין זייט? אט אזוי האב איך גענומען טראכטען וועגען דעם און איך האב אויף קיין פאל ניט געקענט וויסען אויף זיכער, וואו איך האלט פארט דערמיט.

„הם!" האט אימיצער א מאך געטהאן הינטער מיר.

איך האב עס געהערט, כ'האב אויך געהערט לייכטע טריט לעבען מיר; אבער איך האב זיך ניט אומגעדרעהט. נאר געקוקט גלייך אויף די גרויסע טרעפ אנטקעגען מיר.

„גוטען אוועגד!" האט מען געזאגט.

איך פערגעס א שמייכעל צו טהאן, כ'נעהם זאגאר ניט ארונטער גלייך אויף'ן שטעל מיין הוט, נאר איך שטעה און וואונדער זיך, וואס זי קומט פון יענער זייט.

„איהר האט לאנג געווארט?" פרעגט זי און סאפעט צו אביסעל נאך'ן שנעלען גאנג.

„ניין, גארניט לאנג, כ'בין ערשט די רגע געקומען," האב איך געענטפערט.

„און אחוץ דעם, וואס וואלט עס אשטייגער געשאדט, ווען איך וואלט דא לאנג געווארט? איבעריגענס האב איך געמיינט, אז איהר וועט אנקומען גאר פון אן אנדער זייט."

„איך האָב אונטערגעפּיהרט מאַמאַ'ן צו אַ פאַמיליע, זי איז היינט אָוועגד ניט אין דערהיים."

„אַז—זוי?" האָב איך געזאָגט.

אַצונד האָבען מיר ניט ווילענדיג אָנגעהויבען געהן. ביים ברעג גאַס שטעהט אַ פּאָליציי-מאַן און קוקט אונז אָן.

„אָבער וואוהין געהן מיר דען אייגענטליך?" רופט זי זיך אָב און בלייבט שטעהן.

„וואוהין איהר ווילט, נור וואוהין איהר ווילט."

„אוף, יאָ, אָבער ס'איז אַזוי שווער דאָס אַליין צו בעשטימען." פויזע.

דאַן זאָג איך, בלויז אום וואָס עס איז צו זאָגען:

„אויבען ביי אייך איז פינסטער, ווי איך זעה."

„יאָ, אַך יאָ!" האָט זי געענטפערט מיט אַ לעבעדיגען טאָן. „דאָס דיענסט-מיידעל האָט אויך געקראָגען ערלויבעניש אַרויסצוגעהן. איך בין אַלזאָ איינע אַליין אין דערהיים."

מיר שטעהען ביידע און קוקען אַרויף צו די פענסטער אין נומער 2, אָקוראַט ווי קיינער פון אונז וואָלט זיי פריהער קיינמאָל ניט געזעהן.

„קענען מיר אקאָרשט ניט אַרויפגעהן צו אייך?" האָב איך זיך אָבגערופען. „איך וועל זיך זעצען נאָהענט ביי דער טהיר, אויב איהר ווילט."

איצט אָבער האָב איך געציטערט פאַר אויפרעגונג און האָב שטאַרק חרטה געהאַט דערויף, וואָס איך בין געוועזן אַזוי פרעך. אַשטייגער, ווען זי ווערט ברוגז און געהט אַוועק פון מיר? ווען איך זאָל זי שוין מעהר אין די אויגען ניט זעהן? אָה, דער קלעגליגליכער אַנצוג, וואָס איך טראָג! פערצווייפעלט האָב איך געוואַרט אויף איהר ענטפער.

„איהר דאַרפט אויף קיין פאַל ניט זיצען לעבען טהיר," זאָגט זי. זי רעדט גראָד צערטליך און זאָגט געגוי די ווערטער: איהר דאַרפט אויף קיין פאַל ניט זיצען לעבען טהיר.

מיר זיינען אַרויפגעגאַנגען.

אין דרויסען אויף די טרעפ, וואו ס'איז געוועזן פינסטער, האָט זי מיר גענומען פאַר'ן האַנד און מיך געפיהרט. איך דאַרף גאָרניט זיין אַזוי שטיל, האָט זי געזאָגט, איך קען ריידען. מיר זיינען אַריינגעגאַנגען. בעת זי האָט אָנגעצונדען אַ ליכט — ניט קיין לאָמפּ, נאָר אַ ליכט — בשעת זי האָט דאָס דאָזיגע ליכט אָנגעצונדען, האָט זי מיט אַ קורצען געלעכטער געזאָגט:

„אצונד אבער דארפט איהר מיך ניט אנקוקען. אוף, כ'שעהם זיך! אבער איך וועל עס קיינמאל מעהר ניט טהאן!"

„וואס וועט איהר קיינמאל מעהר ניט טהאן?"

„קיינמאל מעהר... ניין, זאל מיך גאט אבהיטען... כ'וועל אייך קיינמאל מעהר ניט קושען."

„טאקי ניט?" האב איך געזאגט, און מיר האבען זיך ביידע צולאכט. איך האב אויסגעשטרעקט די ארעמס נאך איהר, זי איז אבגעשפרונגען אן א זייט, האט זיך אריבערגעכאפט אויף דער אנדער זייט טיש. א רגע האבען מיר זיך אנגעקוקט איינע די אנדערע, דאס ליכט איז געשטאנען צווישען אונז.

„פרוואווט אקארשט, אויב איהר וועט מיך קענען כאפען," האט זי געזאגט.

און מיט א הויכען געלעכטער האב איך זיך געסטארעט זי צו כאפען. בשעת זי איז ארומגעלאפען, האט זי אויסגעטהאן דעם שלייער און ארונטערגענומען דעם הוט פון קאפ; איהרע פונקלענדע אויגען זיינען געוועזען אויסגעשטעלט אויף מיר און זיי האבען נאכגעקוקט יעדען ריהר מיינעס. איך האב געמאכט א נייע פראבע, האב זיך פערטשעפעט אן דעם טאפעט און בין געפאלען; מיין צוקאליעטשעטער פוס האט מיך שוין מעהר ניט געוואלט טראגען. אין גרויסער פערלעגענהייט האב איך זיך אויפגעהויבען פון דער ערד.

„גאט, ווי רויט איהר זייט דא אביסעל געווארען!" האט זי געזאגט.

„ס'איז אבער אויך געוועזען שטארק אונגעשיקט פון אייך."

„יא, ס'איז ווירקליך אזוי געוועזען," האב איך געענטפערט.

און מיר האבען ווידער אנגעהויבען ארומלויפען איבער'ן שטוב.

„כ'מיין, איהר הינקט."

„יא, כ'מיין אויך, אז איך הינק צו אביסעל, אבער טאקי נור אביסעלע."

„דאס לעצטע מאל האט איהר געהאט א פערוואונדעטען פינגער, און איצט האט איהר א שלעכטען פוס; שרעקליך, וואס פאר פלאגען איהר האט עס אביסעל."

„אך יא, מיט א פאר טעג צוריק בין איך איבערגעפאהרען געווארען."

„איבערגעפאהרען? ווידער שכור? ניין, זאל גאט אבהיטען, יונגער מאן, וואס פאר א לעבען פיהרט איהר פארט!" זי האט געסטראשעט מיט'ן פינגער און זיך אבגעשטעלט מיט אן ערנסטער מיענע. „אלזא, לאמיר זיך זעצען!" האט זי געזאגט. „ניין, ניט ביי דער טהיר; איהר זייט שוין צופיעל

צוריקגעהאַלטען; אַהער־צו; איהר דאָרט, און איך דאָ, אָט אַזוי, יאָ!...
אוף! ס'איז לאַנגוויילינ צו האָבען צו טהאָן מיט צוריקגעהאַלטענע, שעהמע-דיגע מענשען! מען מוז דאַן אַלצדינג אַליין טהאָן און זאָגען; אין קיין זאַך העלפֿען זיי אייך נישט צו. איהר וואָלט, למשל, גאַנץ גוט געקענט אָנשפּאַרען דעם אָרים אייערן אויף'ן דער פֿאַרענטשע פֿון מיין שטוהל; דאָס האָט איהר דאָך אַליין געמעגט וויסען, מיין איך. אָבער רעדט מיר נאָר אַקאָרשט ניט איין, אַז איהר זייט תמיד אַזאַ נעביבעל; ווען איהר וואָלט נור קיין מורא ניט געהאַט! איהר זייט געווען גענוג פֿרעך, בעת איהר זייט שכור געווען און איהר זייט מיר נאָכגעגאַנגען און מיך געפּלאַגט מיט אייערע גייסטרייכע איינפֿעלע; איהר פֿערלירט אייער בוך, פֿריילין, איהר פֿערלירט גאַנץ בעשטימט אייער בוך, פֿריילין! האַ, האַ, האַ! פֿע, דאָס איז ווירקליך געווען מיאוס פֿון אייער זייט!"

דערשלאָגען און פֿערלאָרען בין איך געזעסען און האָב זי אָנגעקוקט. דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט ווי מיט האַמערס; דאָס בלוט האָט מיר אַזוי געקאָכט אין די אָדערן. וואָס פֿאַר אַ וואונדערבאַרעס געפֿיהל!

„פֿאַרוואָס זאָגט איהר גאָרנישט?"

„ווי זיס איהר זייט," האָב איך זיך אָבגערופֿען. „כ'זיץ גאַנץ איינפֿאַך און לאָז זיך פֿון אייך בעהערשען, פֿאָלשטענדיג בעהערשען... ס'לאָזט זיך גאָרנישט מאַכען דאַגעגען... איהר זייט דאָס מערקווירדיגסטע וועזען, וואָס איך האָב ווען עס איז... צייטענווייז שטראַהלען אייערע אויגען אַזוי, ווי איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוינס ניט געזעהן, זיי זעהען אויס ווי בלומען... ווי? ניין, ניין, כ'מיין ניט ווי בלומען, נאָר... כ'בין אַזוי מורא'דיג פֿערליעבט אין אייך, און דאָס איז אַזוי נאַריש... גרויסער גאָט, נאַטירליך, ס'האָט פֿאַר מיר קיין שום זינן ניט... ווי הייסט איהר? אַצונד מוזט איהר מיר ווירקליך זאָגען, ווי איהר הייסט..."

„ניין, ווי הייסט איהר פֿאָרט? גאָט, איצט האָב איך עס כמעט ווידער פֿערגעסען! נעכטען האָב איך אַ גאַנצען טאָג מכח דעם געטראַכט, אייך צו פֿרעגען. יאָ, ס'הייסט ניט גראָד אַ גאַנצען טאָג, נאָר..."

„איהר ווייסט, ווי איך האָב אייך גערופֿען? איך רוף אייך אילאַיאַלי. ווי געפֿעלט עס אייך? אַזאַ שוועבענדיגער קלאַנג..."

„אילאַיאַלי?"

„יאָ..."

„דאָס איז אַ פֿרעמדע שפּראַך?"

„הם. ניין, דאָס אייגענטליך ניט."

„יאָ, ס'קלינגט גאָר ניט מיאוס..."

נאָך אַסך טענות האָבען מיר זיך איינע די אַנדערע געזאָגט אונזערע נעמען. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבען מיר אויף דער קאַנאַפּע און דעם שטוהל האָט זי אַוועקגערוקט מיט'ן פוס. דערנאָך האָבען מיר ווידער אָנגעהויבען פלוידערן.

„היינט אָוועגד האָט איהר זיך אויך אָבגעראַזירט," האָט זי געזאָגט.

„אין גאַנצען גענומען זעהט איהר אַביסעל בעסער אויס איידער דאָס לעצטע מאָל, אָבער טאַקי נור אַביסעלע; ווערט נור ניט שטאָלץ ביי זיך... ניין, דאָס לעצטע מאָל זייט איהר ווירקליך געווען צו שפל. צו אַלע צרות האָט איהר נאָך געהאַט אַ שמוציגע שמאַטע אַרום פינגער. און אין אַזאַ מין הילוך האָט איהר ניט אַנדערש נאָר געוואָלט געהן מיט מיר ערגעץ־וואו טרינקען אַ גלעזעל וויין. אַ שעהנעם דאַנק!"

„אַלזאָ צוליעב מיין קלעגליכען אויסזעהן האָט איהר מיט מיר ניט געוואָלט געהן?" האָב איך געפרעגט.

„ניין," האָט זי געענטפערט און אַראָבגעקוקט אויף דער ערד.

„ניין, גאָט ווייסט, ס'איז ניט געווען מחמת דעם! כ'האָב ניט אַמאָל געטראַכט דערפון!"

„הערט אויס," האָב איך געזאָגט, „איהר מוזט אודאי לעבען אין טעות און מיינען, אַז איך קען לעבען און זיך אָנטהאָן ווי מיין האַרץ גלוסט? ווי? אָבער כ'קען דאָס ניט, כ'בין זעהר, זעהר אָרם."

זי האָט מיך אָנגעקוקט.

„איהר זייט אָרם?"

„יאָ, כ'בין דאָס, ליידער."

פויזע.

„יאָ, דו ליעבער גאָט, איך בין אויך אָרם," האָט זי זיך אָבגערופען מיט אַ דרייסטען מאַך מיט'ן קאָפּ.

יעדעס וואָרט איהרס האָט מיך בערוישט, האָט מיר געטראָפען ווי אַ טראָפען וויין אין האַרצען. איהר טבע, אָנצובויגען אַביסעל דעם קאָפּ אָן אַ זייט און זיך צוהערן, בשעת איך האָב עפּעס געזאָגט, האָט מיך ענטציקט. כ'האָב געפיהלט ווי דער אָטהעם איהרער שלאָגט מיר אין פנים אַריין.

„איהר ווייסט," האָב איך געזאָגט, „אַז... אָבער איהר דאַרפט ניט בייז ווערן... נעכטען ביינאַכט, בשעת איך בין געגאַנגען שלאָפען, האָב איך אָט דעם אָרם אויסגעלייגט פאַר אייך... אָט אַזוי... אָקוראַט ווי איך וואָלט אייך געהאַט דערין... און אַזוי בין איך אנשלאָפען געוואָרען..."

„אזוי—ווי? דאָס איז שעהן געווען!" פויזע. „אָבער אַזאַ זאַך קענט איהר דאָך אודאי נור טהאָן פֿון דער ווייטענס, ווייל. . ."

„איהר גלויבט גאַר ניט, אז איך וואָלט עס אַזוי, פֿון נאָהענטען אויך געקענט?"

„ניין, כ'גלויב עס ניט."

„נאַ! פֿון מיר קענט איהר אַלצדינג ערוואַרטען." האָב איך געזאָגט און זי אַרומגענומען מיט'ן אָרים.

„ווירקליך?" האָט זי נור געזאָגט.

ס'האָט מיך פֿערדראָסען, כמעט בעליידיגט, וואָס זי האָט מיך געהאַלטען פֿאַר צו אָנשטענדיג; כ'האָב געקראָגען קוראַזש, זיך געמאַכט האַרץ און זי אָנגענומען פֿאַר'ן האַנד. אָבער זי האָט שטילערהייט אַרויסגעצויגען איהר האַנד און זיך אַביסעל אַוועקגערוקט פֿון מיר. דאָס האָט ווידער אַמאָל אָבגענומען ביי מיר דעם מוטה, כ'האָב זיך פֿערשעהמט און גענומען קוקען צום פֿענסטער. אין דער אמת'ן האָב איך דאָך אויסגעזעהן צו שרעקליך, ווי איך בין דאָ אַזוי געזעסען; ווי האָב איך גאָר געקענט האָבען די העזה זיך איינצובילדען אַזעלכע זאַכען; ס'וואָלט עפּעס אַנדערש געווען, ווען איך געפֿין זי דעמאָלט, ווען איך האָב נאָך אויסגעזעהן ווי אַ מענש, אין מיינע גוטע טעג, בשעת איך האָב נאָך וויניגסטענס געהאַט וואָס עס איז, אויף וואָס צו בויען. כ'האָב זיך געפֿיהלט זעהר דערשלאָגען.

„אַצונד זעהט!" האָט זי געזאָגט, „זעהט כאָטש וואָס איהר זייט: מיט איין איינציגען קנייטש מיט'ן שטערן קען מען אייך פֿון זאָטעל אַראָבוואַרפֿען, איהר פֿערשעהמט זיך, אַז מען רוקט זיך נור אַ קאַפּעלע אָב פֿון אייך..."

זי האָט זיך צולאַכט מיט אַ ביטערן, גנב'ישען געלעכטער, פֿערמאַכענדיג דערביי די אויגען, פּונקט ווי זי וואָלט ניט געקענט פֿערטראָגען, מען זאָל אויף איהר קוקען.

„ניין, אָבער דו גרויסער גאָט!" האָב איך אַרויסגעפּלאַצט, „איצט זאָלט איהר עפּעס זעהן!" און דאָס זאָגענדיג האָב איך אַ וואָרף געטהאָן מיינע ביידע אָרימס אַרום איהרע שולטערן. כ'האָב זיך כמעט געפֿיהלט געקריינקט. וואָס זשע, אָט אַפּנים דאָס מיידעל איז פֿון זינען אַראָב! צי האַלט זי מיך איינגאַנצען פֿאַר אונערפֿאַהרען! האַ, כ'וואָלט דאָך געוואָלט, ביים לעבעדיגען. . מיר זאָל קיינער ניט פֿאָרוואַרפֿען, אַז איך שטעה צוריק אין דעם פּרט. דאָס איז אַ טייוועל פֿון אַ מיידעל! ווען עס וואָלט זיך נור איינגעגעבען, צו. . .

זי איז זיך געזעסען רוהיג, די אויגען נאָך אַלץ צוגעמאַכט; קיינער פֿון אונז האָט ניט גערעדט. כ'האָב זי פֿעסט צוגעצויגען צו מיר, מיט

גירינגקייט האָב איך צוגעדריקט איהר קערפּער צו מיין ברוסט, און זי האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. כ'האָב געהערט ווי אונזערע הערצער קלאַפּען, איהרס ווי מיינס, דאָס האָט געקלונגען אַזוי ווי בעגראָבענע פּאָדקעוועס.

כ'האָב איהר אַ קוש געטהאָן.

איך בין געווען אויסער זיך און האָב זיך איינפאַך פערלאָרען, גערעדט וואָס פאַר עס איז נאַרישקייט, פון וועלכע זי האָט געלאַכט; כ'האָב איהר שטילערהייט אַרייגעזאָגט ליעבליכע נעמען אין מויל אַריין, איהר די באַקען געגלעט, זי געקושט פיעל, פיעל מאָל. דערנאָך האָב איך אויפגעפּענט אַ פּאָר קנעפּ פון איהר קלייד און געזעהן איהר בוזים, דעם ווייסען, קיילעכ־דיגען בוזים, וועלכער האָט דורכגעגלאַנצט ווי צוויי זיסע וואונדער דורך די ווייסע לייווענד.

„מעג איך אַ קוק טהאָן!" זאָג איך און סטאַרע זיך ווייטער אויפצו־קנעפּלען, די עפנונג גרעסער צו מאַכען. אָבער איך בין צו אויפגערעגט. כ'קען זיך ניט איספּראַווען מיט די אונטערשטע קנעפּ, וואו די טאַליע פון קלייד שליסט זיך אָן אַזוי ענג. „כ'בעט אייך, מעג איך אַ קוק טהאָן, נור אַ קליין ביסעלע... אַ האָרעלע..."

זי לייגט אַרויף דעם אָרעם איהרען אַרום מיין האַלז, לאַנגזאַם, צערטליך, איהר הייסער אָטהעם געהט מיר גלייך אין געזיכט אַריין פון די רויטלאַך בלישטשעדנע, ציטערענדע נאָז־לעכער; מיט דער אַנדער האַנד הויבט זי אַליין אָן אָבקנעפּלען די קנעפּ, איינעם נאָך'ן אַנדערן. זי לאַכט מיט אַ פערזאָרגטען, קורצען געלעכטער און קוקט זיך עטליכע מאָל אום צו מיר, צי איך זעה, אַז זי האָט מורא. זי מאַכט לויז די בענדלאַך, עפענט אויף דעם קאָרסעט, זי איז אי ענטציקט, אי פול מיט אַנגסט. און איך געה אַרום מיט מיינע גראָבע הענד איבער די דאָזיגע בענדלאַך און קנעפּ...

אום אָבצוקעהרען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם, וואָס קומט פאָר, גלעט זי מיר מיט דער לינקער האַנד איבער מיין שולטער און זאָגט:

„וואָס פאַר אַ מאַסע האָר דאָ ליגט!"

„יאָ," ענטפער איך און פרוביר אַריינשפּאַרען זיך מיט מיין מויל אויף איהר ברוסט. אין דער רגע ליגט זי מיט גאַנץ אָפענע קליידער אויף דער קאַנאַפּע. אָבער פּלוצלינג בערעכענט זי זיך, אַזוי ווי זי וואָלט צו וויט פערגאַנגען; זי דעקט זיך צוריק צו און הויבט זיך אַביסעל אויף אין דער הויך. און כדי צו בעהאַלטען איהר פערלעגענהייט וועגען די אָפענע קליידער,

הויבט זי פֿון דאָס נײַ אָן ריידען מכח די מאַסע אויסגעקראָכענע האָר, וואָס ליגט בײַ מיר אויף די שולטערן.

„פֿון וואָס קריכען אייך די האָר אַזוי אויס?"

„כ'ווייס ניט!"

„אָה, איהר טרינקט נאַטירליך צופֿיעל אָון אפשר... פֿע, איך קען עס גאָר פֿון מויל ניט אַרויסריידען! שעהמען האָט איהר זיך געמעגט! ניין, דאָס וואָלט איך זיך אויף אייך ניט געגלויבט! אַז איהר, נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, זאָלט שוין די האָר פֿערלירען!... אַצונד זייט אַזוי גוט און דערצעהלט מיר אַקאָרשט, ווי איהר לעבט אייגענטליך. איך בין איבערצייגט, אַז עס מוז זיין שרעקליך! אָבער דעם ריינעם אמת, הערט איהר? נאָר ניט אַרויסגעמאַכט זיך! איבעריגענס, וועל איך אָן אייער פנים דערקענען, אַז איהר וועט עפּעס פֿון מיר בעהאַלטען. אַלזאָ, אַצונד דערצעהלט!"

„יאָ, אָבער צוערשט מעג איך אייך אַ קוש טהאָן אויף דער ברוסט, ניט אמת?"

„וואָס זייט איהר, פֿעררירקט, צי וואָס? נאַ, פֿאַנגט אַלזאָ אָן, דער־צעהלט!"

„ניין, ליעבע, זיסע... כ'בעט אייך, זאָל איך צוערשט?..."

„הם. ניין, ניין, ניט צוערשט... שפּעטער פֿילייכט... אַפֿריהער וויל איך הערען, וואָס פֿאַר אַ מענש איהר זייט. אַך, איך בין איבערצייגט, ס'איז שרעקליך!"

ס'האָט מיר שטאַרק וועה געטהאָן, וואָס זי גלויבט אויף מיר דאָס ערגסטע; כ'האָב מורא געהאַט, איך זאָל איהר גאָר אין גאַנצען ניט אָבשטויסען, און איך האָב ניט געקענט פֿערטראָגען דעם פֿערדרוס, וואָס זי האָט געהאַט מכח מיין לעבען. כ'האָב זיך געוואָלט ריינוואַשען בײַ איהר אין די אויגען, זיך צייגען ווירדיג פֿאַר איהר, איהר בעווייזען, אַז זי זיצט לעבען אַ מענשען, וואָס איז גאָרניט וויִיט פֿון אַ מלאך. רבונו של עולם, דו גרויסער גאָט מיינער, ביז אַצונד וואָלט איך געקענט אויף די פֿינגער אָבצעהלען, ווי אָפֿט איך האָב געזינדיגט.

כ'האָב דערצעהלט, כ'האָב דערצעהלט אַלצדינג און איך האָב דערצעהלט נור די וואַהרהייט. כ'האָב גאָרנישט געמאַכט ערגער ווי ס'איז געווען; כ'האָב ניט געהאַט קיין שום כונה, צו דערוועקען אין איהר אַ רחמנות; כ'האָב זיך זאָגאַר מודה געווען, אַז איך האָב איינמאָל גע'גנב'עט פֿינף קראָנען.

זי איז געזעסען און זיך צוגעהערט מיט אַן אָפֿענעם מויל, בלייך, דערשראָקען, אַ טויטליבע צוטומעלטקייט אין די גלאַנציגע אויגען. כ'האָב

געוואָלט צוריקכאַפּען, עס ווידער גוט מאַכען, אָבווישען דעם טרויעריגען רושם, וואָס איך האָב אויף איהר געמאַכט, דאַרום האָב איך זיך אויפגע־הויבען און געזאָגט:

„אָבער איצט איז דאָך אַלץ פאַראיבער! פון אַזוי וואָס קען שוין אַצונד גאָר קיין רייד ניט זיין; איצט בין איך אַרויס פון געפאַהר..."

זי איז פונדעסטוועגען געווען זעהר פאַראומערט. „זאָל מיך גאָט אָבהיטען!" האָט זי נור געזאָגט און איז אַנשוויגען געוואָרען. זי האָט עס געזאָגט צווישען קורצע פויזען און איז יעדעס מאָל נאָכדעם אַנשוויגען געוואָרען. „זאָל מיך גאָט אָבהיטען!"

כ'האָב אָנגעהויבען מאַכען שפּאַס, האָב זי געקיצעלט און צוגעצויגען צו מיין ברוסט. איהר קלייד האָט זי ווידער צוגעקנעפּעלט; דאָס האָט מיר אַביסעל פערדראָסען, יאָ, ס'האָט מיך, דעם אמת זאָגענדיג, בעליידיגט. נאָך וואָס האָט זי געדאַרפט צוקנעפּלען איהר קלייד? צי בין איך דען אונוויר־דיגער געוואָרען ביי איהר אין די אויגען, איצט, ווייל איך בין ניט אַליי־שולדיג אין דעם, וואָס מיינע האָר קריכען מיר אויס? וואָלט איהר דע, ליעבער געווען, ווען איך וואָלט געווען אַן אויסגעלאַסענער מענש... נאָר קיין נאַרישקייטען ניט! איצט איז קיין טענות ניט געמאַכט און זיך גענומען צו דער אַרבייט! און אויב עס איז נור דאָס אַליין, טאָ שווער איך ביי אַלץ וואָס... כ'האָב זי אַנידערגעלייגט, כ'האָב זי איינפאַך אַנידערגעלייגט אויף'ן קאַנאַפּע.

זי האָט זיך געוועהרט, — איבעריגענס נור זעהר שוואַך — און האָט מיך אָנגעקוקט ערשטוינט.

„ניין... וואָס ווילט איהר?" האָט זי געפרעגט.

„וואָס איך וויל?!"

הע, זי פרעגט גאָר, וואָס איך וויל! זיך נעהמען צו דער אַרבייט וויל איך, גאָר אָהן טענות נעהמען זיך צו דער אַרבייט! ס'איז ניט מיין טבע צו זיצען פון דער וויטענס און קוקען אין מויל אַריין; דאָס איז לחלוטין ניט מיין שטייגער, מיין אייגענאַרטיגקייט אַלס מענש. אָבקומען מיט'ן וועלען אַליין האָט קיין זינן ניט און פון אַ קנייטש מיט'ן שטערן לאָז איך זיך ניט פערבלאָפען! ניין, בנאמנות אַז ניט! ניט-אָבגעטהאָנערהייט בין איך נאָך קיינמאָל פון אַזאַ מין געשיכטע ניט אַוועק...

אַלזאָ האָב איך זיך גענומען דערצו.

„ניין!... ניין, אָבער...?"

דאָך, האָב איך געענטפערט, דאָס איז מיין אַבזיכט!

„ניין, הערט איהר?" האָט זי אַ געשריי געטהאָן. און דאַן האָט זי נאָך צוגעלייגט די בעליידיגענדע ווערטער: „איך בין דאָך גאָרניט זיכער, צי איהר זייט ניט פּערריקט!"

ניט ווילענדיג האָב איך זיך אָבגעהאַלטען און געזאָגט: „איהר מיינט עס ניט ערנסט!"

„יאָ — ביי גאָט, איהר זעהט אַזוי מאָדנע אויס! און יענעם פאָר־מיטאָג, בשעת איהר זייט מיר נאָכגעגאַנגען, — איהר זייט דעמאָלט אַלזאָ ניט שכור געווען?"

„ניין. דעמאָלט בין איך אויך גאָרנישט הונגעריג געווען, כ'האָב גראָד געהאַט אָבגעגעסען. . ."

„איז נאָך ערגער אַלזאָ."

„וואָלט אייך דען ליעבער געווען, אַז איך וואָלט דאַן שכור געווען?"

„יאָ. . . הו! כ'האָב מורא פאַר אייך! אָבער אום גאָטעס ווילען, לאָזט מיך פאָרט אָב!"

כ'האָב זיך מישב געווען מיט זיך אַליין. ניין, אָבלאָזען איהר האָב איך ניט געקענט. קיינע פּוסטע תירוצים שפּעט ביינאַכט אויף דער קאַנאַפּע, זאָג איך אייך! אויפגעהויבען דעם פלאַנעל, זאָל מיר זיין! הע, נאַ דיר גאָר אַזעלכע נאַרישע אויסריידען אין אַזאַ אויגענבליק! אָקוראַט ווי איך וואָלט גאָרניט געוואוסט, אַז דאָס איז אַליין נור שעהמעדיגקייט, ווייטער גאָרנישט. נאַ, אַזאַ גרינגער בין איך ניט! אָט אַזוי, אַלזאָ שטיל געלעגען! קיין דומהייטען! לעבען זאָל דער קעניג און דאָס פאָטעלאַנד!. . .

זי האָט זיך מאָדנע שטאַרק געווערט, אַזוי שטאַרק, אַז דאָס האָט ניט געקענט זיין מחמת שעהמעדיגקייט אַליין. כלומר'שט מחמת אונפאָר־זיכטיגקייט האָב איך אומגעוואָרפען דאָס ליכט, און עס האָט זיך פערלאָשען. ווי אַ פערצווייפעלטע האָט זי זיך געראַנגעלט מיט מיר, און איינמאָל האָט זי זאָגאַר שטילערהייט זיך געבעטען:

„ניין, ניט דאָס, ניט דאָס! אַז איהר ווילט, מעגט איהר מיר אַ קוש טהאָן אויף דער ברוסט, ליעבער, גוטער. . ."

איך האָב זיך גלייך אויף'ן שטעל אָבגעהאַלטען. איהרע ווערטער האָבען געקלונגען אַזוי דערשראָקען, אַזוי הילפלאָז, אַז זיי זיינען מיר אַריינגעקראָכען טיעף אין די ביינער אַריין. זי האָט מיר, הייסט עס אָנגעבאָטען אַ פערגיטיגונג דערמיט וואָס זי האָט מיר ערלויבט איהר אַ קוש טהאָן אויף דער ברוסט. ווי שעהן דאָס איז, שעהן און נאַאיוו! כ'וואָלט איהר דערפאַר צו די פיס געפאַלען, געקניעט וואָלט איך פאַר איהר.

„אָבער, ליעבע, קליינע!" האָב איך זיך אָבגערופען, שטאַרק צוטומעלט, „כ'פערשטעה ניט... כ'בעגרייף ווירקליך ניט... וואָס איז דאָס פאַר אַ מין שפּיעל..."

זי איז אויפגעשטאַנען און מיט ציטערענדע הענד האָט זי צוריק אָנגעצונדען דאָס ליכט. איך האָב זיך אָנגעשפאַרט אָן קאַנאַפּע און גאָרנישט געטהאָן. וואָס וועט אַצונד געשעהן? אייגענטליך איז זעהר ניט גוט געווען אויף'ן האַרצען.

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף'ן זייגער, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנד, און איז געבליבען אַ פערציטערטע.

„אוּף! דאָס דיענסט-מיידעל וועט באַלד קומען!" האָט זי געזאָגט. דאָס זיינען געווען די ערשטע ווערטער וואָס זי האָט אַרויסגערעדט.

כ'האָב פערשטאַנען וואָס פאַר אַן אָנצוהערעניש דאָס איז און איך בין אויפגעשטאַנען. זי האָט גענומען דעם מאַנטעל, אָקוראַט ווי זי וואָלט איהם וועלען אָנטהאָן, זי האָט אָבער גלייך חרטה געהאַט, האָט איהם צוריק אַוועקגעלייגט און איז צוגעגאַנגען צום קאַמין. זי איז געווען בלייך און וואָס ווייטער איז זי אַלץ אומרוהיגער געוואָרען. כדי עס זאָל ניט אויסזעהן, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט מיר איינפאַך געוויזען די טהיר, האָב איך געזאָגט:

„דער פאָטער אייערער איז געווען אין מיליטער?" און בעת מעשה האָב איך זיך צוגעגרייט צו געהן.

יאָ, ער איז געווען אין מיליטער. פון וואַנען איך וויים דאָס?

כ'וויים עס גאָרניט, נאָר עס איז מיר גלאַט אַזוי איינגעפאַלען.

ווי מאָדנע דאָס איז!

אַך יאָ, אָפּטמאָל שוין האָב איך ריכטיג צוגעטראָפען זאַכען, וועגען וועלכע איך האָב קיין שום ידיעה ניט געהאַט. האַ, האַ, דאָס האָט אַ שייכות מיט מיין שגעון, דאָס...

זי האָט האַסטיג אַ קוק געטהאָן אויף מיר, האָט אָבער ניט געענטפערט. כ'האָב געפיהלט, אַז מיין זיין אין שטוב ביי איהר איז פאַר איהר אַ פּלאָג און איך האָב געוואָלט מאַכען אַ קורצען סוף דערצו. כ'בין צוגעגאַנגען צו דער טהיר. צי וויל זי מיר שוין גאָר מעהר קיין קוש ניט געבען? אפילו די האַנד אויך ניט? כ'בין געשטאַנען און געוואַרט.

„איהר געהט שוין טאַקי?" האָט זי געפרעגט, איז אָבער נאָך אַלץ געבליבען שטיל ביים קאַמין.

כ'האָב גאָרנישט געענטפערט. דערשלאָגען און צוטומעלט בין איך געשטאַנען און האָב זי אָנגעקוקט, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. פאַרוואָס פאָרט האָט זי מיר ניט געלאָזט צו־רוה, אַז דערפון האָט גאָרנישט געזאָלט

אַרויסקומען? וואָס בין איך געוועזן אין דער רגע? אָט אַפּנים איהר הויבט ניט אָן אַרען וואָס איך בין גרייט צו געהן; זי איז מיר פּלוצלינג פערלאָרען געגאַנגען, און איך האָב געזוכט עפּעס וואָס עס איז, אום עס איהר ביים געזעגענען צו זאָגען; אַ שווער, טיעף וואָרט, וואָס זאָל איהר טרעפען און אפשר אויך מאַכען אויף איהר אַ שטיקעל רושם. און אין גאַנצען געגען מיין פּעסטען בעשלוס — פערלעצט, אָנשטאָט צו זיין קאַלט און שטאָלץ, אונרוהיג און בעליידיגט, האָב איך גענומען ריידען פון אַלערליי ניט-וויכטיגע זאַכען; דאָס צושטעטערענדע וואָרט איז ניט געקומען, כ'בין געוועזן זעהר, געדאַנקען־אָרם.

פאַרוואָס זי זאָגט ניט גאָר פּשוט, איך זאָל זיך אָבטראָגען פון דאַנען? האָב איך געפרעגט. יאָ, יאָ, פאַרוואָס דען ניט? וואָס איז זיך דאָ פאַרהאַן וואָס צו שעהמען? אָנשטאָט מיך צו דערמאָנען, אַז דאָס מיידעל וועט באַלד קומען אַהיים, האָט זי איינפאַך געקענט זאָגען פאָלגענדעס: אַצונד מוזט איהר פערשווינדען, מחמת איך געה נאָך מיין מוטער און איך וויל מיט אייך אינאיינעם ניט געהן איבער דער גאַס. וועגען דעם האָט זי גאָרניט געטראַכט? אָה געוויס, גראָד וועגען דעם האָט זי געטראַכט; דאָס איז מיר גלייך קלאָר געוואָרען. איך דאַרף ניט האָבען קיין ספק, עפּעס געוואָהר צו ווערן וואָס מען וויל פון מיר בעהאַלטען; שון דאָס אַליין, ווי זי האָט אַ כאַפּ געטהאָן דעם מאַנטעל און איהם דערנאָך צוריק אַוועקגעלייגט, האָט מיך דערין איבערציייגט. ווי איך האָב שוין געזאָגט, פלעג איך אַמאָל ריכטיג צוטרעפען פיעל זאַכען. און אין גרונד גענומען ליגט דאָך גאָרניט אַזוי פיעל שגעון אין דעם...

„אָבער גאָט אין הימעל, ענטשולדיגט מיר פאָרט פאַר'ן וואָרט! ס'האָט זיך מיר אַזוי אַרויסגעגליטשט פון מויל!" האָט זי זיך אָנגערופען. אָבער זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף אַן אָרט און ניט צוגעקומען צו מיר.

כ'האָב זיך ניט געלאָזט בויגן און גערעדט ווייטער אָהן אַן אָבהאַלט. כ'האָב ווייטער געפלוידערט, באָטש איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך לאַנגווייל איהר, אַז קיין איין וואָרט מיינס טרעפט ניט אין ציעל, און דאָך האָב איך זיך ניט אָבגעשטעלט: אין גרונד גענומען קען מען דאָך האָבען אַ גאַנץ ספּילטשעווע נאַטור און מען דאַרף דערביי ניט זיין פערריקט, האָב איך געזאָגט; פאַרהאַן נאַטורען, וואָס ערגערען זיך פון אַ קלייניגקייט, און אַ האַרט וואָרט וואָלט זיי געקענט דעם טויט מאַכען. און דאַן האָב איך איהר געגעבען צו פערשטעהן, אַז איך בין אַזאַ מין נאַטור. די זאַך איז נעמליך די, וואָס מיין אָרימקייט האָט אין מיר אויסגעאַרבייט געוויסע פעהיגקייטען און זיי אויף אַזאַ'ן אופן פערשאַרפט. אַז עס פערשאַפט מיר

גראָד יסורים, יאָ, איך קען אייך פערזיכערן, גראָד יסורים, ליידער. אָבער דערפאַר האָט עס אויך זיינע מעלות: אין געוויסע סיטואַציאָנען האָט עס מיר אַרויסגעהאָלפען. דער אינטעליגענטער אָרימאַן איז אַסך אַ פיינערער בעאָבאַכטער איידער דער אינטעליגענטער רייכער. דער אָרימאַן קוקט זיך אום ביי יעדען טריט, וואָס ער מאַכט, ער האָרכט זיך צו מיט מיסטרויען צו יעדען וואָרט, וואָס ער הערט פון די מענשען, וועלכע ער בעגעגענט; יעדער טריט, וואָס ער מאַכט, שטעלט אַלזאָ זיינע געדאַנקען און געפיהלען אַן אויפגאַבע, אַן אַרבייט. ער האָט אַ פיינעס געהער און אַ שטאַרקעס געפיהל, אַן ערפאַהרענער מאַן, זיין זעעלע האָט בראַנד-וואונדען...

און איך האָב לאַנג גערעדט מכח די בראַנד-וואונדען, וואָס מיין זעעלע האָט געהאַט. אָבער וואָס לענגער איך האָב גערעדט, אַלץ אומרוהיגער איז זי געוואָרען; ענדליך האָט זי אַ פאָר מאָל אין פערצווייפלונג געזאָגט: „מיין גאָט!" און דערביי געמאַכט מיט די הענד. כ'האָב, דוכט זיך, גאַנץ גוט געזעהן, אַז איך מוטשע זי, און איך האָב זי נישט געוואָלט מוטשען, אָבער איך האָב עס דאָך געטהאָן. ענדליך האָב איך געגלויבט, אַז איך האָב איהר שוין אויף אַ גראָבען אופן אָוועקגעזאָגט דאָס נייטיגע, וואָס איך האָב איהר געהאַט צו זאָגען; דער פערצווייפעלטער בליק איהרער האָט מיך געריהרט, און איך האָב הויך אויף'ן קול געזאָגט:

„איצט געה איך! איצט געה איך! וואָס זשע, איהר זעהט דען ניט, אַז די האַנד מיינע ליגט שוין אויף דער קליאַמקע? זייט געזונד! זייט געזונד, זאָג איך! איהר מעגט דאָך מיר עפּעס ענטפערן, אַז איך זאָג אייך צוויי מאָל זייט-געזונד און בין פיקס און פערטיג צו געהן. כ'בעט זאָגאַר ניט, מיר צו ערלויבען איך ווידער צו זעהן, ווייל דאָס וואָלט אייך געווען אונאַנגענעהם; אָבער זאָגט מיר פאָרט: פאַרוואָס האָט איהר מיך ניט געלאָזט צורוה? וואָס האָב איך אייך געטהאָן? איך בין דאָך אייך ניט אַנטקעגען געלאָפען, ווי? טאָ פאַרוואָס זשע קעהרט איהר זיך פלוצלינג אָב פון מיר, אָקוראַט ווי איהר וואָלט מיך שוין גאָר ניט געקענט? אַצונד האָט איהר מיך אַזוי פאָלשטענדיג צוריסען, אַז איך בין אַסך עלענדער איידער ווען עס איז. גרויסער גאָט, אָבער איך בין דאָך ניט וואַהנזיניג, איהר ווייסט, דוכט זיך, גאַנץ גוט, אַז מיר פעהלט חלילה גאָרנישט. טאָ קומט זשע אַהער און גיט מיר די האַנד! אָדער לאָמיך צוגעהן צו אייך! מעג איך? כ'וועל אייך ניט טהאָן קיין שום לייד, איך וויל נור אויף אַ רגע פאַלען פאַר אייך, אויף די קניע, דאָרט אויף דער ערד פאַלען כורעים פאַר אייך, נור אויף איין איינציגע רגע; מעג איך? ניין, ניין, טאָ טהו איך עס ניט, כ'זעה דאָך אַז איהר האָט מורא; איך וועל עס ניט טהאָן,

הערט איהר? גאָט מיינער, פאַרוואָס שרעקט איהר זיך אַזוי? איך שטעה דאָך שטיל, איך ריהר זיך דאָך פון אָרט ניט. כ'האָב נור געוואָלט אויף אַ רגע'לע נידערקניען אויף'ן טאָפּעט. גראָד דאָרט אויף'ן רויטען שטיק לעבען אייערע פיס. אָבער איהר האָט זיך דערשראָקען; כ'האָב עס גלייך דערקענט, אָן די אויגען אייערע האָב איך דערקענט, אַז איהר האָט זיך דערשראָקען; דעריבער בין איך געבליבען שטעהן אויף אַן אָרט. כ'האָב מיט קיין פוס ניט געריהרט, בעת איך האָב דאָס ביי אייך געבעטען, ניט אמת? איך בין געשטאַנען פונקט אַזוי שטיל ווי איצט, בשעת איך וויז אייך דאָס שטיק, וואו איך וואָלט געפאַלען אויף די קניע, דאָרט אויף דער רויטער רויז אין טאָפּעט. איך וויז ניט אַמאָל אָן מיט'ן פינגער דערויף; כ'וויז גאָרנישט; כ'לאָז עס צורוהה, כדי אייך ניט צו שרעקען, איך שאָקעל נור מיט'ן קאָפּ און קוק אַהין, — אָט אַזוי! און איהר ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ רויז איך מיין, נאָר איהר ווילט מיר ניט ערלויבען דאָרט צו קניען, איהר האָט מורא פאַר מיר און איהר ציטערט צוצוקומען נאָהענט צו מיר. איך פערשטעה גאָרניט, ווי איהר קענט האָבען אַ האַרץ מיך צו רופען משוגע'נער! ניט אמת? איהר גלויבט עס אַליין אויך נישט מעהר? איינמאָל, זומער-צייט — ס'איז שוין לאַנג זייט דאַן — בין איך געווען פערריקט, כ'האָב צו שטאַרק געאַרבייט און איך פלעג פערגעסען צו געהן עסען מיטאָג אין דער צייט, ווען איך האָב געהאַט פיעל צו דענקען. דאָס איז געשעהן טאָג פאַר טאָג; כ'האָב, דוכט זיך, יעדעס מאָל אָבגעמאַכט ביי מיר, עס צו געדיינקען, נאָר איך האָב עס כסדר פערגעסען. גאָט איז מיין עדות, אַז איך זאָג דעם אמת. זאָל איך דאָ בלייבען אַ טויטער אויף'ן אָרט, אויב איך זאָג ליגען! אָט קענט איהר זעהן, וואָס פאַר אַן אונרעכט איהר טהוט מיט מיר. ס'איז ניט געווען אויס נויטה, חלילה, כ'האָב געהאַט קרעדיט, גרויסען קרעדיט ביי אינגעברעט און גראַוועזען, אָפטמאָל האָב איך זאָגאַר געהאַט פיעל געלד אין טאַש און איך האָב זיך דאָך קיין זאַך נישט געקויפט צום עסען, מחמת איך האָב עס פערגעסען. איהר הערט וואָס איך רייד? איהר זאָגט גאָרנישט, איהר ענטפערט נישט, איהר גיט זיך קיין ריהר נישט פון קאַמין, איהר שטעהט נור און וואַרט, איך זאָל אַוועקגעהן..."

זי איז האַסטיג צוגעלאָפען צו מיר און האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנד, פול מיט חשד האָב איך זי אָנגעקוקט. צי טהוט זי עס דען מיט אַ גרינג האַרץ? אָדער זי טהוט עס נור, כדי פון מיר וואָס גיכער פטור צו ווערן? זי האָט אַ וואָרף געטהאָן דעם אָרים איהרען אַרום מיין האַלז, אין די אויגען האָבען זיך איהר געשטעלט טרעהרען. איך בין געשטאַנען

ווי אַ גולם און געקוקט אויף איהר. זי האָט מיר אויסגעשטרעקט דאָס מויל כ'האָב איהר ניט געקענט גלויבען; ס'איז קיין צווייפעל ניט, אַז זי ברייננט מיר אַן אָפּפער — ס'איז נור אַ מיטעל, אום איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף צו מאַכען צו דער גאַנצער געשיכטע.

זי האָט אַ זאָג געטהאָן עפּעס, דאָס האָט געקלונגען ווי: „איך האָב אייך פונדעסטוועגען פאָרט ליעב!" זעהר שטיל און ניט־דייטליך האָט זי עס געזאָגט, אפשר האָב איך ניט ריכטיג דערהערט, מעגליך, אַז זי האָט נישט געזאָגט גראָד אָט די ווערטער; אָבער זי האָט זיך מיט כח אַ וואָרף געטהאָן אויף מיין ברוסט, אויף אַ קורצען אויגענבליק האָט זי מיר אַרומ־גענומען דעם האַלז מיט איהרעביידע אָרעמס, זיך אַביסעל אויפגעהויבען אויף די שפּיץ־פינגער, אום צו קענען צו קומען, און אַזוי איז זי געבליבען שטעהן כמעט אַ גאַנצע מינוט צייט.

איך האָב מורא געהאַט, אפשר מוז זי זיך אָנטהאָן אַ כח, אַרויסצוא־ווייזען די דאָזיגע צערטליכקייט, און איך האָב זיך אָבגערופען:

„ווי שעהן איהר זייט דאָס אַצונד!"

מעהר האָב איך גאָרנישט געזאָגט. מיט אַלע כחות האָב איך זי אַרומגענומען און גלייך אָבגעטראָטען צוריק, אַן עפען געטהאָן די טהיר און אַרויסגעגאַנגען הינטערוויילאַכס. און זי איז געבליבען אינעווייניג.

דער ווינטער איז געקומען, אַ רויהער, פֿייכטער ווינטער כמעט אָהן שנעע, אַ טומאַנע, פֿינסטערע, אייביג־דויערנדע נאַכט, אָהן אַ שום פֿרישען ווינד אין פֿערלויף פֿון דער גאַנצער לאַנגער וואָך. אויף די גאַסען האָט דער גאַז געברענט כמעט דעם גאַנצען טאָג, און דאָך האָבען זיך די מענשען אָנגעשלאָגען איינע אָן די אַנדערע אין טומאַן. אַלע קולות, דער קלאַנג פֿון די קירכען־גלאָקען, די גלעקלאַך פֿון די דראָשקע־פֿערד, די מענשליכע שטימען, די קלעפּ פֿון די פֿאָדקאָוועס — אַלצדינג האָט גע־קלונגען אַזוי מאָדנע, אַזוי משונה ליאַרמדיג אין דער דיקער געדיכטער לופֿט, וועלכע האָט זיך געלייגט צווישען אַלעם און געדריקט אויף אַלצדינג. וואָך אויף וואָך איז אַריבער און דאָס וועטער איז געווען און געבליבען דאָזועלבע.

איך האָב זיך נאָך אַלץ אויפֿגעהאַלטען אונטען אין פֿאַטערלאַנד.

אַלץ פֿעסטער בין איך צוגעבונדען געוואָרען צו דער דאָזיגער אכסניא, צו דעם דאָזיגען לאָדזשיר־הויז פֿאַר רייזענדע, וואו איך האָב פֿאָרט געפֿונען אַן אָרט דעם קאָפּ אַוועקצולייגען. מיין געלד איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק, און איך בין פֿונדעסטוועגען דאָך געבליבען דאָ אויף דיזען פּלאַץ, אָקוראַט ווי איך וואָלט געהאַט אַ רעכט דערצו, פּונקט ווי איך וואָלט געהערט דאָרטען. די בעל הבית׳טע האָט נאָך לעת עתה גאָר־נישט געזאָגט, אָבער מיר איז פֿונדעסטוועגען געווען זעהר אונאַנגענעהם וואָס איך קען איהר נים בעצאָהלען. אַזוי זיינען אַריבער דריי וואָכען.

שוין פֿון עטליכע טעג האָב איך זיך ווידער גענומען צו מיין שריי־בעריי, אָבער מיר האָט זיך בשום אופן נים איינגעגעבען צו שאַפֿען

עטוואָס, מיט וואָס איך זאָל זיין צופרידען; כ'האָב מעהר קיין מזל ניט געהאַט, ווי פלייסיג איך בין ניט געווען און וויפיעל איך האָב זיך ניט געסטאַרעט; וואָס איך האָב ניט צוטהאָן, ס'האָט ניט געהאָלפען, דאָס גליק מיינס איז אַוועק, און איך האָב זיך אומזיסט און אומגישט געמוטשעט.

אין אַ צימער אויף'ן צווייטען שטאָק, אין דעם בעסטען גאַסטצימער, בין איך געזעסען און געמאַכט די דאָזיגע פּראָבעס. פון דעם ערשטען אָוועגד אָן, ווען איך האָב נאָר געהאַט געלד און געקענט פאַר אַלעם בעצאָהלען, בין איך געווען דאָ אויבען אונגעשטערטערהייט.

אין פערלויף פון דער גאַנצער צייט האָב איך אויך געהאַט די האָפנונג, אַז איך וועל סוף כל סוף פאַרטיג מאַכען אַן אַרטיקעל איבער דיזעס אָדער יענעס, כדי צו קענען בעצאָהלען פאַר'ן צימער און נאָך אַנדערע חובות; דעריבער האָב איך אַזוי שווער געאַרבייט. בעזאָנדערס האָב איך אָנגעהויבען עפּעס, פון וואָס איך האָב פיעל ערוואַרטעט, אַן אַלעגאָריע פון א שרפה אין א בוכהאַנדלונג, אַ טיעפער געדאַנק, וועלכען איך האָב געוואָלט אויסאַרבייטען מיט מיין גאַנצען חשק און עס דערנאָך אַוועקטראָגען דעם „קאָמאַנדיר" פאַר זיינע צעהן קראָנען. נשקשה, דער „קאָמאַנדיר" וועט ערשט געוואָהר ווערען, אַז ער האָט דאָסמאָל אויסגעהאָלפען אַ ווירקליכען טאַלאַנט; איך האָב גאָר קיין שום ספק ניט געהאַט, אַז ער וועט עס געוואָהר ווערן; מען מוז נאָר אָבוואַרטען ביז וואַנען דער גייסט וועט קומען איבער מיר. און פאַרוואָס זאָל טאַקי דער גייסט איבער מיר ניט קומען? פאַרוואָס זאָל ער טאַקי שוין באַלד ניט קומען? מיר האָט גאָרנישט געפעהלט; כ'האָב יעדען טאָג געקראָגען וואָס עס איז צו עסען פון מיין בעל-הבית'טע, בייגאַכט און אין דערפריה אַ פאַר רייפטלאַך ברויט מיט פּוטער, און מיין נערוואָזיטעט איז כמעט פערשוואונדען. כ'האָב שוין מעהר קיין שמאַטעס ניט געדאַרפט אַרום מיינע הענד, בשעת איך פלעג שרייבען, און עס האָט מיר שוין מעהר ניט געשווינדעלט פאַר די אויגען, אַז איך פלעג אַראָבקוקען פון מיין פענסטער אויף'ן צווייטען שטאָק אין גאַס אַראָב. ס'איז מיר בעסער געוואָרען אין יעטוועדען פּרט, און איך האָב זיך, דעם אמת זאָגענדיג, געוואונדערט, פאַרוואָס מיין אַלעגאָריע איז שוין לאַנג ניט פאַרטיג. כ'האָב גאָרניט געקענט פערשטעהן, פון וואַנען דאָס קומט.

איינמאָל האָב איך ענדליך געקראָגען צו וויסען, ווי שוואַך איך בין אייגענטליך געוואָרען, ווי שוואַך און קלעגליך דער מוח מיינער האָט געאַרבייט. יענעם טאָג איז מיין בעל הבית'טע אַרויפגעקומען צו מיר מיט אַ רעכנונג און האָט מיך געבעטען, איך זאָל זי דורכקוקען; ערגעץ־וואו

טוו דער חשבון זיין פֿאַלש, מחמת ער שטימט ניט מיט איהר אייגענעם בוך; זי קען אָבער בשום אופן ניט אויסגעפֿינען דעם טעות.

כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט און גענומען רעכענען; די בעל הבית'טע מיינע איז געזעסען אַנטקעגען מיר און געקוקט וואָס איך טהו. איך האָב ראשית איבערגעצעהלט די דאָזיגע צוואַנציג ציפֿערן פֿון אויבען אַראָב און געפֿונען, אַז דער סך הכל איז ריכטיג, דאַן נאָך אַמאָל פֿון אונטען אַרויף, און איך בין ווידער געקומען צום זעלבען רעזולטאַט. כ'האָב אַ קוק געטהאָן אויף דער פֿרוי; זי איז געזעסען גאַנץ נאָהענט לעבען מיר און געוואַרט אויף מיינע ווערטער; אין דערזעלבער רגע האָב איך דער־זעהן, אַז זי איז שוואַנגער; כ'האָב עס דערזעהן, כאָטש איך האָב זיך אויף קיין פֿאַל ניט איינגעקוקט אין איהר צו שטאַרק.

„די סומע שטימט," האָב איך געזאָגט.

„ניין, קוקט אַקאָרשט דורך אויף ריכטיג יעדע צאַהל בעזונדער," האָט זי געענטפֿערט, „ס'קען ניט זיין אַזוי פֿיעל! דאָס איז גאַנץ זיכער."

כ'האָב אונטערזוכט יעדע שורה'לע בעזונדער: 2 ברויטלאָך צו 25, 1 לאָמפּען־גלעזעל 18, זייף 20, פּוטער 32... מען האָט כ'לעבען ניט געדאַרפֿט האָבען קיין מיניסטער־קאָפּ דורכצוגעהן די דאָזיגע ציפֿערן, אָט דעם קליינעם קרעמער־חשבון, וואו ס'האָט ניט געשטעקט קיין שום טיפֿקייט — און איך האָב זיך געסטאַרעט אויסצוגעפֿינען דעם פֿעהלער, פֿון וועלכען די פֿרוי האָט גערעדט, נאָר איך האָב איהם ניט געפֿונען. נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַ פּאָר מינוטען געטומעלט מיט די דאָזיגע צאָהלען, האָב איך דערפֿיהלט, ווי אַלצדינג הויבט אָן טאַנצען ביי מיר אין קאָפּ; כ'האָב אסור געוואוסט וואָס „הוצאה" און וואָס „הכנסה" איז אין דעם דאָזיגען חשבון. ענדליך בין איך געבליבען שטעהן ווי אַ פֿער־מויערטער ביי פֿאָלגענדער שורה: „3 מ'ט 5 זעכצענטעל פֿונד קעז צו 16." מיין מוח האָט זיך לחלוטין ענטזאָגט צו אַרבייטען, ווי אַ גולם האָב איך געקוקט אויף די קעז און נישט געוואוסט ניט אוים ניט איין; — „דאָס הייסט אָבער אויך אָנגעטענטעלט אַביסעל!" האָב איך פֿערצוויי־פֿעלט געזאָגט. „אָט דאָ שטעהט כ'לעבען נור 5 זעכצענטעל קעז. האַ, האַ! ס'געהערט אַזאַ מין זאַך! קוקט אַקאָרשט אַהער!"

„יאָ," האָט די פֿרוי געענטפֿערט, „אָט אַזוי פֿלעגען זיי שרייבען. דאָס איז גרינער קעז. יאָ, — דאָס איז גאַנץ ריכטיג! פֿינף זעכצענטעל זיינען אַלזאָ פֿינף לויט..."

„יאָ, דאָס פערשטעה איך גאַנץ גוט!" האָב איך זיך אָבגערופען, כאָטש אין דער אמת'ן האָב איך גאָרנישט פערשטאַנען וואָס דאָ טהוט זיך.

אויף דאָס ניי האָב איך פּרובירט פּאַרטיג ווערן מיט דער דאָזיגער קליינער רעכנונג, וועלכע איך וואָלט נאָך מיט אַ פּאָר מאָנאַטען צוריק געקענט מאַכען אין אַ מינוט צייט; כ'האָב שטאַרק געשוויצט און מיט אַלע כחות געטראַכט וועגען די מאָדנע ציפערן, געפינטעלט מיט די אויגען, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט זיך ווירקליך שטאַרק פערטיעפט אין דער זאַך; אָבער איך האָב עס געמוזט אויפגעבען. אָט די פינף לויט קעז האָבען מיר גאָר אין גאַנצען צוטומעלט; מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי עטוואָס וואָלט געפּלאַצט ביי מיר הינטער'ן שטערן.

כדי עס זאָל אָבער כלומר'שט פּאָרט הייסען, אַז איך גיב זיך נאָך אַליין אָב מיט'ן חשבון, האָב איך געמאַכט מיט די ליפּען, אַרויסגעזאָגט אַלע וויילע אַ געוויסע צאָהל אין דער הויך, אַקוראַט ווי איך וואָלט צונויפגערעכענט די ציפערן און ענדליך צוגעקומען צום שלוס, צום סך־הכל. די פרוי איז געזעסען און געוואַרט. ענדליך רוף איך זיך אָב:

„אַלזאָ איך האָב די רעכנונג געמאַכט נאָך אַמאָל פון אָנהויב ביז'ן סוף, און אַזוי וויט ווי איך קען זעהן, איז דאָ ווירקליך קיין פעהלער ניטאָ."

„ניטאָ," ענטפערט די פרוי, „ווירקליך ניט?" אָבער איך האָב גאַנץ גוט געזעהן, אַז זי גלויבט מיר ניט. און פּלוצלינג האָט זיך אין איהרע רייד צו מיר דערפיהלט אַ מין גלייכגילטיגער, פעראַכטענדער טאָן, וועלכען איך האָב ביז אַהער ביי איהר ניט בעמערקט. זי האָט געזאָגט, אַז איך בין אפשר ניט געוואוינט צו רעכענען מיט זעכצענטלאַך; זי האָט אויך געזאָגט, אַז זי וועט זיך מוזען ווענדען צו אימיצען, וואָס פערשטעהט זיך אויף אַזעלכע זאַכען, כדי אויספּרוּאווען דעם חשבון ווי ס'בעדאַרף צו זיין. דאָס אַלעס האָט זי געזאָגט ניט מיט קיין פערלעצענדען טאָן חלילה, כדי מיך צו פערשעהמען, נאָר ערנסט און מיט ישוב הדעת. אַז זי איז צוגעקומען צו דער טהיר אַרויסצוגעהן, האָט זי זיך ניט אומקוקענדיג געזאָגט:

„ענטשולדיגט, וואָס איך האָב אייך בעלעסטיגט!"

זי איז אַוועק.

אָבער גלייך נאָכדעם האָט זיך די טהיר ווידער געעפענט און די בעל הבית'טע מיינע איז ווידער אַמאָל אַריין אין צימער; זי איז זיכער

ניט אַרונטער ווייטער ווי ביז צום ערשטען שטאָק און האָט זיך שוין פֿון דאָרט אומגעקעהרט.

„איידער איך פֿערגעס זיך אָן דעם — איהר דאַרפֿט קיין פֿאַראיבעל ניט האָבען, אָבער מיר קומט דאָך נאָך וואָס פֿון אייך?" האָט זי געזאָגט. „נעכטען איז, דוכט זיך, געוואָרען דריי וואָכען, אַז איהר זייט געקומען, ניין? יאָ, כ'מיין, עס איז אַזוי. ס'איז ניט אַזוי גרינג זיך דורכצושלאָגען מיט אַזאַ גרויסע פֿאַמיליע, און דעריבער קען איך דאָ מעהר קיינעם ניט האַלטען אויף באָרג,ליידער..."

איך האָב איהר איבערגעשלאָגען די רייד.

„כ'אַרבייט דאָ אויף אַן אַרטיקעל, וועגען וועלכען איך האָב שוין איינמאָל מיט אייך גערעדט," האָב איך געזאָגט, „און אַזוי גיך ווי ער וועט זיין פֿאַרטיג, וועט איהר קריגען אייער געלד. איהר קענט גאַנץ רוהיג זיין."

„יאָ, אָבער מיט'ן אַרטיקעל וועט מען קיינמאָל ניט אַרויסקריכען."

„איהר מיינט אַזוי? ס'קען אָבער געמאָלט זיין, אַז דער גייסט זאָל נאָך מאָרגען קומען איבער מיר, אָדער אפשר גאָר איבער נאַכט; ס'איז גאָרנישט אונמעגליך, אַז ער זאָל נאָך איבערנאַכט קומען, און דאַן איז מיין אַרטיקעל פֿאַרטיג העכסטענס אין אַ פֿערטעל שעה צייט. הערט איהר, מיט מיין אַרבייט געהט עס ניט אַזוי ווי מיט דער אַרבייט פֿון אַנדערע מענשען; כ'קען זיך ניט אַנידערזעצען און אַרבייטען אַזוי פֿיעל און אַזוי פֿיעל אַ טאָג; כ'מוז וואַרטען אויף דעם אויגענבליק. און קיינער קען ניט וויסען דעם טאָג און די שעה, ווען דער גייסט קומט איבער איינעם, דאָס מוז זיך געהן זיין גאַנג."

מיין בעל הבית'טע איז אַוועק. אָבער איהר צוטרוי צו מיר איז געוויס געוועזען שטאַרק צוטרייסעלט.

אַז איך בין געבליבען אַליין, האָב איך זיך אַ הויב געטהאָן מיט אימפעט און פֿאַר פֿערצווייפֿלונג זיך גענומען רייסען ביי די האָר. ניין, פֿאַר מיר איז נאָך אַלעמען ניטאָ קיין רעטונג, גאָר קיין שום רעטונג ניט! דער מוח מיינער איז מיר באַנקראָט! וואָס זשע, בין איך שוין טאַקי אַזאַ אידיאָט, אַז איך קען ניט בערעכענען דעם ווערטה פֿון אַ קליין שטיקעל גרינע קעז? צי בין איך פֿאָרט פֿון זינען אַראָב, וואָס איך שטעל זיך אַזוינע פֿראַגען? האָב איך דען ניט, אין רעכטען מיטען פֿון אַלע מוטשעגישען מיינע מיט'ן חשבון, אויף'ן שטעל בעמערקט, אַז די בעל הבית'טע מיינע איז מעוברת? איך האָב קיין שום געלעגענהייט ניט געהאַט דאָס אַפֿריהער געוואָהר צו ווערן, קיינער האָט עס מיר ניט דערצעהלט, ס'איז

מיר אויך ניט סתם אזוי אין דער וועלט אריין איינגעפאלען, איך האב עס מיט מיינע אייגענע אויגען דערזעהן און עס תיכף אויף'ן שטעל פערשטאנען, און דערצו נאך אין דער פערצווייפעלטער רגע, בשעת איך בין דא געזעסען און גערעכענט אויף זעכצענטלאך. ווי זאל איך מיר דאס פארט ערקלעהרען?

כ'בין צוגעגאנגען צום פענסטער און ארויסגעקוקט: ס'איז ארויס אויף די וואגנמאנדסגאדע. אונטען אויף'ן ברוק פון דער גאס האבען זיך געשפיעלט א פאר קינדער, קבצנ'יש אנגעטהאנענע קינדער אין דער קבצנ'ישער גאס; זיי האבען ארומגעווארפען צווישען זיך א ליידיגע פלאש הין און צוריק און דערצו געליארמט אויף'ן קול. א וואגען מיט שטוב־זאכען איז לאנגזאם דורכגעפאהרען פערביי זיי; ס'האט געמוזט זיין אן ארויסגעווארפענע פאמיליע, וועלכע האט געמוזט בייטען די דירה ניט אין דער צייט, וואס אלע ציהען זיך איבער. דאס איז מיר גלייך אויף'ן שטעל איינגעפאלען. אויף'ן וואגען זיינען געלעגען בעטען און מעבעל, געלעכערטע, ווערימדיגע בעט־שטעלען און קאמאדען, רויט־געפארבטע שטוהלען מיט דריי פיסלאך, מאטראצען, אייזערנע און בלעכענע כלים. א קליין מיידעלע, נאך גאר א קינד, אן אמת מיאוס'ע בעשעפעניש מיט א פערפראָרען נעזעל איז געזעסען אויבען אויף'ן פוהר און האט זיך פעסט צוגעהאלטען מיט די ארעמע קליינע, בלויע הענטלאך, זי זאל נישט ארונטערפאלען. זי איז געזעסען אויף א הויפען מורא'דיגע, נאסע מאט־ראצען, אויף וועלכע קינדער האבען געשלאפען, און האט אראבגעקוקט אויף די קליינע חברה, וועלכע האבען זיך ארומגעווארפען מיט דער פלאש...

אט דאס אלעס האב איך געזעהן און איך האב אהן א שום מיה פערשטאנען אלץ, וואס איז פארגעגאנגען. בשעת איך בין געשטאנען דארט ביים פענסטער און האב ארונטערגעקוקט, האב איך אויך געהערט, ווי מיין בעל הבית'טעס דיענסט־מיידעל זינגט אין קיך; כ'האב געקענט דעם ניגון, וואס זי האט געזונגען; דעריבער האב איך זיך צוגעהערט, צי זינגט זי ניט פאלש. און דאן האב איך זיך אליין געזאגט, אז אן אידיאט וואלט דאס אלעס ניט געקענט; איך בין גאט צו דאנקען פונקט אזוי פערנינפ־טיג ווי יעדער אנדער מענש.

מיט אמאל האב איך דערזעהן, ווי צוויי קינדער אויף דער גאס קריגען זיך, צוויי קליינע אינגלאך; איינעם פון זיי האב איך געקענט, דאס איז געווען מיין בעל הבית'טעס. כ'עפען אויף דאס פענסטער, כדי צו הערען, וואס זיי זאגען זיך איינער דעם אנדערן, און תוך כדי דיבור

קלייבט זיך צונויף אַ מחנה קינדער אונטער מיין פֿענסטער און מען קוקט אַרויף מיט פֿערלאַנגענדע בליקען צו מיר. אויף וואָס וואַרטען זיי? מען זאָל עפּעס אַראָבוואַרפֿען? פֿערטריקענטע בלומען, ביינער, שטיקלאַך ציגאַרען אָדער עפּעס אַנדערש, וואָס זיי זאָלען קענען שמאָטשקען און זיך דערמיט אַמוזירען? מיט בלויע, פֿערפֿראָרענע געזיכטער און אַ זעהר לאַנגען בליק האָבען זיי אַרויפֿגעקוקט צו מיר אין פֿענסטער. דערווייל האָבען זיך די צוויי קליינע שונאים ניט אויפֿגעהערט אַרומצורייסען. ווערטער ווי גרויסע, פֿייכטע רוחות האָבען אַרויסגעשטורעמט פֿון אָט די קינדערשע מיילער, מורא'דיגע שימפּפֿווערטער, פּראָסטיטוטען־שפּראַך, מאַטראָזען־קללות, וועלכע זיי האָבען זיך אַפּנים אויסגעלערנט אונטען ביי דעם האַפֿען. און ביידע זיינען אַזוי שטאַרק פֿערטהאָן דערין, אַז זיי בעמערקען גאָרניט, ווי די בעל הבית'טע מיינע קומט צו לויפֿען צו זיי, אום צו הערען, וואָס דאָ טהוט זיך אייגענטליך.

„יאָ,“ ערקלעהרט איהר זוהן, „ער האָט מיר אָנגעכאַפּט ביים האַלז, אַז דער אָטהעם איז מיר אויסגעגאַנגען!“ דאָס זאָגענדיג דרעהט ער זיך אום צום קליינעם באַנדיטעל, וועלכער קוקט איהם אָן מיט גרים־צאָרן, און אויסער זיך פֿאַר כעס שרייט ער: „אין גיהנום זאָלסט דו געהן, דו קאַלדעאישע בהמה דו! אַזאַ לויזיגער יונג פּאַקט די מענשען ביים האַלז! זאָל מיך דער רוח כאַפּען, אויב איך וועל דיך ניט...“

און די מוטער, אָט די שוואַנגערע פֿרוי, וועלכע האָט כמעט אויסגעפֿילט די גאַנצע ענגע גאַס, נעהמט אָן דאָס צעהן־יעהריג קינד ביים אָרים, וויל עס אַריינשלעפּען אין הויז און זאָגט: „שט! האַלט דעם שנוק! כ'מיין, דו קענסט זיך גאָר נישקשה'דיג שעלטען! אַ פּיסקעל דאָס האָט, אויף שרויפֿען! מאַרש אין שטוב אַריין!“

„ניין, כ'געה ניט!“

„כ'זאָג דיר — אַריין!“

„ניין כ'געה ניט!“

כ'שטעה אויבען ביים פֿענסטער און זעה, ווי די מוטער קומט וואָס וויטער אַלץ מעהר אַריין אין כעס; אָט די דערווידערדיגע סצענע רעגט מיך מורא'דיג אויף, כ'קען עס שוין מעהר ניט אויסהאַלטען און גיב אַ רוף דעם אינגעל, ער זאָל אַרויפֿקומען צו מיר אויף אַ רגע. כ'רוף איהם צווייטמאָל, נור אום איהר צו שטערן, צו מאַכען אַ סוף צו דעם סקאַנדאַל; דאָס לעצטע מאָל שריי איך אוים זעהר הויך, און די מוטער קעהרט זיך אום אַ צומישטע און גיט אַ קוק אַרויף צו מיר. און טאַקי גלייך אויפ'ן שטעל קומט זי צו זיך, קוקט מיך אָן פֿרעך, אַזוי שטאַרק בערעכענט

קוקט זי מיך אָן און דערנאָך טרעט זי אָב אַביסעל ווייטער צו איהר זוהן מיט אַ פאָרוואורף. זי רעדט אַזוי הויך, אַז איך קען עס הערען, און זאָגט צו איהם:

„פע, מענסט זיך שעהמען — צו ווייזען די מענשען, ווי שלעכט דו ביסט!"

פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב אויף אַזאַ'ן אופן בעמערקט, איז מיר די מינדסטע קליינינקייט אפילו ניט ארוים פון אויג. מיין אויפמערקזאַמ־קייט איז געוועזן זעהר וואַך, איך האָב איינגעאָטהעמט אין זיך יעטוועדע קליינינקייט און בין געשטאַנען און האָב געטראַכט וועגען אָט די אַלע זאַכען. ס'איז אַלזאָ אונמעגליך, אַז מיט מיין פערשטאַנד זאָל עפּעס וואָס עס איז זיין ניט אין אָרדנונג. ווי קען עס דען זיין ניט אין אָרדנונג?

הער אַקאָרשט, ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען? האָב איך זיך פלוצלינג אָבגערופען; נאַ, גענוג דיר שוין זיך דרעהען אַ מוח מיט דיין פערשטאַנד און זיך מאַכען אומזיסטע זאָרג דעריבער; איצט מוז נעהמען אַ סוף צו די נאַרישע שטיק! איז דאָס אַ סימן פון פערריקטקייט, אַז מען פאַסט אויף און מען בעמערקט אַלצדינג אַזוי גענוי, ווי דו טהוסט? איך מוז כמעט לאַכען פון דיר; מעגסט זיכער זיין, אַז ס'איז דאָ פון וואָס צו לאַכען, אַזוי וויים ווי איך זעה. קורץ און גוט, איינמאָל טרעפט זיך מיט אַלע מענשען, אַז זיי קומען צו קורץ מיט זייער שכל, אי דאָס שטענדיג גראָד ביי די איינפאַכסטע פראַגען. דאָס בעווייזט אָבער גאָרנישט, ס'איז בלויז אַ צופאַל. ווי געזאָגט, ס'האָט געפעהלט אַ האָר, איך זאָל דיך ניט אויסלאַכען. וואָס איז שייך צו דעם קרעמערשען חשבון, אָט די לומפּיגע פינף זעכצענטעל קבצנים־קעז, וואָלט איך כ'לעבען געזאָגט, — חאַ, חאַ, אַ קעז מיט נעגעלאַך און מיט פעפער, אַ קעז, בנאמנות, פון וועלכען מען קען, אָפּען געזאָגט, כמעט טראָגעדיג ווערן, — וואָס איז שייך אָט צו דעם לעבערליכען קעז, וואָלט עס דעם בעסטען געקענט טרעפען, צו ווערן דום דערפון; דער ריח אַליין פון דעם דאָזיגען קעז קען אַ מענשען פון זינען אַראָבפיהרען... און איך האָב געלאַכט פון אַלע סאָרטען גרינע קעז... ניין, דערלאַנגט מיר אַקאָרשט דאָס וואָס מע קען נעהמען אין מויל אַריין! האָב איך געזאָגט; דערלאַנגט מיר, ווען איהר ווילט, פינף זעכצענטעל גוטע פוטער. דאָס איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך!

איך האָב געלאַכט פון גאַנצען הארצען איבער מיינע אייגענע איינ־פעלע, וועלכע זיינען מיר שטאַרק געפעלען. מיר פעהלט ווירקליך גאָרנישט. איך בין גוט אָב. איך בין אַזוי צוזאָגען זעהר גוט אָב. איך בין אַ

קלאָהרער קאָפּ; געלויבט און געדאַנקט איז גאָט דערפאַר, ס'געהט מיר גאָרנישט אָב!

מיין מונטערקייט איז געוואַקסען, בעת איך בין אַרומגעגאַנגען איבערן צימער און האָב גערעדט מיט מיר אַליין; כ'האָב געלאַכט הויך אויף'ן קול און זיך געפיהלט שטאַרק צופרידען. אָבער מיר האָט זיך ווירקליך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי אָט די לוסטיגע, קליינע רגע, אָט די מינוט פון ענטציקונג אָהן וואָס פאַר עס איז זאָרגען איז נייטיג פאַר מיר, אום צו ברייגגען מיין קאָפּ צוריק צו אַן אַרבייטס־פעהיגען צושטאַנד. כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט בייס טיש און אָנגעפאַנגען ווידער מיט מיין אַלעגאָריע. און עס איז מיר זעהר גוט געגאַנגען, בעסער איידער זייט אַ לאַנגע צייט; ניט זעהר גיך, אָבער מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס ביסעל, וואָס איך האָב צוגעשריבען, איז אויסגעצייכענט גוט. אַזוי האָב איך געאַרבייט אַ גאַנצע שעה נאָכאַנאַנד, ניט מיעד ווערענדיג דערביי.

איך האַלט גראָד ביי אַ זעהר וויכטיגען פונקט אין דער דאָזיגער אַלעגאָריע, מכח אַ שרפה אין אַ בוכהאַנדלונג; ער האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי וויכטיג, אַז דאָס איבעריגע, וואָס איך האָב אָנגעשריבען, איז ביי מיר אין די אויגען געוועזען אַ גאָרנישט אַנטקעגענען דעם דאָזיגען פונקט. גראָד האָב איך געוואָלט טיעפזיניג און בולט אַרויסגעבען דעם געדאַנק, אַז ניט קיין ביכער ברענען עס דאָ, נאָר מוחות, מענשען־מוחות, כ'האָב געוואָלט מאַכען אַן אמת'ע באַרטהאָלאָמעאוס־נאַכט פון אָט די ברענענדע מוחות.

מיט אַמאָל האָט זיך מיין טהיר זעהר האַסטיג אויפגעריסען, און די בעל הבית'טע מיינע איז אַריין מיט שטורם. זי האָט זיך ניט אַמאָל אָב־געשטעלט ביים שוועל, זי איז צוגעגאַנגען ביז'ן מיטען צימער.

כ'האָב דערלאַנגט אַ קורצען, הייזעריגען געשריי; מיר האָט זיך ווירקליך אָבגעדוכט, אָקוראַט ווי מען וואָלט מיר דערלאַנגט אַ זעץ איבער'ן קאָפּ.

„ווי?" טהוט זי אַ פרעג, „כ'האָב געמיינט, איהר האָט עפּעס געזאָגט? מיר האָבען געקראָגען אַ רייזענדען און מיר מוזען האָבען דאָס דאָזיגע צימער פאַר איהם; איהר וועט מוזען איבערנעכטיגען די נאַכט אונטען ביי אונז; יאָ, איהר וועט האָבען אַ בעט פאַר זיך." און ניט וואַרטענדיג אויף מיין ענטפער, האָט זי גאָר אָהן טענות אָנגעהויבען צו־נויפנעהמען מיינע פאַפירען און איבערקעהרען אַלעס מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף.

מיין פרעהליכע שטימונג איז אַזוי ווי אַוועק מיט'ן ווינד, איך בין געוועזען בייז און פערצווייפעלט און איך האָב זיך גלייך אויפגעהויבען פון

אָרט. כ'האָב איהר געלאָזט אויפראַמען דעם טיש און גאָרנישט געזאָגט; קיין וואָרט נישט. דאַן האָט זי מיר דערלאַנגט אַלע פּאַפּירען אין האַנד אַריין.

כ'האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, נאָר אַרויסגעהן פון צימער.

נו, איז אַלזאָ די דאָזיגע טייערע רגע אויך אַוועק מיט'ן רויך? דער נייער פּאַסאַזשיר האָט מיך שוין אויף די טרעפּ בעגעגענט, אַ יונגער מאַן מיט גרויסע בלויע אַנקער־צייכנונגען אויף דער האַנד; אַ טרעגער מיט אַ שיפּ־קעסטעל אויף די פּלייצעס איז איהם נאָכגעגאַנגען. דער פרעמדער איז אַודאי אַ מאַטראָז, אַלזאָ נור אַ צופעליגער גאַסט בלויז פאַר די איינע נאַכט; לענגער וועט ער מיין צימער אַודאי ניט האַלטען. אפשר וועל איך מאָרגען, אַז דער מאַן וועט אַוועקפאָהרען, ווידער קריגען איינעם פון מיינע גליקליכע מאָמענטען; ס'פעהלט מיר נור אַן אינספּיראַציאָן פון פינף מי־נוטען צייט, דאַן איז מיין ווערק פאַרטיג. איך מוז זיך אַלזאָ איבערגעבען דעם שיקזאַל אין די הענד...

ביז איצט בין איך נאָך קיינמאָל ניט געווען ביי דער פאַמיליע אין דער וואוינונג, אין דעם דאָזיגען איינציגען צימער, וואו זיי האָבען זיך אַלע אויפגעהאַלטען טאָג און נאַכט, אַלע, דער מאַן, די פרוי, דער פרוי'ס פאָטער און די פיער קינדער. די דיענסט־מויד איז געווען אין קיך, וואו זי פלעגט אויך שלאָפען ביינאַכט. מיט אַ פערביטערט האַרץ בין איך צוגעגאַנגען צו דער טהיר און האָב אָנגעקלאַפּט; קיינער האָט מיר ניט געענטפערט, דאָך האָב איך געהערט שטימען אינעווייניג.

דער מאַן האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, בשעת איך בין אַריינגעקומען, ער האָט ניט אַמאָל געענטפערט אויף מיין בעגריסונג; ער האָט נור אַ גלייכגילטיגען קוק געטהאָן אויף מיר, אָקוראַט ווי איך וואָלט איהם גאָר־נישט אָנגעגאַנגען. איבעריגענס איז ער געזעסען און האָט געשפּיעלט אין קאָרטען מיט אַ מענשען, וועמען איך האָב געזעהן אונטען ביי די מאַגאַזינען, אַ טרעגער, וועלכער האָט געטראָגען דעם נאָמען „גלאָז־שויב". הינטען אין בעט איז געלעגען אַ קליין קינד און האָט געפּלוידערט מיט זיך אַליין, און דער אַלטער מאַן, דער בעל הבית'טעס פאָטער, איז געזעסען צונויפגעדרעהט אין דרייען אויף אַ בעטעל מיט'ן קאָפּ אָנגעבויגען איבער די הענד, אָקוראַט ווי די ברוסט אָדער דער בויך וואָלט איהם וועה געטהאָן. די האָר זיינע זיינען כמעט געווען ווייס, און צונויפגעדרעהטערהייט האָט ער אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ קריכ־טהיער, וואָס שטעלט אויס די אויערן, וועלענדיג עפּעס דערהערן.

„איך קום ליידער, בעטען אַן אָרט, וואו איבערצונעכטיגען היינט ביינאַכט,” האָב איך געזאָגט צו דעם מאַן.

„מיין פֿרוי האָט עס געזאָגט?” האָט ער געפֿרעגט.

„יאָ: אַן אַנדער רייזענדער האָט צוגענומען מיין צימער.”

דערויף האָט דער מאַן גאָרנישט געענטפֿערט און זיך ווידער גענומען צו די קאָרטען.

אזוי איז זיך דער דאָזיגער מאַן געזעסען טאָג פֿאַר טאָג און האָט געשפּיעלט אין קאָרטען מיט אַבי וועמען, וואָס איז נור אַריינגעקומען צו איהם אין שטוב, ער האָט געשפּיעלט פֿאַר גאָרנישט, אַבי נור די צייט צו פֿערטרייבען און האָבען וואָס עס איז אין די הענד. וויטער האָט ער גאָרנישט געטהאָן, האָט זיך קיים פֿון אָרט געריהרט, אין דער צייט וואָס זיין פֿרוי האָט אַרומגעפּאַדעט אויף די טרעפּ אַרויף און אַראָב, זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און געטהאָן אַלץ, וואָס איז נור מעגליך געווען אַריינצוקריגען געסט אין הויז אַריין. זי האָט זיך אויך געשטעלט אין פֿערבינדונג מיט די טרעגער און די ווינקעל־שטעהער, וועמען זי פֿלעגט צאָהלען אַ געוויסע סומע פֿאַר יעדען אורח, וואָס זיי האָבען איהר צוגעשאַרט, און אָפּטמאָל האָט זי אויך אָט די לאַסט־טרעגער געלאָזט איבערנעכטיגען אומזיסט אַ נאַכט ביי זיך אין הויז. דאָס מאָל האָט איהר „גלאָזשויב” צוגעשאַרט דעם נייעם רייזענדען.

אַ פּאָר קינדער זיינען אַריינגעקומען, צוויי קליינע מיידלאַך מיט מאָגערע, געפּינטעלטע קינדער־פּנים׳לאַך; זיי זיינען ווירקליך געגאַנגען אין טראַנטעס אָנגעטהאָן. תיכף נאָכדעם איז אויך די בעל הבית׳טע אַריינגעקומען. כ׳האָב אַ פֿרעג געטהאָן, וואו זי וויל מיך ערגעץ אַהינטהאָן די נאַכט, האָט זי קורץ און שאַרף געענטפֿערט, אַז איך קען זיך לייגען דאָ אינאיינעם מיט אַלעמען, אָדער דרויסען אין פֿאָדער־צימער אויף דעם בעטגעשטעל, ווי איך וויל. בעת זי האָט מיר דעם ענטפֿער געגעבען, איז זי אַרומגעגאַנגען איבער׳ן שטוב, האָט זיך געפּאָרעט מיט פֿערשיעדענע זאַכען, וואָס זי האָט צורעכט געמאַכט, און דערביי ניט אַמאָל אַ קוק געטהאָן אויף מיר.

פֿון איהר ענטפֿער בין איך געבליבען אַ דערשלאָגענער, איך בין געשטאַנען לעבען טהיר און האָב זיך געמאַכט אַזוי קליין ווי נור מעגליך, כ׳האָב זיך כלומר׳שט געצייגט עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט גאַנץ צופֿריעדען געווען אָבצוגעבען אַן אַנדערן מיין צימער אויף איין נאַכט, און איך האָב מיט אַ כיוון געמאַכט אַ פֿריינדליכען פּנים, כדי איהר ניט אַריינצוברייגנען אין כעס און נאָך אפשר אין גאַנצען דורכגעטריבען ווערן פֿון הויז. כ׳האָב

געזאָגט: „נו יאָ, מען וועט זיך שוין יאַקאָש אַן עצה געבען!" און איך בין אַנשווינגען געוואָרען.

זי האָט נאָך אַלץ אַרומגעפּאַדעט איבער'ן צימער.

„איבעריגענס מוז איך אייך זאָגען, אַז עס איז ניט פֿאַר מיינע כוחות צו געבען מענשען קאָסט און קוואַרטיר אויף באָרג," האָט זי זיך אָבגערופֿען.

„און דאָס האָב איך אייך שוין אַמאָל געזאָגט."

„יאָ, אָבער ליעבע פֿרוי, ס'געהט דאָך בלויז אין אַ פּאָר טעג, ביז וואַנען מיין אַרטיקעל וועט פֿאַרטיג ווערן," האָב איך געענטפֿערט, „דאַן וועל איך גערן געבען נאָך פֿינף קראָנען עקסטראַ."

אָבער דעם אמת זאָגענדיג האָט זי ניט אָנגעהויבען גלויבען אין מיין אַרטיקעל, דאָס האָב איך געקענט בעמערקען. און איך האָב ניט געקענט שפּיעלען דעם בעל גאוה און פֿערלאָזען דאָס הויז, נאָר מחמת דעם, וואָס איך בין אַביסעל בעליידיגט געוואָרען; כ'האָב גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס מיך ערוואַרט, אַז איך וועל געהן.



אַ פּאָר טעג זיינען אַריבער.

איך האָב זיך אויפֿגעהאַלטען אונטען ביי דער פֿאַמיליע אין שטוב; ווייל אין פֿאָרצימער, וואו ס'איז קיין אויווען ניט געשטאַנען, איז פּשוט געווען צו קאַלט; אויך ביינאַכט בין איך געשלאָפֿען ביי זיי אין שטוב אויף דער ערד. דער פֿרעמדער מאַטראָז האָט נאָך אַלץ געוואוינט ביי מיר אין צימער און ס'האָט איבערהויפּט אויסגעוויזען, אַז ער האָט גאָר ניט בדעה זיך אַזוי גיך אַרויסצוציהען פֿון דאָרט.

אַרום מיטאָג-צייט קומט אַריין די בעל הבית'טע און דערצעהלט, אַז ער האָט איהר בעצאָהלט פֿאַר אַ גאַנצען מאָנאַט פֿאָראויס; איבעריגענס וויל ער אָבגעבען עקזאַמען אויף אַ רודער-מאַן, איידער ער פֿאָהרט אָב פֿון דאַנען; דעריבער האַלט ער זיך אויף אין שטאָדט. כ'האָב דאָס אַלצדינג אויסגעהערט און פֿערשטאַנען, אַז מיין צימער איז שוין פֿערלאָרען אויף אייביג.

איך בין אַרויס אין פֿאָרצימער און האָב זיך דאָרט אַנידערגעזעצט; אויב איך וועל איבערהויפּט האָבען גליק צו קענען עפּעס שרייבען, מוז

עס זיין דאָ אויף דרויסען, וואו ס'איז שטיל. מיין אַלעגאָריע איז מיר אין גאַנצען אַרויס פֿון מוח; כ'האָב שוין געהאַט אַ נייע אידעע, אַן אויסגע־צייכענטען פּלאַן; כ'האָב געוואָלט אָנשרייבען אַן איין-אַקטער, אַ דראַמאַ, „דער צייכען פֿון קרייץ", אַ מאַטעריאַל פֿון דעם מיטעלאַלטער. דער עיקר איז ביי מיר אין קאָפּ שוין געווען פֿאַרטיג אַלצדינג, וואָס איז שייך צו דער הויפּט־פּערזאָן, אַ הערליכע פֿאַנאַטישע זונה, וועלכע האָט געזינדיגט אין סאַמע טעמפּעל, ניט מחמת שוואַכקייט און ניט מחמת תאוה, נאָר אויס שנאה צום הימעל; לעבען אַלטאַר האָט זי געזינדיגט, אויס ערהאַבענער פֿעראַכטונג צום הימעל.

וואָס מעהר צייט עס איז אַריבער, אַלץ בעגייסטערטער בין איך געוואָרען פֿאַר דער דאָזיגער געשטאַלט. ענדליך איז זי מיר געשטאַנען פֿאַר די אויגען מיט איהר לייב און לעבען, און גראָד אַזוי ווי איך האָב זי געוואָלט אויסאַרבייטען. איהר קערפּער האָט געמוזט זיין מיאוס און אָבשטויסענד, הויך, זעהר מאָגער און אַביסעל טונקעל, און אַז זי איז געגאַנגען, האָבען זיך איהרע לאַנגע פֿיס ביי יעדען טריט געמוזט אַרויסזעהן דורך די קליידער איהרע; אויך גרויסע, אויפֿגעשטעלטע אויערן האָט זי געמוזט האָבען. הקיצור, זי האָט קיין שום צוציהונג ניט געטאָרט האָבען פֿאַר'ן אויג, אַ מיאוסקייט, וואָס מען זאָל קוים קענען אַ קוק טהאָן אויף איהר. וואָס מיך האָט שטאַרק פֿעראינטערעסירט וועגען איהר, איז געווען איהר וואונדערליכע חוצפה, די דאָזיגע פֿערצווייפֿעלטע, אָנגעקליבענע מאָס פֿון זינד, וועלכע זי האָט בעגאַנגען איבערלייגטערהייט. זי האָט מיך ווירקליך צו שטאַרק בעשעפֿטיגט; דער מוח מיינער איז עפּעס גאָר ברייטער און אויסגעצויגענער געוואָרען דורך די דאָזיגע קאַריקאַטור פֿון אַ מענשליכען וועזען, גאַנצע צוויי שעה נאָכאַנאַנד בין איך געזעסען און האָב געשריבען מיין דראַמאַ.

אַז איך האָב פֿאַרטיג געמאַכט אַ צעהן זייטען, אָדער אפשר גאָר צוועלף, אָפֿט מיט דער גרעסטער אָנשטריינגונג, צייטען-ווייז מיט לאַנגע פּויזען, אין וועלכע איך האָב אומזיסט געשריבען און געמוזט צורייסען איין בויגעלע פּאַפּיר נאָך'ן צווייטען, בין איך ענדליך געוואָרען מיעד און פֿערגליווערט פֿון קעלט און אָנשטריינגונג; איך האָב זיך אַלזאָ אויפֿגעהויבען און בין אַרויס אויף דער גאַס. די לעצטע האַלבע שעה בין איך געשטערט געוואָרען דורך דעם געשריי פֿון די קינדער, וואָס איז געקומען פֿון דעם פֿאַמיליען-צימער: איך וואָלט אַלזאָ יעדענפֿאַלס ניט געקענט שרייבען ווייטער. איך האָב געמאַכט אַ לאַנגען שפּאַציר איבער דראַמענסוועיען און בין אַזוי אַרומגעגאַנגען ביז'ן אָוונד, האַלטענדיג אין איין טראַכטען ווי אַזוי

פֿאָרטצוזעצען מיין דראַמאַ. דעם דאָזיגען אָוועגד, אַז איך האָב זיך געלאָזט געהן צוריק אַהיים, האָט מיט מיר געטראָפֿען פֿאָלגענדעס:

איך בין געשטאַנען לעבען אַ שוסטער־קלייט גאַנץ אונטען אויף דער קאַרל־יאָהאַן־גאַס כמעט לעבען דעם אייזענבאַהן־פּלאַץ. ווייסט גאָט, פֿאַרוואָס איך האָב זיך עפּעס אָבגעשטעלט גראָד ביי דעם דאָזיגען מאַגאַזין. איך האָב אַריינגעקוקט אין שוי־פֿענסטער, אָבער כ׳האָב אסור געטראַכט דערפֿון, אַז איך וואָלט געדאַרפֿט האָבען אַ פּאָר שיך; מיינע געדאַנקען זיינען געווען וויים, ווייט דערפֿון, גאָר אין אַנדערע עולמות. אַ מחנה פֿון פלויי־דערנדע מענשען איז פֿערבייגעגאַנגען הינטער מיר, אָבער איך האָב קיין וואָרט ניט געהערט, וואָס זיי האָבען גערעדט. מיט אַמאָל דערהערט זיך א הויכע שטימע:

„גוטען אָוועגד!"

דאָס האָט מיך די „יונגפֿרוי" בעגריסט.

„גוטען אָוועגד!" האָב איך געענטפֿערט ווי אַ צומישטער. אַ רגע האָב איך אָנגעקוקט די „יונגפֿרוי", איידער איך האָב איהם דערקענט.

„נו, ווי געהט׳ס?" האָט ער געפֿרעגט.

„נאַ, גאַנץ גוט... ווי געוועהנליך!"

„זאָגט אַקאָרשט,... איהר זייט, הייסט עס, נאָך אַלץ ביי קריסטי׳ן?"

„קריסטי?"

„מיר דוכט, איהר האָט מיר אַמאָל געזאָגט, איהר זייט בוכהאַלטער ביי דעם אַנגראָ־הענדלער קריסטי?"

„אַה יאָ; ניין, ס׳איז פֿערביי, ס׳איז אונמעגליך געווען, מיט דעם מענשען צו אַרבייטען; ס׳איז באַלד גאָרנישט געוואָרען דערפֿון."

„פֿאַרוואָס פֿאָרט?"

„אַך, כ׳האָב אַמאָל אָנגעשריבען עפּעס פֿאַלשעס און..."

„געפֿעלשט?"

געפֿעלשט? אָט שטעהט אַלזאָ די „יונגפֿרוי" און פֿרעגט זיך נאָך, צי האָב איך ניט עפּעס געפֿעלשט! ער פֿרעגט זאָגאַר האַסטיג און פֿול מיט אינטערעס. כ׳האָב איהם אָנגעקוקט מיט אַ טיעף בעליידיגטען בליק און גאָרנישט געענטפֿערט.

„יאָ, יאָ, דו ליעבער גאָט, דאָס קען מיט דעם בעסטען פּאַסירען!" מאַכט ער, כדי מיך צו טרייסטען. ער האָט נאָך אַלץ געגלויבט, אַז איך האָב געפֿעלשט.

„וואָס: יאָ, יאָ, דו ליעבער גאָט, דאָס קען מיט דעם בעסטען פּאַסירען?" האָב איך אַ פֿרעג געטהאָן, „צו פֿעלשען? הערט אַקאָרשט,

מיין פֿריינד, איהר מיינט ווירקליך, אַז איך האָב בעגאַנגען אַזאַ נידערטרעכ-
טיגקייט? איך?"

„אָבער, ליעבער פֿריינד, כ'האָב געמיינט, איהר האָט געזאָגט. . ."

„ניין, כ'האָב געזאָגט, אַז איך האָב אַמאָל אָנגעשריבען עטוואָס פֿאַלשעס, אַ דאַטום, אַ קליינינקייט, אויב איהר ווילט עס ניט אַנדערש וויסען, אַ פֿערקעהרטער שטריך פֿון דער פֿעדער — דאָס איז מיין גאַנצער פֿערברע-כען געוועזן. ניין, גאָט צו דאַנקען, מען ווייסט דאָך נאָך, וואָס רעכט און וואָס אונרעכט איז! וואָס וואָלט פֿון מיר געוואָרען, ווען איך זאָל נאָך מיין עהרע בעפֿלעקען? בסך הכל האָלט איך זיך נור אויף מיין עהרען-געפֿיהל אויף. אָבער איך האָף, אַז עס איז שטאַרק גענוג; יעדענפֿאַלס ביז איצט האָט עס מיך ניט פֿערלאָזען."

כ'האָב אַ וואָרף געטהאָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט, זיך אָבגעקעהרט פֿון דער „יונגפֿרוי" און געקוקט אויף דער גאַס. מיין בליק איז געפֿאַלען אויף אַ רויט קלייד, וואָס איז צוגעקומען צו אונז, אַ פֿרויענגעשטאַלט לעבען אַ מאַן. וואָלט איך ניט געהאַט דעם דאָזיגען שמועס מיט דער „יונגפֿרוי", וואָלט מיך זיין גראָבער פֿערדאַכט ניט בעליידיגט און איך וואָלט גראָד אין דער רגע ניט אַ וואָרף געטהאָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט און זיך אָבגעקעהרט פֿון איהם, וואָלט דאָס דאָזיגע רויטע קלייט מן הסתם פֿערבייגעגאַנגען לעבען מיר אונבעמערקט. און אין גרונד גענומען וואָס איז דאָס מיין דאגה? וואָס געהט עס מיך אָן, ווען עס וואָלט אפילו געוועזן דאָס קלייד פֿון דער הויפֿדאַמע פֿרייליין נאַגעל?

די „יונגפֿרוי" איז געשטאַנען און האָט גערעדט און זיך געסטאַרעט צו פֿערגלעטען דעם טעות; כ'האָב זיך גאָר צו זיינע רייד ניט צוגעהערט, נאָר איך האָב קיין אויג ניט אַראָבגענומען פֿון דעם דאָזיגען קלייד, וואָס איז אַלץ נעהנטער צוגעקומען. אין מיין ברוסט האָט זיך עפּעס אַ ריהר געטהאָן, אַ שטילער, גליטשיגער שטאָך; ביי זיך אין דער מחשבה האָב איך שטילערהייט גערעדט, גערעדט, ניט אויפֿעפֿנענדיג דאָס מויל אפילו:

„אילאַיאַלי!"

אַצונד האָט זיך אויך די „יונגפֿרוי" אומגעדרעהט און האָט דערזעהן ביידען, די דאַמע און דעם הערר, האָט זיי בעגריסט און זיי נאָכגעקוקט. איך האָב ניט געגריסט, — אָדער פֿילייכט האָב איך יאָ געגריסט, אונבע-וואוסטערהייט. דאָס רויט קליידעל איז אַרויף מיט דער קאַרל-יאָהאַן-גאַס און פֿערשוואונדען געוואָרען.

„ווער איז דאָס געוועזן דער, וואָס איז מיט איהר געגאַנגען?" האָט די „יונגפֿרוי" אַ פֿרעג געטהאָן.

„דער הערצאָג, איהר האָט דען ניט געזעהן? מען רופט איהם „הערצאָג". איהר קענט די דאַמע?"

„יאָ, נור פון אָנבליק. איהר ניט?"

„ניין." האָב איך געענטפערט.

„מיר דוכט, איהר האָט זיך אַזוי טיעף פערנייגט?"

„איך?"

„האַ, האַ! פיליכט ניט?" האָט די „יונגפרוי" געזאָגט. „מערקווירדיג! און זי האָט די גאַנצע צייט נור אויף אייך געקוקט."

„פון וואַנען קענט איהר זי?" האָב איך געפרעגט.

ער קען זי אייגענטליך גאָרניט. דאָס נעהמט זיך פון אַן אָוועגד אין הערבסט. ס'איז געווען שפעט; זיי זיינען געווען זייערע דריי לוסטיגע בחורים, זיינען גראָד געגאנגען צוריק אַהיים און האָבען אנגעטראָפען אט די פערזאָן, וועלכע איז געגאַנגען אַליין ביי קאַמערמייער, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט ריידען, נאָר איינער פון די לוסטיגע חברה-לייט, אַ מענש, וואָס האָט קיין מורא ניט פאַר וואַסער און ניט פאַר פייער, האָט איהר גאָר פשוט געבעטען, זי זאָל איהם געבען אַ געלעגענהייט צו געניסען פון דער ציוויליזאַציאָן און זי בעגלייטען אַהיים. ס'וועט חס וחלילה קיין האָר אויף איהר קאָפּ ניט געקרימט ווערן, ווי עס שטעהט געשריבען, ער וועט איהר נור צופיהרען ביז צו איהר הויז-טהיר, כדי זיך צו איבערצייגען, אַז זי איז געקומען בשלום אַהיים, אַניט וועט ער די גאַנצע נאַכט קיין רוה ניט האָבען. ער האָט גערעדט און גערעדט אָהן אַ שיעור, איז געשפרונגען פון הונדערטער אויף טויזענדער, האָט געזאָגט, אַז ער הייסט וואַלדעמאַר אַטערדאַג און איז אַ פאָטאָגראַף. ענדליך האָט זי זיך אַליין צולאַכט איבער דעם דאָזיגען לוסטיגען בחור, וועלכער האָט זיך ניט געלאָזט פערבלאָפען פון איהר קאַלטקייט, און דער סוף איז געווען, אַז זי איז אַוועק מיט איהם.

„נאַ, און וואָס איז געוואָרען דערפון?!" האָב איך געפרעגט און דעם אָטהעם איינגעהאַלטען.

„וואָס דערפון איז געוואָרען? אָה... דאָס נישט! זי איז אַ דאַמע!" אַ רגע האָבען מיר ביידע געשוויגען.

„ניין, צו'ן אַלדע שוואַרץ יאָהר, דאָס איז אַלזאָ געווען דער הערצאָג! אָט אַזוי זעהט דער אויס!" האָט ער זיך אָבגערופען. „נאַ, אַז זי געהט מיט דעם מענשען אַרום איז שוין עפּעס אַנדערש, דאָ וויל איך שוין פאַר איהר ניט שווערען."

איך האָב נאָך אַלץ געשוויגען. פערשטעהט זיך, אַז דער „הערצאָג" זועט מיט איהר אָבציהען! פון מיינעטוועגען! וואָס איז דאָס מיין דאגה? כ'האָב זיך שוין מעהר נוט געקימערט איבער איהר און איבער איהר גאַנצער שעהנקייט. און איך האָב זיך געסטאַרעט צו טרייסטען דערמיט, וואָס איך האָב זיך אויסגעטראַכט די ערגסטע געדאַנקען וועגען איהר, ס'האָט מיר שטאַרק הנאה געטהאָן וואָס איך קען איהר אַראָבציהען אין שמוץ. מיר האָט נור פערדראָסען, וואָס איך האָב פאַר דאָס דאָזיגע פאָרל דעם הוט אַראָבגעד-נומען — אויב איך האָב עס טאַקי געטהאָן. פאַרוואָס עפּעס אַרונטערנעהמען דעם הוט פאַר אַזעלכע לייט? כ'מאַך זיך דאָך מעהר גאָרנישט פון איהר, טאַקי ממש גאָרנישט; זי איז שוין גאָר ניט אַזוי שעהן, אדרבה, זי הויבט אָן ווערן מיאוס, פע, ווי פערוועלקט זי איז שוין! ס'קען זיין, אַז זי האָט נור אויף מיר געקוקט; דאָס וואונדערט מיך גאָרניט; אפשר הויבט זי אָן חרטה האָבען אויף איהרע מעשים. אָבער דערפאַר האָב איך זיך דאָך ניט געדאַרפט פערנייגען און בעגריסען אַזוי ווי אַ נאַר, בעזאָנדערס, אַז זי איז אַזוי שטאַרק פערוויאַנעט געוואָרען די לעצטע צייט. זאָל ער זיך נור האַלטען מיט איהר, דער „הערצאָג"! ס'זאָל איהם וואויל בעקומען! ס'קען נאָך קומען דער טאָג, ווען מיר ועט איינפאַלען, שטאָלץ דורכצוגעהן פערביי איהר און ניט אַמאָל אַ קוק טהאָן אין איהר זייט. מעגליך, אַז איך וועל עס נאָך טהאָן, זאָגאַר ווען זי זאָל מיר אַריינקוקען גלייך אין געזיכט אַריין און נאָך דערצו געהן אין אַ בלוט-רויטען קלייד. דאָס קען לייכט פאַסירען. האַ, האַ! אָט דאָס וועט אַביסעל זיין אַ טריאומף! אויב איך האָב קיין טעות ניט אין מיר אַליין, בין איך אים שטאַנד נאָך אין פערלויף פון דער נאַכט מיין דראַמאַ פאַרטיג צו מאַכען, און איידער עס וועלען נאָך אַרי-בערגעהן גאַנצע אַכט טאָג, וועל איך האָבען דאָס פריילײן פאַר מיינע פיס. אינאיינעם מיט איהר שעהנקייט, האַ, האַ, אינאיינעם מיט איהר גאַנצער שעהנקייט. . .

„אַדיע," האָב איך אַ זאָג געטהאָן קורץ. — — —

אָבער די „יונגפרוי" האָט מיך צוריקגעהאַלטען און געפרעגט:

„מיט וואָס גיט איהר זיך פאָרט אָב אַצונד?"

„מיט וואָס איך גיב זיך אָב? כ'שרייב, פערשטעהט זיך. מיט וואָס דען זאָל איך זיך אָבגעבען? דערפון לעב איך דאָך. גראָד איצט אַרבייט איך אויף אַ גרויסעם דראַמאַ: „דער צייכען פון קרייץ," מאַטעריאַל פון מיטעל-אַלטער." —

„הערסט דו, הערסט דו!" האָט די „יונגפרוי" אויפריכטיג געזאָגט. „יאָ, ווען איהר וועט וואָס מאַבען דערפון, טאָ. . ."

„וועגען דעם זאָרג איך זיך גאָר ניט!" האָב איך געענטפערט. „אין אַן ערך אַכט טאָג צייט, מיין איך, וועט איהר וועגען מיר הערען אַלערליי זאַכען."

דערמיט בין איך אַוועק.

אַז איך בין אַהיים געקומען, האָב איך זיך גלייך געווענדעט צו מיין בעל הבית'טע און געבעטען אַ לאָמפּ. איך דאַרף זעהר נייטיג האָבען אַ לאָמפּ; איך וועל זיך די נאַכט ניט לייגען שלאָפען; מיין דראַמאַ רוישט מיר אַרוים אין קאָפּ, און איך האָף בעשטימט, ביז מאָרגען אין דער פריה פאַרטיג צו מאַכען אַ גאַנצע שטיק. מיט גרויס עניוות האָב איך פאָרגעלייגט דער פרוי מיין בקשה, בעמערקענדיג, אַז זי האָט געמאַכט אַ קרומען פנים, בשעת איך בין אַריינגעקומען אין שטוב. כ'האָב אַן אויסערגעוועהנליכעס דראַמאַ, וואָס איז שוין כמעט אין גאַנצען פאַרטיג, האָב איך געזאָגט; ס'פעהלען בלויז אַ פּאָר סצענעס, און איך האָב איהר געגעבען אָנצוהערען, אַז עס קען אויפגעפיהרט ווערן אין אירגענד וועלכען טהעאַטער, נאָך איידער איך וועל זיך אומקוקען. אַז זי וועט מיר איצט טהאָן די גרויסע טובה, טאָ...

אָבער די פרוי האָט קיין לאָמפּ ניט געהאַט. זי האָט געקלערט און געקלערט און האָט אָבער ניט געקענט געפינען קיין לאָמפּ פאַר מיר. אַז איך וועל וואַרטען ביז 12 אַזייגער, וועל איך אפשר קענען קריגען דעם לאָמפּ פון קיך. צי איך קען מיר ניט קויפען קיין ליכט?

כ'האָב געשוויגען. כ'האָב ניט געהאַט קיין צעהן ערע צו קויפען אַ ליכט, און זי האָט עס גאַנץ גוט געוואוסט. פערשטעהט זיך, אַז איך האָב זיך ווידער אַמאָל געמוזט אונטערוואַרפען! די דיענסט-מויד איז געזעסען אין שטוב און ניט אין קיך; דער לאָמפּ האָט אַלזאָ גאָרנישט געברענט דאָרט אויבען. איך האָב דאָס אַלעס בעקלערט, אָבער איך האָב קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

פלוצלינג רופט זיך דאָס מיידעל אָב צו מיר:

„כ'האָב געמיינט, איהר זייט נאָר וואָס געקומען פון שלאָס? זייט איהר דאָרט געוועזען מיטאָג-צייט?" און זי האָט זיך צולאַכט אויף'ן קול איבער איהר וויץ.

כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט, אַרויסגענומען מיינע פּאַפּירען און געוואָלט פּראָבירען, טאָמער וועל איך דאָ דערווייל קענען עפּעס טהאָן. כ'האָב אויסגעשפּרייט די בויגעלאַך אויף די קניע און געהאַלטען אין איין אַראָב-קוקען אויף דער ערד, כדי פון קיין זאַך ניט געשטערט צו ווערן; אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפען, כ'בין ניט געקומען אויף קיין איינציגען טריט

ווייטער. דער בעל הבית'טעםביידע קליינע מיידעלאַך זיינען אַריינגעקומען און האָבען אָנגעמאַכט אַ גאַנצען טאַראַראַם מיט אַ קאַץ, מיט אַ וואונדערליכער, קראַנקער קאַץ, וועלכע האָט כמעט גאָר קיין האָר ניט געהאַט; ווען זיי האָבען איהר אין די אויגען אַריינגעבלאָזען, איז פון דאָרט אַרויס וואַסער און איהר אַריבערגעלאָפען איבער דער נאָז. דער בעל הבית און אַ פּאָר אַנדערע לייט זיינען געזעסען ביים טיש און האָבען געשפּיעלט „הונדערט-און-איינס". די פרוי אַליין איז געווען פלייסיג ווי תמיד און זי האָט עפּעס גענעהט. זי האָט גאַנץ גוט געזעהן, אַז איך קען דאָ אין דעם דאָזיגען טומעל ניט שרייבען, נאָר זי האָט זיך שוין גאָר מעהר ניט געקימערט וועגען מיר; זי האָט זאָגאַר געשמייכעלט, בשעת די דיענסט-מויד האָט מיך געפרעגט, צי איך בין געווען ביים שלאָס אַרום מיטאָג-צייט. דאָס גאַנצע הויז איז איצט געווען געגען מיר; ס'האָט אויסגעזעהן, אָקוראַט ווי עס וואָלט געווען אַ חרפה און אַ שאַנד וואָס איך האָב געמווט איבערגעבען מיין צימער אַן אַנדערן, כדי אַליין בעהאַנדעלט צו ווערן ווי אַ ווילד-פרעמדער. זאָגאַר אָט די דיענסט-מויד, אַ קליינע גאַסען-בחור'טע מיט ברוינע אויגעלאַך, מיט שטערן-לאָקען און מיט אַן איינגעפאַלענער, גאַנץ פלאַכער ברוסט — אפילו זי האָט זיך אויך יעדען אָווענד געמאַכט לוסטיג איבער מיר, בשעת איך האָב געקראָגען מיין שטיקעל ברויט מיט פוטער. זי האָט מיך אַלץ בסדר געפרעגט, וואו איך עסס פאָרט מיטאָג, מחמת זי האָט מיר נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַריינגעהן אין דעם רעסטאָראַן „גראַן". ס'איז געווען קלאָהר, אַז זי האָט געוואוסט, אין וואָס פאַר אַ קלעגליכען צושטאַנד איך געפין זיך און עס איז געווען אַ נחת רוח פאַר איהר, עס מיר אַרויסצואווייזען.

דאָס אַלעס פאַלט מיר פּלוצלינג איין, און איך בין שוין ניט אים שטאַנד צו געפינען קיין שום געדאַנק פאַר מיין דראַמאַ. אומזיסט מאַך איך יעדעס מאָל אַ נייע אָנשטריינגונג; עס רוישט מיר מאָדנע אין קאָפּ, און ענדליך גיב איך זיך גאָר אונטער. כ'לייג אַריין די פּאַפּירען מיינע צוריק אין טאַש. די דיענסט-מויד זיצט אַנטקעגען מיר, און איך קוק זי אָן, כ'זעה דעם שמאָלען רוקען און די נידעריגע שולטערן איהרע, וועלכע זיינען נאָך אפילו ניט רעכט אויסגעוואַקסען. וואָס האָט אָט די דאָ פון מיר חוזק צו מאַכען? און אַז איך קום פון שלאָס, איז וואָס? קען איהר דאָס שאַדען? די לעצטע טעג האָט זי מיך אָפּט מיט חוצפה אויסגעלאַכט, בשעת מיר האָט עפּעס אַן אונגליק געטראָפען, ווען איך האָב זיך אויף די טרעפּ אויסגעגליטשט אָדער זיך אָן אַ טשוואַק פערטשעפּעט און דעם ראָק איינגעריסען. ערשט נעכטען האָט זי צונויפגעקליבען די צוריסענע

שטיקלאַך נאָטיצען פֿון מיין דראַמאַ, וואָס איך האָב אַוועקגעוואָרפֿען אין פּאַר־צימער, און דערנאָך זיי פֿאַרגעלעזען הויך אויף׳ן קול אינעווייניג אין שטוב, כדי זיך איבער מיר לוסטיג צו מאַכען. כ׳האָב זי קיינמאָל ניט בעליידיגט און אַזוי וויט ווי איך געדיינק, האָב איך זיך מיט איהר קיינמאָל ניט געשאַפּט. אדרבה, ביינאַכט פֿלעג איך זיך אַליין אויסבעטען אויף דער ערד, כדי אַן אַרבייט איהר צו פֿערשפּאָרען. זי האָט אויך גע־מאַכט שפּאָט פֿון מיר, ווייל די האָר זיינען מיר אויסגעקראָכען. אין דער פֿריה איז געלעגען האָר ביי מיר אין וואַש־שיסעל, און דעריבער האָט זי געלאַכט. די שטיוועל מיינע זיינען געוואָרען קלעגליך, איבערהויפּט דער איינער, איבער וועלכען דער ברויט־וואָגען איז אַריבערגעפֿאָהרען, און אויך דעריבער האָט זי געטריבען שפּאַס מיט מיר. „זאָל אייך גאָט אָב־היטען און אייערע שטיוועל!״ האָט זי געזאָגט, „קוקט אַקאָרשט אָן — אַזוי גרויס ווי הינט־קעמערלאַך!״ און זי איז גערעכט געווען, מיינע שיך זיינען געווען אויסגעטראָטען; אָבער דערווייל, אויף דער רגע, האָב איך זיך קיין אַנדערע ניט געקענט קויפֿען.

אין דער צייט וואָס איך טראַכט אַרום דעם אַלעם און וואונדער זיך איבער די אָפֿענע רשעות פֿון דער דיענסט־מויד, האָבען די קינדער אָנ־געהויבען זיך רייצען מיט דעם אַלטען מאַן הינטען אויף׳ן בעט; זיי זיינען ביידע אַרומגעשפּרונגען אַרום איהם און זיי זיינען געווען גאָר אויסער זיך פֿון זייער שפּיעל. יעדע איינע האָט געהאַט אַ שטרוי אין דער האַנד און האָט איהם געשטאָכען דערמיט אין די אויערן. אַ ווייל האָב איך עס צוגעזעהן און זיך ניט אַריינגעמישט. דער אַלטער האָט מיט קיין פֿינגער ניט אַ ריהר געטהאָן, זיך צו פֿערטהיידיגען; ער האָט נור יעדעסמאָל אַ קוק געטהאָן מיט צאָרנדיגע בליקען אויף זיינע פּייניגער, ווען זיי האָבען איהם גענומען שטעכען, און ער האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, כדי לויז צו ווערן פֿון זיי, דאַן ווען די שטרויענע שפּיזען זיינען שוין געווען ביי איהם אין די אויערן.

אָט די סצענע האָט מיך וואָס וויטער אַלץ מעהר אויפֿגערעגט, כ׳האָב קיין אויג דערפֿון ניט געקענט אָבריסען. דער פֿאָטער האָט אויפֿ־געהויבען די אויגען פֿון די קאָרטען, אַ קוק געטהאָן אויף די קליינע חברה זיינע און געלאַכט פֿון דעם שפּאַס; אויך די, וואָס האָבען מיט איהם געשפּיעלט, האָט ער אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דאָס, וואָס איז פֿאָר־געגאַנגען. פֿאַרוואָס גיט זיך דער אַלטער גאָר קיין ריהר ניט? פֿאַרוואָס שליידערט ער די קינדער ניט אַוועק מיט זיינע אָרעמס? כ׳האָב זיך אַ לאָז געטהאָן צום בעט.

„לאָזט צורוה! לאָזט צורוה! ער איז געלעהמט," האָט זיך דער בעל הבית אָבגערופען.

און אויס מורא, מען זאָל מיר נאָך בייננאַכט ניט ווייזען די טהיר, גאָר פשוט אויס פורכט, דעם מאַן חלילה ניט אַריינצוברייננגען אין כעס, בין איך שטילערהייט צוריקגעגאַנגגען אויף מיין אַלטען פלאַץ און האָב זיך פערהאַלטען רוהיג. נאָך וואָס טויג מיר טאַקי ריזיקירען מיט מיין נאַכט־לעגער און מיט מיין ברויט מיט פוטער, אַריינשטעקענדיג די נאָז מיינע אין פאַמיליען־זאַכען? נור קיין נאַרישע שטיק צוליעב אַ האַלב־טויטען אַלטען מאַן! דערביי איז מיר געווען אַזוי האַרט, — ווי אַ קיי־זעלשטיין!

די ביידע קליינע טייוואָלים האָבען ניט אויפגעהערט צו מאַכען זייערע שטיק. דאָס וואָס דער אַלטער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, האָט זיי נאָך מעהר גערייצט, און זיי האָבען איהם געשטאָכען אויך אין די אויגען און אין דער נאָז. פול מיט האַס האָט ער זיי אָנגעקוקט, האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט און ניט געקענט אַ ריהר טהאָן מיט די אָרעמס. פלוצלינג האָט ער אַביסעל אַ הויב געטהאָן דעם אויבערשטען טהייל פון זיין קערפער און אַריינגעשפיגען איין מיידעלע אין געזיכט אַריין; דער־נאָך האָט ער זיך ווידער אַ הויב געטהאָן און אַ שפּיי געגעבען דער צווייטער, אָבער ער האָט איהר ניט געטראָפען. איך האָב געזעהן, ווי דער בעל הבית האָט אַ וואָרף געטהאָן די קאָרטען אויף'ן טיש, און איז צוגעלאָפען צום בעט. רויט פאַר צאָרן האָט ער אויסגעשריען:

„וואָס! שפייען לייט אין פנים אַריין, דו אַלטער חזיר!"

„אָבער, גרויסער גאָט, זיי האָבען דאָך איהם ניט צורוה געלאָזט!" האָב איך זיך אָבגערופען אויסער זיך פאַר כעס. דאָך האָב איך שטאַרק מורא געהאַט, מען זאָל מיך ניט אַרויסוואַרפען, און דערפאַר האָב איך די ווערטער ניט זעהר הויך אַרויסגערעדט; פאַר אויפרעגונג האָב איך פון־דעסטוועגען געציטערט מיט מיין גאַנצען קערפער.

דער בעל הבית האָט זיך אומגעקעהרט מיט'ן פנים צו מיר.

„ניין, וואָס זאָגט איהר פאָרט צו דעם דאָ! וואָס איז דאָס אייער עסק? האַלט נור, כ'בעט אייך, דאָס מויל אייערס און טהוט וואָס איך ראָט אייך; דאָס איז דאָס בעסטע פאַר אייך."

אַצונד האָט אָבער אויך די פרוי געלאָזט הערען איהר קול, און דער געשריי האָט אָבגעקלונגען איבער'ן גאַנצען הויז.

„זאָל מיך גאָט בעהיטען און בעשירמען, כ'מיין איהר זייט ביידע פערריקט און משוגע אויף טויט!" האָט זי געשריען. „אז איהר ווילט דאָ

בלייבען, טאָ האלט זיך בעסער רוהיג, דאָס זאָג איך אייך, ניט געגוג, וואָס מען גיט דער באנדע קאָסט און קוואַטיר — ניין, מוז מען נאָך האָבען געשרייען, טומעל און אַלערליי שוואַרץ יאָהר דאָ אין שטוב! אָבער דאָס וויל איך ניט ליידען, הערט איהר? שש! פערמאַכט די מיילער אייערע, איהר לויפערס, און ווישט זיך אָב די פיסקעס, אַניט וועל איך עס טהאָן פאַר אייך. אַזעלכע מענשען האָב איך אין מיין לעבענס־טאָג ניט געזעהן! לויפען זיך אָן פון דער גאַס און האָבען קיין העלער אפילו ניט אויף לויז־זאַלב און הויבען נאָך אויף געשרייען און טומעל שפעט ביינאַכט ביי יענעם אין הויז. דערפון וויל איך גאָרנישט וויסען, הערט איהר? און איהר קענט זיך אַלע נעהמען דעם דרך! כ'מיין, אז ביי מיר אין וואוינונג זאָל איך דאָך האָבען אַ רעכט רוהיג צו זיין."

כ'האָב גאָרנישט געזאָגט, כ'האָב ניט אַמאָל דאָס מויל געעפענט איהר צו ענטפערן, נאָר איך האָב זיך אַנידערגעזעצט ביי דער טהיר און זיך צוגעהערט צום ליאַרם. אַלע האָבען געשריען, זאָגאַר די קינדער און די דיענסט־מויד, וועלכע האָט געוואָלט ערקלעהרען, ווי אַזוי דער גאַנצער שטרייט האָט זיך אָנגעהויבען. אַז איך וועל נור בלייבען רוהיג, וועט אודאי באַלד נעהמען אַ סוף דערצו; ס'וועט גאַנץ בעשטימט ניט קומען צו קיין ערנסטעס, אַז איך וועל נור קיין וואָרט ניט זאָגען. און וואָס פאַר אַ וואָרט האָב איך דען געהאַט צו זאָגען? צי איז דען אויף דרויסען ניט ווינטער און דערצו נאָך באַלד נאַכט? צי איז דאָס די ריכטיגע, פאַסענדע צייט, אַ קלאַפ צו טהאָן מיט דער פויסט אָן טיש און זיך אַרויסשטעלען פאַר אַ כוואַט? נור ניט קיין נאַרישקייטען, הערסט דו? און איך בין געזעסען שטיל און האָב ניט פערלאָזען דאָס הויז, כ'האָב זיך ניט זשענירט צו בלייבען זיצען, זיך ניט אַמאָל געשעהמט, כאָטש מען האָט מיר אייגענטליך אַזוי גוט ווי געהייסען געהן. צוקאָכט אין זיך האָב איך גע־קוקט אויף דער וואַנד, וואו ס'איז געהאַנגען אַן עהל־בילד פון קריסטוס'ן, און איך האָב פערשוויגען דער בעל הבית'טעס אַלע רייד.

„יאָ, אויב איהר ווילט פון מיר לויז ווערן, מאַדאַם, טאָ שטעהט אייך קיין זאַך ניט אין וועג," האָט זיך אָבגערופען איינער פון די קאָרטענ־שפיעלער.

ער איז אויפגעשטאַנען, דער אַנדערער אויך.

„ניין, דיך מיין איך ניט. און דיך אויך ניט", האָט די בעל הבית'טע ביידען געענטפערט. „אַז ס'האלט יאָ דערביי! מיין איך! וועט זיך שוין ארויסצייגען, ווער דאָס איז..."

זי האָט גערעדט אָבגעריסענע, האַלבע פֿראַזען, האָט מיר אָט די שטעך־ווערטער געגעבען ביסלאַכווייז און זיי אויסגעצויגען אין דער לענג, כדי מיר זאָל קיין ספק ניט בלייבען, אַז זי מיינט דאָס מ י ך. רוהיג! רוף איך זיך אָב צו מיר אַליין. נור רוהיג! זי האָט דאָך מיך ניט אויפֿ־געפֿאָדערט צו געהן, ניט אויסדריקליך, ניט מיט קלאָרע ווערטער. נור ניט קיין גאוה פֿון מיין זייט, קיין פוסטען, אונפּאַסענדען שטאָלץ! די אויערן שטייף!... וואָס פֿאַר מאָדנע גרינע האָר דער קריסטוס האָט עס דאָ אויף׳ן עהל־בילד! עס זעהט עפּעס אויס ווי גרינע גראָז, אָדער בעסער געזאָגט: ווי דיקע גראָז פֿון פֿעלד. הע! אַ גאַנץ ריכטיגע בעמערקונג, אויסערגעוועהנליכע דיקע גראָז פֿון פֿעלד... אַ גאַנצע שורה פֿון שנעלע, פֿערביילויפֿיגע געדאַנקען איז מיר אין דער רגע דורך אין קאָפּ, און זיי האָבען זיך געמישט, געשפרונגען פֿון איין ענין צום אַנדערן: פֿון דעם גרינעם גראָז צו אַ שטעלע אין דער ביבעל, אַז דאָס גאַנצע לעבען איז אַזוי ווי גראָז, וואָס ווערט פֿערטריקענט, פֿון דעם צום יום הדין, ווען אַלצדינג וועט פֿערברענט ווערן; דאַן אַ קירעווע צו דער ערד־ציטערניש פֿון ליסאַבאָן, און ענדליך האָט מיר פֿאַר די אויגען געשוועבט אַ שפּאַניש שפּיי־קעסטעל פֿון מעש און אַ פֿעדער־האַלטער פֿון עבען־האָלץ, וועלכע איך האָב געזעהן ביי אילאַיאַלי׳ן אין שטוב. אָך יאָ, אַלץ געהט אַריבער, אַלץ ווערט צו גאָרנישט! אַזוי ווי דאָס גראָז, וואָס פֿערטריקענט! עס קומט אַלץ אַרויס אויף די פֿיער ברעטער פֿון טויטען ארון און אויף די תכריכים — תכריכים ביי יונגפֿרוי אַנדערסען רעכטס אין טויער...

אָט דאָס אַלץ איז מיר אין אָט דער פֿערצווייפֿעלטער רגע דורך אין קאָפּ, בשעת די בעל הבית׳טע מיינע האָט געהאַט בדעה מיך דורכצו־טרייבען פֿון שטוב.

„ער הערט ניט!" האָט זי אַ געשריי געטהאָן. „איך זאָג אייך, איהר זאָלט זיך אָבטראָגען פֿון דאַנען! איהר הערט, צי ניין? כ׳מיין דער יונג איז פֿערריקט, צו׳ן אַלדע שוואַרץ יאָהר! גלייך אויף׳ן שטעל זאָלט איהר מיר אַרויס פֿון מיין הויז — און אַ סוף זאָל עס נעהמען!"

כ׳האָב אַ קוק געטהאָן צו דער טהיר, ניט אַרויסצוגעהן, בפירוש ניט אַ־רויסצוגעהן; מיר איז אַריין אַ פֿרעכער געדאַנק אין מוח: ווען אין שלאָס וואָלט אַ שליסעל געשטעקט, וואָלט איך איהם גאָר אָהן טענות אומגעדרעהט און מיך אינאיינעם מיט די אַנדערע איינגעשלאָסען, אַבי ניט צו מוזען געהן. כ׳האָב געהאַט אַ היסטערישען שרעק דערפֿאַר, ווידער אַמאָל אַרויסגעוואָרפֿען צו ווערן אויף דער גאַס. אָבער ס׳האָט ניט

געשטעקט קיין שליסעל אין טהיר, און איך בין אויפגעשטאַנען. ניטאָ קיין האָפנונג מעהר!

מיט אַמאָל מישט זיך אַריין מיין בעל הבית׳ שטימע אין דעם געשריי פון דער פרוי. ערשטווינט בין איך געבליבען שטעהן. דערזעלבער מאַן, וואָס האָט מיך נאָר וואָס געסטראַשעט, נעהמט זיך איצט גאָר מאָרנע אָן פאַר מיר און זאָגט:

„ניין, דאָס געהט ניט, ביינאַכט קען מען מענשען ניט אַרויסיאָגען פון הויז. דערויף איז פאַרהאַן אַ שטראָף.״

כ׳האָב ניט געוואוסט, צי איז דערויף פאַרהאַן אַ שטראָף, כ׳האָב עס ניט געקענט זאָגען; אָבער אפשר איז טאַקי אַזוי געווען דער פאַל, און די פרוי האָט זיך באַלד מישב געווען, איז געוואָרען רוהיג און האָט שוין מעהר צו מיר קיין וואָרט ניט גערעדט. זי האָט מיר זאָגאַר אַניי־דערגעלייגט צוויי רייפטלאַך ברויט מיט פוטער, נאָר איך האָב זיי ניט גענומען; אויס ריינער דאַנקבאַרקייט צו דעם מאַן האָב איך זיי ניט גענומען, און איך האָב געפונען אַ תירוץ, אַז איך האָב אין גאַס עפּעס בעגעסען.

אַז איך בין ענדליך אַרויס זיך לייגען שלאָפען אין פאָרצימער, איז מיר די פרוי נאָכגעגאַנגען. זי איז געבליבען שטעהן אויף׳ן שוועל, און אויסשטעלענדיג אַנטקעגען מיר איהר הויכען, שוואַנגערדיגען בויך האָט זי הויך אויף׳ן קול געזאָגט:

„דאָס איז אָבער די לעצטע נאַכט וואָס איהר שלאָפט דאָ, מערקט זיך דאָס.״

„יאָ, יאָ,״ האָב איך געענטפערט.

מאָרגען וועל איך זיך מן הסתם שוין אַן עצה געבען וועגען אַ פלאַץ, וואו דעם קאָפ אַוועקצולייגען, אַז איך וועל נור ריכטיג אַ זוך טהאָן. עפעס וואָס עס איז פאַר אַ ווינקעל מוז זיך דאָך געפינען. פאָרלויפיג האָב איך זיך נור געפרעהט, וואָס איך דאַרף נאָך די נאַכט כאָטש ניט זיין אויף דרויסען.

---

איך בין געשלאָפען ביז פינף, זעקס דעם זייגער אין דער פריה. אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפט, איז נאָך ניט ליכטיג געווען, אָבער איך בין פונדעסטוועגען אויפגעשטאַנען; מחמת דער קעלט האָב איך זיך

געלייגט שלאָפֿען אין אַלע קליידער און איך האָב אַצונד פֿערשפּאָרט אַן אַרבייט זיך אָנצוטהאָן. נאָכדעם ווי איך האָב גענומען אַ טרונק וואַסער און גאַנץ שטיל געעפֿענט די טהיר, בין איך אַוועק פֿון הויז, ווייל איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל זיך ניט בעגעגענען נאָך אַמאָל מיט דער בעל הבית'טע מיינער.

עטליכע פּאָליציי-לייט, וועלכע האָבען געהאַט נאַכט-סלוזשבע, זיינען געוועזען די איינציגע לעבעדיגע ברואים, וואָס איך האָב בעגעגענט אויף די גאַסען; באַלד נאָכדעם זיינען אָנגעקומען אַ פּאָר מענער, וועלכע האָבען אומעטום פֿערלאָשען די גאַז-לאַמטערנעס.

איך בין אַזוי אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסען אָהן אַ שום צוועק און אָהן וואָס פֿאַר עס איז ציעל, בין אַריין אין די קירקעגאַדע און האָב זיך פֿערקירעוועט צו דער פֿעסטונג. האַלב דערפֿראָרען און נאָך אַלץ שלעפֿעריג, הונגעריג און שוואַך אין די קניע און אין רוקען, נאָך דעם וויטען וועג, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק און לאַנג, לאַנג האָט מיר געטומעלט און גערוישט אין מוח. דריי וואָכען נאָכאַנאַנד האָב איך געלעבט ניט מעהר ווי אויף אַ פּאָר רייפֿטלאַך ברויט מיט פּוטער, וואָס די בעל הבית'טע מיינע פֿלעגט מיר געבען אין דערפֿריה און ביינאַכט; אַצונד זיינען שוין אַריבער גאַנצע פֿיער און צוואַנציג שעה זינט איך האָב געהאַט מיין לעצטע מאָהלצייט, דער הונגער האָט מיך ווידער גענומען נאָגען און פּלאָגען, און איך האָב געמוזט אַזוי שנעל ווי מעגליך זיך אומקוקען און געפֿינען עפּעס אַן אויסוועג פֿון דער ביטערער נויטה. אָט מיט דעם געדאַנק בין איך ווידער אַמאָל אַנשלאָפֿען געוואָרען אויף דער באַנק.

אויפֿגעכאַפּט האָב איך זיך דערפֿון, וואָס עטליכע מענשען האָבען גערעדט הויך לעבען מיר, און אַז איך בין געקומען צו זיך, האָב איך דערזעהן, אַז עס איז שוין גרויסער טאָג און די מענשען זיינען שוין אויף די פֿיס.

איך בין אויפֿגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען. די זונן איז אויפֿגעגאַנגען איבער די בערגלאַך, דער הימעל איז געוועזען וויים און צאַרט, און אין מיין פֿרייד איבער דעם קלאָהרען פֿריה-מאָרגען נאָך די פֿיעל פֿינסטערע, אומעטיגע וואָכען, האָב איך זיך פֿערגעסען אָן אַלע זאָרגען, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז ס'איז מיר שוין מעהר ווי איינמאָל געוועזען אַסך ערגער איידער איצט. כ'האָב זיך אַ קלאַפּ געגעבען אויף דער ברוסט און אָנגעהויבען זינגען אַ שטילען ניגון. מיין קול האָט געקלונגען אַזוי קראַנק, אַזוי אמת שוואַך האָט ער געקלונגען, און מיר אַליין האָט זיך דערפֿון געשטעלט טרעהרען אין די אויגען. אָט דער פּראַכטפֿאָלער טאָג, דער ווייסער, מיט ליכט אָנגעטרונקענער

הימעל האָבען אויף מיר אַ צו שטאַרקען רושם געמאַכט, און איך האָב גענומען וויינען אויף׳ן קול.

„וואָס איז אייך?" האָט אַ מאַן אַ פֿרעג געטהאָן.

איך האָב ניט געענטפֿערט, נאָר געלאָפֿען ווייטער און פֿערבאָרגען דאָס געזיכט פֿאַר אַלע מענשען.

כ׳בין אַרונטער צום האַפֿען. אַ גרויסעס באַרקשיף מיט אַ רוסישער פֿאָהן איז געשטאַנען און האָט אויסגעלאָדען קוילען; ביי דער זייט האָב איך איבערגעלייענט דעם נאָמען „קאָפּענגאַראָ". אַ היבשע ווילע האָב איך געפֿונען אַ צייט-פֿערטרייב צו בעטראַכטען וואָס עס טהוט זיך אויף דעם דאָזיגען פֿרעמדען שיף. די קוילען האָבען שוין געמוזט זיין כמעט אין גאַנצען אויסגעלאָדען, מחמת דאָס שיף איז געלעגען אַן ערך ניין פֿוס איבער׳ן וואַסער, און אַז די קוילען-טרעגער מיט זייערע שווערע שטיוועל האָבען אַרומגעפּאַדעט איבער׳ן דעק, האָט זיך געהערט אַן אָבקלאַנג פֿון הויהלקייט אין גאַנצען שיף.

די זונן, דאָס ליכט, דער זאַלציגער הויך פֿון ים, דאָס גאַנצע פֿלייסיגע און לוסטיגע לעבען — דאָס אַלעס האָט מיך געשטאַרקט און מיר פֿאַנאַנדערגעטרייסעלט אַביסעל דאָס בלוט. מיט אַמאָל פֿאַלט מיר איין, צי וואָלט איך ניט אַקאָרשט געקענט מאַכען אַ פּאָר סצענעס פֿאַר מיין דראַמאַ, אַזוי ווי איך זיץ דאָ. כ׳האָב אַלזאָ אַרויסגענומען דאָס פּאַפּיר פֿון קעשענע.

איך האָב געפּרוּאווט מאַכען אַ סקיצע פֿאַר׳ן מאָנאַכען-מויל, אַ בילד, וואָס זאָל איינפֿאַך אויפֿלויפֿען פֿאַר קראַפֿט און אינטאָלעראַנץ; אָבער ס׳איז מיר ניט געראָטען. כ׳האָב אַלזאָ איבערגעהיפּערט דעם מאָנאַך און געוואָלט אויסאַרבייטען אַ רעדע, די דרשה פֿון דעם ריכטער צו דער טעמפּעל-שענדערין; כ׳האָב אָנגעשריבען בלויז אַ האַלב זייטעל פֿון דער דאָזיגער רעדע און ווידער אויפֿגעהערט. די רעכטע שטימונג האָט בשום אופן ניט געוואָלט קומען איבער מיינע ווערטער. דער גערויש אַרום מיר, דער געזאַנג פֿון די מאַטראָזען, דער ליאַרם פֿון דער שלעפּ-מאַשין און דער אונאויפֿהערליכער טומעל פֿון די אייזערנע קייטען האָט זיך אַזוי וויניג געפּאַסט צו דער לופֿט פֿון דעם אומעטיגען, מרה שחורה׳דיגען מיטעל-אַלטער, וועלכע האָט געדאַרפֿט ליגען ווי אַ טומאַן איבער מיין דראַמאַ. כ׳האָב אַלזאָ צונויפֿגעפּאַקט מיינע פּאַפּירען און בין מיר אַוועק פֿון האַפֿען.

ווען איך וואָלט נור איצט געקענט קריגען אַ שטיקעל אָרט, אַ ווינקעל פֿאַר זיך אַליין! איך האָב געטראַכט און געטראַכט; ס׳איז מיר אָבער ניט

איינגעפאַלען קיין איין איינציגער קליינער ווינקעל אין דער גאַנצער שטאָדט, וואו איך זאָל קענען פערברייננגען בלויז איין קורצע שטונדע. מיר איז אַלזאָ קיין אַנדער ברירה ניט געבליבען, נאָר צוריקגעהן אין לאָדזשיר־הויז אין פּאַטערלאַנד. ביי דעם געדאַנק האָב איך זיך אפילו שטאַרק פערקרימט און זיך געהאַלטען אין איין זאָגען, אַז עס געהט ניט, אָבער איך בין פּאָרט געגאַנגען און וואָס ווייטער בין איך אַלץ געקומען נעהנטער צו דעם פערבאָטענעם אָרט. פערשטעהט זיך, אַז עס איז יאָמערליך, האָב איך זיך אַליין מודה געווען, יאָ, ס'איז אַ חרפּה און אַ שאַנד, אַן אמת'ע שמאַך; אָבער ס'העלפּט גאָרנישט. איך האָב ניט קיין ברעקעל גאוה אין זיך, כ'מוז דאָס גאַנץ אָפען זאָגען, אַז איך בין איינער פון די קלענסטע בעלי גאוה'ס, וואָס געפינען זיך היינט צו טאָג! און איך בין געגאַנגען.

אַצונד בין איך אָבער דאָך גליקליך אַרויף אויף'ן גלייכען וועג און איך האָב בעשיינפערליך געפיהלט, אַז איך וועל פּאָרט קענען וואָס עס איז אויפּטהאָן, אַז אַלעס זאָל נור געהן כשורה.

ביי דער טהיר בין איך געבליבען שטעהן און האָב זיך נאָך אַמאָל מישב געווען. יאָ, זאָל קומען וואָס עס וויל זיך, איך מוז עס וואַגען. אין גאַנצען געהט עס דאָ נור וועגען אַ קלייניגקייט. ראשית איז די רייד דאָ בלויז וועגען עטליכע שטונדען, שנית, זאָל גאָט אָבהיטען, איך זאָל שפּעטער ווען עס איז ווידער קומען אַהער אין דעם דאָזיגען הויז. איך בין אַריין אין הויף. נאָר בעת איך בין געגאַנגען אויף די קרומע שטיינער איבער'ן הויף, בין איך נאָך אַלץ געווען אונענטשלאָסען און איך האָב שוין כמעט געהאַט בדעה זיך אומצוקעהרען. איך האָב פערביסען מיט די צייהן. ניין, נור ניט קיין פוסטע גאוה אַצונד, הערסט דו? אויף'ן ערגסטען פאַל האָב איך דאָך אַן אויסרייד, אַז איך בין געקומען זאָגען זייט-געזונד, זיך אָבגעזועגענען ווי ס'בעדאַרף צו זיין און אָבמאַכען מכח מיין חוב. כ'האָב אויפגעעפענט די טהיר צום פאָדער-צימער.

ווי געלעהמט בין איך שטעהן געבליבען. גאַנץ נאָהענט לעבען מיר, נור צוויי טריט ווייט, איז געשטאַנען דער בעל הבית אַליין, אָהן אַ ראָק, אָהן אַ הוט און האָט אַריינגעקוקט דורך'ן שליסעל-לאָך אין פאַמיליען-צימער. ער האָט שטילערהייט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, איך זאָל זיך האַלטען רוהיג, און האָט ווידער געקוקט דורך'ן שליסעל-לאָך. דערביי האָט ער ניט אויפגעהערט לאַכען.

„קומט אַקאָרשט אַהער!" האָט ער זיך אָבגערופען שטיל, קוים וואָס מען האָט איהם געהערט. איך בין צוגעגאַנגען צו איהם אויף די שפּיץ פינגער.

„גיט אַקאָרשט אַ קוק אינעווייניג!" האָט ער געזאָגט און האָט געלאַכט מיט אַ שמילען, אויפגערעגטען געלעכטער. „קוקט אַקאָרשט אַריין! היהי! אָן ליגען זיי: איהר האָט געזעהן דעם אַלטען, וואָס? קענט איהר זעהן דעם אַלטען?"

אינעווייניג אין בעט, גאַנץ אונטער דעם קריסטוס-בילד און אַקוראַט אַנטקעגען מיר, האָב איך דערזעהן צוויי געשטאַלטען, די בעל הבית'טע און דעם פרעמדען מאַטראָז. די פיס זייערע האָבען אָבגעשטראַהלט ווייס אַנטקעגען דעם טונקעלען קאַטון פון דעם איבער-בעט. און אין בעט אויף דער אַנטקעגענדיגער וואַנד איז געזעסען איהר פאָטער, דער געלעהמ-טער זקן, און האָט געקוקט אויף זייביידען, מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, צוזאַמענגעצויגען אין זיך ווי געוועהנליך, זיך ניט אַ ריהר טהאָנדיג פון אָרט...

כ'האָב זיך אומגעקעהרט מיט'ן פּנים צו מיין בעל הבית. ער האָט זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כוחות זיך ניט צו צולאַכען אויף'ן קול.

„איהר האָט געזעהן דעם אַלטען?" האָט ער געשעפּטשעט. „אַך גאָט, האָט איהר געזעהן דעם אַלטען? ער זיצט אין בעט און קוקט זיי ביידען אָן!" און ער האָט זיך ווידער אַרונטערגעבויגען צום שליסעל-לאָך.

איך בין אַוועק פון איהם צום פענסטער און האָב זיך אַנידערגעזעצט. אָט דער אָנבליק האָט אום'ברחמנות'דיג געמאַכט אַ מיש-מאַש אין אַלע מיינע געדאַנקען און לחלוטין פערניכטעט מיין גאַנצע רייכע שטימונג. נאַ, וואָס געהט מיך די זאַך אייגענטליך אָן? אַז איהר מאַן לאָזט עס זיך געפעלען, יאָ, אַז עס מאַכט איהם נאָך דערצו שפּאַס אויך, האָב איך דאָך ווירקליך קיין שום גרונד ניט זיך דערפון צום האַרצען צו נעהמען. און וואָס איז שייך צום זקן, טאָ, איז דער זקן ניט מעהר ווי אַ זקן. ער זעהט עס אפשר גאָר ניט; פיליי‍כט שלאָפט ער; גאָט ווייסט, צי איז ער שוין גאָר ניט טויט; עס וואָלט מיר כ'לעבען גאָר קיין וואונדער ניט געווען, אַז ער וואָלט געווען טויט. און על כל פּנים איז דאָס דאָך ניט מיין עסק און זאָלען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד.

איך האָב ווידער גענומען די פּאַפּירען מיינע אין דער האַנד און געוואָלט פערטרייבען פון מיר אַלע שלעכטע איינדריקע. אין מיטען אַ זאַץ פון דעם ריכטער'ס רעדע בין איך נעבליבען שטעהן: „אָט אַזוי הייסט מיר גאָט און דאָס געזעץ, אַזוי הייסט מיר דער ראַטה פון מיינע קלוגע מענער, אַזוי הייסט עס אַלזאָ מיר און מיין געוויסען..." כ'האָב אַרויסגעקוקט פון מיין פענסטער, כדי זיך מישב צו זיין, וואָס זיין געוויסען זאָל איהם

אייגענטליך הייסען. פֿון דעם דערבייאיגען צימער האָט זיך געהערט אַ שטילער גערויש. נו, דאָס געהט מיך ניט אָן, געהט מיך לחלוטין ניט אָן! רוהיג! רוהיג! —

„אַזוי הייסט עס אַלזאָ מיר און מיין אייגענעם געווּיסען. . ."

אָבער אַלצדינג האָט זיך עפּעס אַזוי ווי פֿערשוואָרען געגען מיר. דער מאַן האָט בשום אופן ניט געוואָלט איינשטעהן רוהיג ביים שליסעל־לאָך; ווען ניט ווען האָב איך דערהערט אַ פֿערשטיקטען געלעכטער און געזעהן, ווי ער ציטערט; אויף דער גאַס איז אויך עפּעס פֿאָרגעגאַנגען, וואָס האָט מיר מבלבל געווען די רעיונות. אין דרויסען אויף'ן טראָטואַר איז געזעסען אַ קליין אינגעל אין זונען-שיין און האָט זיך געשפּיעלט; ער האָט קיין שום בייזען געדאַנק ניט געהאַט, לעבען איהם איז געלעגען אַ גאַנצער הויפֿען פֿון פּאַסען פּאַפּיר, וועלכע ער האָט צונויפֿגעוויקעלט, און ער האָט קיינעם חלילה קיין רשעות ניט געטהאָן. פּלוצלונג גיט ער אַ שפּרונג און הויבט אָן שילטען אויף'ן קול; ער געהט הינטערוויילאַכס אַרונטער פֿון טראָטואַר און דערזעהט אַ מאַן, אַן אויסגעוואַקסענעם מאַן מיט אַ רויטער באָרד, וועלכער איז געלעגען ביי אַ פֿענסטער אויף'ן צווייטען שטאָק און האָט אָנגעשפּיגען דעם אינגעל אויף'ן קאָפּ. פֿאַר צאָרן האָט זיך דער קליינער צוּאַווינט און אַרויפֿגעשיקט זיינע קללות אויבען צום פֿענסטער, און דער מאַן האָט איהם אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין; אַזוי זיינען אַריבער פֿילייכט פֿינף מינוטען. איך האָב זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט, כדי ניט צו זעהן דעם אינגעלס טרעהרען.

„אַזוי הייסט עס אַלזאָ מיר און מיין אייגענעם געווּיסען. . ."

אונמעגליך ווייטער צו קומען. ענדליך האָט זיך אַלצדינג אָנגעהויבען אויסמישען אינאיינעם ביי מיר אין קאָפּ; מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי אַלעס, וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבען, טויג אויף כפּרות, יאָ, עפּעס אַזוי ווי די גאַנצע אידעע וואָלט געווען אַ מיאוס'ער אונזינן, אַ שגעון: אין מיטעל־אַלטער האָט מען איבערהויפּט ניט געקענט ריידען פֿון געווּיסען; דאָס געווּיסען האָט ערשט טאַנצ־מייסטער שעקספּיר ענטדעקט, בכן איז די גאַנצע רעדע מיינע ניט ריכטיג. איז אַלזאָ גאָר קיין שום גוטעס ניטאָ אין די דאָזיגע בלעטלאַך? איך האָב זיי פֿון דאָס ניי דורגעבליקט און מיינע צווייפֿעל זיינען ווידער פֿערשוואונדען, כ'האָב דאָרט געפֿונען גרויסאַרטיגע ערטער, גאַנץ לאַנגע שטיקער פֿון גרויסער בעדייטונג. און ווידער האָט זיך די בערוישענדע תאוה דערוועקט אין מיין ברוסט, אָנצוהויבען נאָך אַמאָל און פֿאַרטיג מאַכען מיין דראַמאַ.

איך בין אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו דער טהיר, ניט קוקענדיג אויף די צאָרנדיגע וואונקען, וואָס דער בעל הבית האָט מיר צוגעוואָרפען, אַפנים איך זאָל זיין רוהיג. פעסט ענטשלאָסען בין איך דורכגעגאַנגען דעם פאָדער־צימער, אַרויף אויף די טרעפ אויבען אין צווייטען שטאָק, און דאָרט בין איך אַריין צו מיר אין מיין אַלטען צימער. דער מאַטראַז איז דאָך ניטאָ, ער איז אונטען ביי דער פרוי אין דער פאַמיליען-שטוב, וואָס זשע קען מיך אַלזאָ אָבהאַלטען, דאָ אַ ווילע צו זיצען? כ'וועל זיינע זאַכען ניט אָנריהרען, ניט אַמאָל דעם טיש זיינעם בענוצען, נאָר זיך אַנידערזעצען אויף אַ שטוהל לעבען טהיר און גאַנץ צופריעדען זיין. אין איילעניש שפריינג איך אוים די פּאַפּירען אויף מיינע קניע.

איצט איז עס געגאַנגען עטליכע מינוטען אויסגעצייכענט. איין זאַץ נאָך'ן אַנדערן איז פאַרטיג געוואָרען ביי מיר אין קאָפּ, און איך האָב געשריבען אָהן אויפהער, אָהן אַ שום שטערונג. כ'פיל אָן איין זייטעל נאָך'ן אַנדערן, קום איבער די שווערסטע פלעצער, לאָז אַרוים יעדעם מאָל אַ שטילען געשריי פון ענטציקונג איבער מיין אויפגעלייגטקייט און פון פרייד וויים איך אַליין גאָר ניט וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט. דער איינציגער קלאַנג, וואָס איך הער אין דער רגע, איז מיין אייגענער פריידענס־רוף. מיר איז איך אַרויף אויף'ן זינען אַ זעהר גליקליכע אידעע מיט אַ קירכען-גלאָק, וואָס זאָל אָנהויבען קלינגען ביי אַ געוויסען פונקט פון מיין דראַמאַ. ס'איז געוואָרען אויסערגעוועהנליך שעהן.

מיט אַמאָל דערהער איך טריט אויף די טרעפּ. איך טהו אַ ציטער און בין כמעט אויסער זיך, כ'זיץ אַזוי ווי אויף שפּילקעס, דערשראָקען, וואַך, אָנגעפילט מיט אַנגסט, מורא'דיג אויפגערעגט פון הונגער; כ'הער זיך צו מיט אָנשטריינגונג, כ'האַלט די בלייפעדער שטיל אין דער האַנד און הער זיך צו, ניט זייענדיג אים שטאַנד נאָך אַ וואָרט צו שרייבען. עס עפענט זיך די טהיר, דאָס פּאָרל פון אונטערשטען צימער קומט אַריין.

איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט בעטען ענטשולדיגונג פאַר דאָס, וואָס איך האָב געטהאָן, צושרייט זיך די בעל הבית'טע מיט קולות, אַזוי ווי זי וואָלט פון די וואָלקענס אַרונטערגעפאַלען:

„ניין, זאָל מיך גאָט בעהיטען, ער זיצט שוין ווידער דאָ!"

„ענטשולדיגט!" האָב איך געזאָגט און וואָלט נאָך מעהר געוואָלט זאָגען, נאָר ס'איז ניט געגאַנגען.

די בעל הבית'טע האָט מיט כעס אָן עפען געטהאָן די טהיר און געשריען הויך אויף'ן קול:

„אַז איהר געהט איצט נים אַוועק פֿון דאַנען, זאָל מיך דער טייוועל נעהמען, שיק איך גלייך נאָך דער פּאָליציי!"

כ'בין אויפֿגעשטאַנען.

„כ'האָב אייך נוּר געוואָלט זאָגען אַדיע," האָב איך געמוּרמעלט, „און דעריבער האָב איך געמוּזט וואַרטען אויף אייך. כ'האָב גאָרנישט אָנגעריהרט און בין בלויז געזעסען דאָ אויף'ן שטהוּל..."

„דאָס מאַכט נישט," האָט זיך דער מאַטראָז אָבגערוּפֿען. „וואָס צוּם טייפֿעל מאַכט עס אויס? לאָזט דעם מאַן צוּרוּה!"

אַז איך בין אַרוּנטער די טרעפּ האָט מיך פּלוּצלינג אַ פּאַק געטהאָן אַ ווילדער צאָרן געגען אָט דער דיקער, אוּמגעלוּמפּערטער פֿרוי, וועלכע איז מיר נאָכגעגאַנגען די טריט כדי וואָס גיכער פֿון מיר פּטור צוּ ווערן; אַ רגע בין איך געשטאַנען שטיל, די שרעקליכסטע שימפּף-ווערטער אויף די ליפּען, גרייט, זיי איהר אַ שליידער צוּ טהאָן אין געזיכט. כ'האָב זיך אָבער בעצייטענס מישב געווען און געשוויגען, געשוויגען בלויז אויס דאַנק־באַרקייט צוּ דעם פֿרעמדען מאַן, וועלכער איז געגאַנגען הינטער איהר און וואָלט עס אודאי געהערט. די פֿרוי איז מיר אַלץ נאָכגעגאַנגען און האָט נים אויפֿגעהערט צוּ שיטען שמוּץ אויף מיר, אין דער צייט וואָס מיין צאָרן איז אויך געוואַקסען מיט יעדען טראָט, וואָס איך האָב געמאַכט.

מיר זיינען אַרוּנטערגעקוּמען אין הויף, איך בין געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם און האָב זיך נאָך אַלץ מישב געווען, צי זאָל איך זיך אַריינלאָזען מיט דער בעל הבית'טע אין אַ קריעג. אין דער דאָזיגער רגע בין איך איינפֿאַך פֿערריקט געווען פֿאַר כעס און האָב געטראַכט מכח אַ מורא'דיגע בלוּט־באָד, וועגען אַ זעץ אין דער בויך-געגענד, וועלכער וואָלט איהר אַנידערגעלייגט טויט אויף'ן שטעל. ביי דער טהיר געהט אַ משרת דוּרך פֿערביי מיר און פֿערנייגט זיך, איך ענטפֿער נים אויף זיין גרוּס; ער ווענדט זיך צוּ דער פֿרוי הינטער מיר, און איך הער, ווי ער פֿרעגט זיך נאָך אויף מיר; דאָך קוּק איך זיך גאָרנישט אוּם.

אַ פּאָר טריט פֿון דער טהיר, יאָגט מיך דער משרת אָן, בעגריסט מיך ווידער און רעדט צוּ מיר. ער דערלאַנגט מיר אַ בריעף. בייז און האַסטיג רייס איך איהם אויף, אַ צעהן-קראָנען-בילעט פֿאַלט אַרויס פֿון קאָנווערט, זוייטער גאָרנישט, קיין וואָרט נים.

כ'גיב אַ קוּק אויף דעם מאַן און פֿרעג:

„וואָס זיינען דאָס פֿאַר שטיק? פֿון וועמען איז דער בריעף?"

„ווייס איך נים," ענטפֿערט ער, „אַ דאַמע האָט איהם מיר געגעבען."

כ'בין געשטאַנען שטיל, זיך ניט גערירט פֿון אָרט. דער משרת איז אַוועק. כ'לייג צוריק אַריין דעם בילעט אין קאָנווערט אַריין, קנייטש דאָס גאַנצע גאַנץ שטאַרק צונויף ביי מיר אין האַנד, קעהר זיך אום און געה צו צו דער בעל הבית'טע, וועלכע קוקט מיר נאָך אַלץ נאָך. כ'דערלאַנג איהר אַ וואָרף דאָס פּאַפּירעל אין פּנים אַריין. ווייטער האָב איך גאָרנישט געזאָגט, קיין איינציג וואָרט ניט; איך האָב נור בעמערקט, אַז זי האָט דאָס צונויפֿגעדריקטע פּאַפּירעל פֿאַנאַנדערגענומען און עס בעטראַכט, נאָך איידער איך בין אַוועקגעגאַנגען...

האַ, אָט דאָס הייסט זיך אויפֿפֿיהרען בכבוד'יג אין לעבען! גאָרנישט זאָגען, קיין וואָרט ניט אויסריידען צו דער חברה, נאָר גאַנץ רוהיג אַ גרויסען געלד-בילעט ביי זיך אין האַנד צוקנייטשען און איהם אַ שליידער טהאָן די פֿערפֿאָלגער אין געזיכט אַריין. אָט דאָס הייסט זיך אַרויסשטעלען מיט שטאָלץ! אַזוי מוז מען זיך מיט זיי בעגעהן, מיט אָט די בעסטיעס!

אַז איך בין צוגעקומען צום עק פֿון דער טאָמטעגאַדע און פֿון דעם אייזענבאַהן-פּלאַץ, האָט די גאָס פּלוצלינג זיך גענומען אַרומדרעהען מיט מיר, און איך בין צוגעפֿאַלען צו דער וואַנד פֿון אַ הויז. כ'האָב איינפֿאַך מעהר ניט געקענט געהן, כ'האָב זיך ניט געקענט אויסגלייכען פֿון מיין איינגעבויגענער פּאָזע; אַזוי ווי איך בין צוגעפֿאַלען צו דער וואַנד, אַזוי בין איך געבליבען שטעהן און האָב געפֿיהלט, ווי דאָס בעוואוסטזיין פֿערשווינדט פֿון מיר. מיין משוגע'נער צאָרן איז נאָך גרעסער געוואָרען דורך דעם דאָזיגען אָנפֿאַל פֿון מאַטקייט, און איך האָב אויפֿגעהויבען דעם פֿוס און אַ קלאַפּ געטהאָן אויף'ן טראָטואַר. כ'האָב אויך פֿערשיעדענע אַנדערע זאַכען געטהאָן, אום צו קומען צו זיך, כ'האָב פֿערביסען מיט די צייהן, פֿערקנייטשט דעם שטערן, פֿערגלאָצט די אויגען — און דאָס האָט געהאָלפֿען. מיינע געדאַנקען זיינען קלאָר געוואָרען, און איך האָב פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז דער אָנהויב פֿון סוף, פֿון טויט. כ'האָב אויסגעשטרעקט מיינע הענד און זיך אַ לאָז געטהאָן פֿון דער וואַנד; די גאָס איז נאָך אַלץ געגאַנגען מיט מיר אין אַ ראָד. פֿאַר כעס האָב איך אָנגעהויבען שלינגען; פֿון דער טיעפֿסטער טיעפֿעניש פֿון מיין נשמה האָב איך געקעמפּפֿט געגען מיין עלענד און האָב זיך מוטהיג געהאַלטען אויף די פֿיס, כדי ניט אומצופֿאַלען; מיר האָט זיך ניט געוואָלט אַנידערזינקען, נאָר שטאַרבען שטעהענדיגערהייט. אַן אַרבייטס-וועגעלע פֿאָהרט לאַנגזאַם פֿערביי, און איך זעה, אַז עס ליגען קאַרטאָפֿעל אויף'ן וועגעל; אָבער פֿון ווילדען כעס, פֿון עקשנות פֿאַלט מיר גאָר איין צו זאָגען, אַז דאָס זיינען ניט קיין קאַרטאָפֿעל,

גאָר קעפּלאַך קרויט. כ'האָב גאַנץ גוט געהערט, וואָס איך זאָג, און איך האָב פֿונדעסטוועגען געהאַלטען אין איין שווערען אויף דעם דאָזיגען ליגען, נור כדי צו האָבען די פֿערצווייפֿעלטע בעפֿריעדיגונג, אַז איך שווער פֿאַלש. פֿער'שכור'ט בין איך איינפֿאַך געוואָרען פֿון דער דאָזיגער מאָדנער זינד, כ'האָב אויסגעשטרעקט דריי פֿינגער אין דער הויך און מיט ציטערנדע ליפּען געשוואָרען, אַז דאָס זיינען קעפּלאַך קרויט.

די צייט איז זיך דערוויל געגאַנגען איהר וועג. כ'האָב זיך אַנידער־געזעצט אויף אַ טרעפּעל און זיך אָבגעווישט דעם שוויים פֿון שטערן און האַלז, פֿערהאַלטען דעם אָטהעם און זיך אָנגעטהאָן אַ כח צו בלייבען רוהיג. די זונן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט, ס'איז שוין געווען נאָכמיטאָג. כ'האָב ווידער אָנגעהויבען גריבלען איבער מיין לאַגע; דער הונגער מיינער איז געוואָרען אונפֿערשעהמט, און אין אַ פּאָר שעה אַרום איז שוין ווידער נאַכט; מען מוז זיך אומקוקען און געפֿינען עפּעס אַן עצה, כל זמן ס'איז נאָך דאָ צייט. מיינע געדאַנקען האָבען זיך פֿון דאָס ניי אַרומגעדרעהט אַרום דעם לאָדזשיר-הויז, פֿון וואַנען מען האָט מיך דורכגעטריבען; כ'האָב באין אופן ניט געוואָלט צוריקגעהן אַהין, פֿונדעסטוועגען האָב איך זיך ניט געקענט אויסדרעהען, ניט צו דענקען דערפֿון. אייגענטליך האָט דאָך די פֿרוי געהאַט פֿאָלקאָם רעכט, מיך אַרויסצוואַרפֿען. ווי קום איך גאָר צו ערוואַרטען, צו קענען וואוינען ביי אימיצען, אַז איך האָב ניט בעצאָהלט? דערצו האָט זי מיר נאָך ווען ניט ווען געגעבען עסען; נעכטען אָוועגד אפילו, ווען איך האָב איהר פֿערשאַפֿט פֿערדרוס, האָט זי מיר אָנגעבאָטען ברויט מיט פּוטער, פֿון גוטסקייט האָט זי דאָס מיר אָנגעבאָטען, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז איך בין הונגעריג. כ'האָב זיך אַלזאָ ניט געהאַט וואָס צו בעקלאָגען און האָב שטילערהייט, ביי זיך אין האַרצען, אָנגעהויבען איהר איבערבעטען פֿאַר מיין אויפֿפֿיהרונג. דער עיקר האָב איך שטאַרק חרטה געהאַט, וואָס איך האָב זיך אויף'ן סוף געצייגט אַזוי אונדאַנק־באַר געגען איהר און איהר געוואָרפֿען דעם צעהן־קראָנען־בילעט אין פּנים אַריין...

דער צעהן־קראָנען בילעט! כ'האָב אַ שטילען פֿייף געטהאָן. פֿון וואַנען האָט זיך גענומען דער בריעף, וואָס דער משרת האָט געבראַכט? ערשט אין דער רגע האָב איך גענומען טראַכטען וועגען דעם און מיר איז פּלוצלינג איינגעפֿאַלען, ווי אַזוי דאָס איז געקומען. איך בין געוואָרען אויסער זיך פֿאַר שמערץ און געשעהמט האָב איך זיך פֿאַר זיך אַליין; עטליכע מאָל האָב איך מיט אַ הייזעריגער שטימע געשעפּטשעט „אילאַ־יאלי" און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. בין איך דאָס געווען דער, וואָס האָט

ערשט נעכטען בעשראָסען, שטאָלץ דורכצוגעהן פערביי איהר, אַז איך וועל איהר בעגעגענען, און איהר די גרעסטע גלייכגילטיגקייט צייגען? און אָנשטאָט דעם האָב איך בלויז אַ רחמנות דערוועקט אין איהר און אַ נדבה ביי איהר אַרויסגעצויגען. ניין, ניין, ניין, מיין ערנידריגונג האָט גאָר קיין שיעור און קיין ערך ניט! ניט אַמאָל אַנטקעגען איהר קען איך זיך שטעלען ווי אַ מענש; איך זינק, זינק אויף אַלע זייטען, וואוהין איך קעהר זיך און ווענד זיך, כ'זינק ביז די קניע, ביז דער ברוסט, דער־טרונקען ווער איך אין שאַנדע און קען שווין קיינמאָל, קיינמאָל ניט אַרויסקריכען דערפון! דאָס איז עק־וועלט! אָננעהמען אַ נדבה פון צעהן קראָנען און עס ניט קענען אָבגעבען צוריק דעם פערבאָרגענעם געבער, צונויפשאַרען מיטביידע הענד די אָרעמע, קלעגליכע גראָשענס, ניט קוקענדיג פון וואַנען זיי קומען, זיי צונעהמען פאַר זיך, בעצאָהלען דער־מיט קוואַרטיר, כאָטש די גאַל קעהרט זיך דערפון איבער...

צי וואָלט איך ניט געקענט ווי עס איז שאַפען אָט די צעהן קראָ־נען? אַריבערגעהן צו דער בעל הבית'טע און פערלאַנגען דאָס געלד צוריק — דאָס וועט זיין אַרויסגעוואָרפענע מיה.

אָבער עס מוז זיך דאָך מאַכען עפעס אַן אַנדער אויסוועג אויך, אַז איך זאָל זיך מישב זיין מיט זיך, אַז איך זאָל זיך נור אָנשטריינגען ווי ס'דאַרף צו זיין און זיך מישב זיין. כ'לעבען, דאָ איז ניט גענוג אויף אַ געוועהנליכען אופן זיך מישב זיין, כ'מוז טראַכטען און גוט טראַכטען, ווי אַזוי צו שאַפען די צעהן קראָנען. כ'האָב זיך אַלזאָ אַנידערגעזעצט טראַכטען.

ס'האָט געמוזט זיין אַרום פיער אַזייגער; אין אַ פאָר שטונדען אַרום וואָלט איך אפשר געקענט טרעפען דעם דירעקטאָר פון טהעאַטער, ווען מיין דראַמאַ וואָלט נור פאַרטיג געווען. כ'נעהם אַרויס דאָס מאַנוסקריפט און וויל מיט אַלע כחות אָנשרייבען די דריי לעצטע סצענעס; כ'טראַכט און שוויץ און לייען נאָך אַמאָל איבער פון אָנהויב אָן, כ'קום אָבער ניט אַ טראָט וויטער. נאָר קיין נאַרישקייטען! רוף איך זיך אָב, נאָר קיין עקשנות זאָל מיר דאָ ניט זיין! און איך נעהם זיך שרייבען וויטער מיין דראַמאַ, כ'שרייב אָן אַלצדינגג, וואָס קומט מיר אין מוח אַריין, אַבי וואָס גיכער פאַרטיג צו ווערן, און עס געהט גאָר ניש'קשה'דיג. כ'האָב זיך געוואָלט איינריידען, אַז אַ גרויסער מאָמענט איז ווידער געקומען אויף מיר, כ'האָב זיך אַליין בעליגנערט, בעשווינדעלט האָב איך זיך, גאָר אָפען בעשווינדעלט און געהאַלטען אין איין שרייבען, אָקוראַט ווי איך וואָלט גאָר קיין ווערטער ניט געדאַרפט זוכען. דאָס איז גוט! דאָס איז ווירקליך

אַ געפֿונענער אוצר! האָב איך זיך פֿון צייט צו צייט געזאָגט; שרייב נור, שרייב ווייטער!

ענדליך דערפֿיהל איך, אַז מיינע לעצטע געשפּרעכען זיינען ניט ריכ־טיג; ס'איז עפּעס ניט דאָס, וואָס אין די ערשטע סצענעס; אַחוץ דעם ליגט קיין שום מיטעל־אַלטער ניט אין די ווערטער פֿון דעם מאָנאַך. איך צוביים מיין בליי־פֿעדער, גיב אַ שפּרונג, צוריים מיין מאַנוסקריפּט אויף צווייען, צוריים יעדעס בלעטעל, כ'וואַרף אַראָב מיין הוט אויף דער גאַס און טרעט אַרויף אויף איהם. כ'בין פֿערלאָרען! זאָג איך שטילערהייט, מיינע הערן און דאַמען, איך בין פֿערלאָרען! כ'זאָג בלויז אָט די ווערטער און שטעה נאָך אַלץ און טרעט אויף מיין הוט.

אַ פּאָר טריט ווייטער שטעהט אַ פּאָליציי־מאַן און קוקט אויף מיר; ער שטעהט אין מיטען אויף דער גאַס און נעהמט פֿון מיר קיין אויג ניט אַראָב. אַז איך הויב אויף דעם קאָפּ, בעגעגענען זיך אונזערע בליקען, ער שטעהט שוין אפשר דאָ פֿון אַ צייט און קוקט בלויז אויף מיר. כ'נעהם מיין הוט, און טהו איהם ווידער אָן און געה צו צום מאַן.

„איהר קענט מיר אפשר זאָגען, ווי שפּעט עס איז?" טהו איך איהם אַ פֿרעג

ער איז זיך מישב אַ רגע, איידער ער נעהמט אַרויס דעם זייגער זיינעם און בעת מעשה לאָזט ער פֿון מיר אַלץ קיין אויג ניט אַראָב.

„אַרום פֿיער," מאַכט ער.

„אַקוראַט!" זאָג איך, „אַרום פֿיער, גאַנץ ריכטיג. איהר פֿערשטעהט אַן עסק, ווי איך זעה, און איך וועל אייך אין זינען האָבען."

דערמיט בין איך אַוועק. שטאַרק צוטומעלט איבער מיר איז ער שטעהן געבליבען, האָט מיר נאָכגעקוקט מיט אַן אָפֿענעם מויל, און דעם זייגער האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטען אין האַנד. אַז איך בין צוגעקומען לעבען ראָיאַל האָב איך זיך אומגעקעהרט און אַ קוק געטהאָן הינטער מיר: ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין דערזעלבער פּאָזע און געקוקט אויף מיר.

האַ, האַ, אָט אַזוי מוז מען די בעסטיעס בעהאַנדלען! מיט דער גרעסטער אונפֿערשעהמטקייט! דאָס שרעקט די בעסטיעס, דערפֿאַר האָ־בען זיי אָבשיי, די בעסטיעס... כ'בין זעהר צופֿריעדען געווען מיט זיך אַליין און האָב אָנגעהויבען זינגען אַ ליעדעל. מיט אָנגעצויגענע נערווען פֿון אויפֿרעגונג, ניט פֿיהלענדיג קיין שום שמערץ און ניט אַמאָל וואָס פֿאַר עס איז אונבעקוועמליכקייט, בין איך געגאַנגען גרינג ווי אַ פֿעדער איבער דעם גאַנצען פּלאַץ, כ'בין אַרומגעגאַנגען די באַזאַרען ביז'ן עק,

און ביי דער ערלעזער־קירכע האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק.

צי איז דען ניט אַלץ איינס, אויב איך וועל אָבשיקען צוריק די צעהן קראָנען אָדער ניט? אַז איך האָב זיי געקראָגען, געהערען זיי דאָך צו מיר, און דאָרט, פֿון וואַנעט זיי זיינען געקומען, נויטיגט מען זיך אַוודאי ניט אין זיי. אָננעהמען האָב איך זיי דאָך געמוזט, מחמת מען האָט זיי דאָך מיר אויסדריקליך געשיקט, ס'וואָלט דאָך גאָר קיין זינן ניט געהאַט, זיי איבערלאָזען ביים משרת אין די הענד. דעסגלייכען פּאַסט זיך ניט, צוריקצושיקען אַ גאַנץ אַנדער צעהן־קראָנען בילעט איידער דעם, וואָס איך האָב בעקומען. ס'איז אַלזאָ פֿערפֿאַלען, ניטאָ וואָס צו מאַכען דערביי.

איך האָב זיך געסטאַרעט קוקען אויף דעם אַלעם, וואָס איז פֿאָר־געקומען אַנטקעגען מיר אויף'ן פּלאַץ און פֿערנעהמען מיין מוח מיט גלייכגילטיגע זאַכען; אָבער ס'האָט זיך מיר בשום אופן ניט איינגעגעבען, און איך האָב אַלץ וועגען קיין אַנדער זאַך ניט געקענט טראַכטען נור מכח די צעהן קראָנען. ענדליך האָב איך צונויפֿגעדריקט די פֿויסטען און בין אַריינגעקומען אין אַ מורא'דיגען כעס. עס וועט זיין אַ בעליידיגונג פֿאַר איהר, האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל זיי איהר צוריקשיקען; צו וואָס זאָל איך עס אַלזאָ טהאָן? תמיד בין איך אַרומגעגאַנגען און זיך געהאַלטען צו גוט פֿאַר יעטוועדע זאַך, כ'האָב רק געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט: ניין, אַ שעהנעם דאַנק! נו זעה איך אַצונד, צו וואָס דאָס האָט געפֿיהרט — כ'שטעה ווידער אויף דער גאַס. אפילו דאַן, ווען איך האָב געהאַט אַלע אורזאַכען דערצו, בין איך פֿונדעסטוועגען ניט געבלי־בען אויף מיין גוטען, וואַרעמען קוואַרטיר; שטאָלץ בין איך געוועז, אויפֿגעשפּרונגען בין איך ביים ערשטען וואָרט, האָב זיך געוואָרפֿען מיט צעהן קראָנען רעכטס און לינקס און בין מיר אַוועק מיין וועג... כ'האָב זיך גענומען גוט אָברעכענען מיט מיר אַליין, דערפֿאַר וואָס איך האָב פֿערלאָזען מיין דירה און זיך ווידער געבראַכט אין אַזאַ פֿערלעגענהייט.

איבעריגענס מעג דער שוועבעל־געלער טייוועל עס אין גאַנצען אויסכאַפּען! איך האָב דאָך ניט געבעטען, מען זאָל מיר דאָס געלד שיקען, כ'האָב דאָך עס כמעט גאָר אין די הענד ניט געהאַלטען, נאָר עס תיכף אַוועקגעגעבען, בעצאָהלט דערמיט ווילד־פֿרעמדע מענשען, וועמען איך וועל שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן אין לעבען. יאָ, אָט אַזאַ מענש בין איך, כ'בעצאָהל תמיד ביז דעם לעצטען גראָשען, אַז מען דאַרף. אויב איך האָב קיין טעות ניט אין איליאַיאַלי'ן ווידער, האָט זי אודאי אויך קיין חרטה ניט וואָס זי האָט מיר געשיקט דאָס געלד; וואָס זשע גרייזשע איך זיך אייגענטליך אַזוי? דאָס איז דאָס קלענסטע, וואָס זי קען פֿאַר

מיר טהאָן — מיר ווען ניט ווען צושיקען אַ צעהן קראָנען. דאָס אָרים מיידעל איז דאָך אויך פערליעבט אין מיר... און איך האָב ביי מיר אין הארצען שטארק שטאָלצירט מיט דעם דאָזיגען געדאנק. ס'איז גאָר קיין צווייפעל ניט, זי איז פערליעבט אין מיר, דאָס אָרים מיידעל!...

ס'איז געוואָרען פינף דער זייגער. ווידער אַמאָל בין איך געבליבען דערשלאָגען נאָך מיין לאַנגער נערוועזער אויפרעגונג און איך האָב פון דאָס נייע דערשפירט דאָס פוסטע טומלען ביי מיר אין קאָפ. כ'האָב גע־קוקט גלייך פאָראויס, געהאַלטען די אויגען אָפען און אַריבערגעקוקט צו דער עלעפאַנטען־אַפּטייק. דער הונגער האָט געריסען פּאַטשען פון מיר, און איך האָב געהאַט מורא'דיגע יסורים. און ווי איך שטעה אַזוי און קוק נאָך אַלץ אין דער לופטען, שווימט אַרויף פאַר מיין בליק אַ געשטאַלט, וועלכע איך דערזעה ענדליך גאַנץ דייטליך און איך דערקען זי: די קו־כען־פרוי לעבען דער עלעפאַנטען־אַפּטייק.

איך גיב אַ ציטער, הויב זיך אויף און פערטראַכט זיך אַ ווײַלע. יאָ, ס'איז גאַנץ ריכטיג, ס'זאָל גאָר פעהלען אַ האָר: דיזעלבע פרוי הינטער דעם זעלבען טיש אויף דעם זעלבען אָרט. כ'סווישטשע אוים אַ פּאָר מאָל, קנאַק צו מיט די פינגער, כ'שטעה אויף און געה אַריבער צו דער אַפּטייק. נור קיין נאַרישקייטען ניט! זאָל מיך דער טייוועל נעהמען, אויב דאָס איז געווען זינדיג געלד אָדער גוט, נאָרוועגיש זילבערן קרעמער־געלד פון קאָנגסבערג! כ'וויל זיך ניט מאַכען צום נאַר, פון צופיעל גאווה קען מען נאָך אַמאָל שטאַרבען אויך...

... כ'געה צו צום עק גאַס, קוק דער פרוי אַריין גלייך אין די אויגען און שטעל זיך אַנידער אַנטקעגען איהר. איך שמייכעל, שאָקעל צו מיט'ן קאָפ ווי אַן אַלטער בעקאַנטער און שטעל אַזוי איין מיינע רייד, עפעס אַזוי ווי עס וואָלט געווען זעלבסטפערשטענדליך, אַז זי האָט מיך געדאַרפט ערוואַרטען נאָך אַמאָל לעבען איהר טישעל.

„גוטען טאָג!" רוף איך זיך אָב. „אָט אַפנים איהר דערקענט מיך שוין גאָרניט?"

„ניין," ענטפערט זי לאַנגזאַם און קוקט מיך אָן.

איך שמייכעל נאָך מעהר, אָקוראַט ווי דאָס וואָלט בלויז געווען אַ שפאַס פון איהר זייט, וואָס זי דערקענט מיך ניט, און איך זאָג:

„דערמאָנט איהר זיך ניט, אַז איך האָב אייך אַמאָל געגעבען עטליכע קראָנען? דעמאָלט האָב איך גאָרנישט געזאָגט, אַזוי ווייט ווי איך געדיינק; כ'פלעג עס קיינמאָל ניט טהאָן. אַז מען האָט צו טהאָן מיט עהרליכע לייט, איז גאָרניט נייטיג, אָבצורעדען און אַזוי צו זאָגען מאַכען קאָנטראַקטען

זוענען יעטוועדע קליינינקייט. האַ, האַ! נו יאָ, דאָס בין איך געווען, וואָס האָט אייך דעמאָלט געגעבען דעם פּאַק מיט געלד."

„ניין, ווירקליך, דאָס זייט איהר דאָס געווען! יאָ, איצט דערקען איך אייך טאַקי, און איך הויב זיך אָן דערמאָנען..."

כ'האָב ניט געוואָלט דערלאָזען, זי זאָל מיר דאַנקען פאַר דאָס געלד, און מחמת דעם שלאָג איך איהר איבער די רייד, און בעת מעשה וואַרף איך אַן אויג אויף די פערשיעדענע קיכלאַך, וואָס ליגען אויף'ן טיש און זאָג:

„אַצונד קום איך אָבנעהמען די קיכלאַך פאַר'ן געלד."

דאָס פערשטעהט זי ניט.

„די קיכלאַך," ווידערהאָל איך, „כ'וויל זיי איצט אָבנעהמען," רוף איך זיך אָב און לאַך זיך פונאַנדער הויך אויף'ן קול, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט עס געמעגט פערשטעהן גלייך אויף'ן שטעל, אַז איך וויל זיי אָבנעהמען. כ'נעהם אויך איינס פון טיש, אַ סאָרט פראַנץ־ברייטעל און בייס איין.

אַז די פרוי דערזעהט עס, שטעהט זי אויף אין איהר קעלער־לאָך, גיט זיך ניט ווילענדיג אַ וואָרף, אַזוי ווי צו בעשיצען איהר סחורה, און גיט מיר צו פערשטעהן, אַז זי האָט זיך גאָרניט געריכט אויף מיר, אַז איך וועל זי קומען בעראַבעווען.

ניט? טאַקי ניט? זי איז ווירקליך אַ גרויסאַרטיגע פרוי! צי איז דאָס איהר ווען עס איז פאָרגעקומען, אימיצער זאָל איהר געבען אַ הויפען קראָנען אויף צו בעהאַלטען און גאָרניט קומען זיי פערלאַנגען צוריק? ניין — אַלזאָ זעהט איהר שוין! צי זי מיינט, אַז ס'איז געווען גע'גנב'עט געלד, אַזוי ווי איך האָב עס איהר אויף אַזאַ'ן אופן אַ וואָרף געטהאָן? נאַ, דאָס מיינט זי אַלזאָ ניט; ס'איז נאָך גוט אַזוי, באמנות גוט! ס'איז ליעב פון איהר זייט, אויב איך מעג זיך אַזוי אויסדריקען, וואָס זי האַלט מיך נאָך פאַר אַן אָרענטליכען מאַן. האַ, האַ! יאָ, זי איז ווירקליך גרויס־אַרטיג!

פאַר וואָס האָב איך איהר דען געגעבען דאָס געלד? די פרוי איז געוואָרען מלא רציחה און האָט זיך צושריען אויף'ן קול.

כ'האָב ערקלעהרט, פאַרוואָס איך האָב איהר דאָס געלד געגעבען, רוהיג, וואָרט ביי וואָרט האָב איך עס איהר ערקלעהרט: ס'איז שוין מיין טבע אַזוי צו האַנדלען, מחמת כ'האַלט אַלע מענשען פאַר גוט. שטענדיג אַז אימיצער האָט מיר אָנגעבאָטען אַ קאָנטראַקט, אַ פאַפּיר, האָב איך געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט „ניין", אַ שעהנעם דאַנק, ביי גאָט, אַזוי האָב איך כסדר געטהאָן!

די פרוי האָט עס אָבער נאָך אַלץ ניט געקענט פערשטעהן.

כ'האָב אָנגענומען אַנדערע מיטלען, אָנגעהויבען ריידען שאַרף און געזאָגט, אַז איך וויל ניט וויסען פון אַזאַ אונזין. צי האָט עס איהר דען קיינמאָל ניט געטראָפען, אַז אימיצער זאָל איהר אויף אַזאַ'ן אופן בעצאָהלען פאָראויס? האָב איך געפרעגט. פערשטעהט זיך, אַז איך מיין לייט וואָס האָבען אסך געלד, עטליכע פון די קאָנזולען, למשל. קיינמאָל ניט? נו יאָ, ס'איז דאָך אָבער ניט מיין שולד, וואָס אָט דער מנהג איז פאַר איהר ניי. אין אויסלאַנד איז דאָס אַ גאַנץ געוועהנליכע איינפיהרונג, גאַנץ אַלגעמיין. זי איז נאָך אפשר קיינמאָל די גרענעץ ניט אַריבער? ניין? אָט זעהט איהר שוין! דאַן האָט זי גאָר קיין רעכט ניט אַריינצורייִדען דאָ אין דער זאַך... און דערביי האָב איך געלייגט די האַנד אויף עטליכע קיכלאַך.

זי האָט געברומט מיט כעס, האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָבגעבען קיין האָר פון דעם, וואָס זי האָט אויף'ן טיש געהאַט, זי האָט מיר זאָגאַר אַרויסגעריסען אַ שטיק קיכעל פון דער האַנד און עס צוריקגעלייגט אויף זיין אָרט. איך בין אַריינגעקומען אין כעס, האָב גענומען קלאַפען אָן טיש און געסטראַשעט מיט דער פאָליציי. איך וויל זיין גוט־הערציג מיט איהר, האָב איך זיך אָבגערופען; אַז איך זאָל וועלען אָבנעהמען דאָס אַלץ, וואָס איז מיינס, וואָלט איך פון איהר גאַנץ קרעמעל אַ תכלית געמאַכט, מחמת דעמאָלט האָב איך איהר געגעבען אַ מורא'דיגע גרובע מיט געלד. אַזוי פיעל וועל איך אָבער ניט נעהמען, אין דער אמת'ן וויל איך בלויז אַ העלפט דערפון וואָס מיר קומט. דערצו קען איך איהר מבטיח זיין, אַז איך וועל שוין נאָך אַמאָל צו איהר ניט קומען. זאָל מיך גאָט אָבהיטען דערפון, אַז זי איז אַזאַ מין פערזאָן...

ענדליך לייגט זי מיר אַנידער עטליכע קיכלאַך אויף אַן אונפער־שעהמטען מקח, אַ פינף, זעקס שטיקער, אויף וועלכע זי שטעלט דעם העכסטען פרייז, וואָס האָט איהר איבערהויפט געקענט איינפאַלען, און דאַן האָט זי מיר געהייסען געהן. כ'האָב זיך נאָך אַרומגעריסען מיט איהר, גע'טענה'ט, אַז זי בעשווינדעלט מיך אויף אַ גאַנצע קראָנע און זויגט מיך פשוט אויס מיט איהרע בלוטיגע מקחים. „ווייסט איהר, אַז פאַר אַזעלכע גנב'ישע שטיק איז פאַרהאַן אַ שטראָף?" האָב איך געזאָגט. „גאָט איז מיט אייך, איהר אונגליקליכע, איהר קענט פאַר אַזאַ'ן עסק אַריין אויף אייביג אין תפיסה!" זי האָט מיר צוגעוואָרפען נאָך אַ קוכען און מיר אויסשטעלענדיג די צייהן איהרע האָט זי געשריען, איך זאָל זיך שוין אָב־טראָגען פון איהר.

דערמיט בין איך אַוועק.

העֶ, אַזוי וואָס פֿון אַן אונפֿערבעסערליכער פֿרוי האָט מען נאָך קיינמאָל ניט געזעהן! אין דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין ארומגעגאַנגען איבערן מאַרק און האָב געגעסען מיינע קיכלאַך, האָב איך אין דער הויך גערעדט וועגען דער פֿרוי און איהר אונפֿערשעהמטקייט, כ'האָב געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען דאָס, וואָס מיר האָבען זיך איינע די אַנדערע געזאָגט, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך האָב זיך אַנטקעגען איהר בעגאַנגען מיט ישוב הדעת, מיט אויסרעכענונג. פֿאַר אַלעמען אין די אויגען האָב איך געגעסען דעם קוכען און גערעדט אין דער הויך מיט זיך אַליין.

די קיכלאַך זיינען פֿערשוואונדען איינס נאָך'ם אַנדערע; וויפֿיעל איך האָב נישט געגעסען, איז דאָס אַריין אַזוי ווי אַן פּוסטער פֿאַס; כ'בין גראָד געוועזן אַזוי טיכטיג אויסגעהונגערט. רבונו של עולם, ווי זי וויל זיך גאָר ניט אַמאָל אָנשטאָפּען, די קישקע מיינע! איך בין געוועזן אַזוי גיעריג, אַז איך האָב זיך שיער, שיער ניט גענומען צום לעצטען קיכעל, וואָס איך האָב תחילת געהאַט בדעה איבערצולאָזען פֿאַר דעם קליינעם דאָרט אונטען אין דער וואָגמאַנדסגאַדע, פֿאַר דעם אינגעל, וואָס האָט זיך געשפּיעלט מיט די פּאַסען פּאַפּיער. כ'האָב רק געטראַכט וועגען איהם, כ'האָב בשום אופן ניט געקענט פֿערגעסען זיין מיענע, בשעת ער האָט מיט אַמאָל אַ שפּרונג געטהאָן און אָנגעהויבען שילטען. ער האָט זיך אומגעדרעהט צו מיין פֿענסטער, בעת דער מאַן האָט אויף איהם אַ שפּיי געטהאָן, און האָט געקוקט, צי לאַך איך אויך ניט פֿון איהם. ווער ווייסט, צי וועל איך איהם שוין גאָר געפֿינען, ביז איך וועל צוקומען אַהין?! כ'האָב זיך אָנגעשטריינגט ווי ווייט ס'איז מעגליך געווען, אום וואָס שנעלער אָנצוקומען צו דער וואָגמאַנדסגאַדע, בין פֿערבייגעגאַנגען דעם פּלאַץ, וואו איך האָב צוריסען מיין דראַמאַ אויף שטיקער און וואו ס'איז נאָך געלעגען אַ גאַנצער הויפֿען מיט פּאַפּיר, בין אויך דורכגעגאַנגען פֿערביי דעם פּאָליציי־מאַן, וועמען איך האָב אַ ווילע פֿריהער געמאַכט צום נאַר מיט מיינע העויות, און ענדליך בין איך געשטאַנען לעבען טרעפּעל, וואו דאָס אינגעל איז געזעסען.

ער איז שוין ניט געוועזן דאָרט. די גאַס איז כמעט ליידיג געוועזן. ס'האָט אָנגעהויבען ווערן פֿינסטערלאַך, און איך האָב אין ערגעץ ניט גע־קענט אויסגעפֿינען דעם אינגעל; ער האָט שוין אַוודאי געמוזט אַריין אין הויז. פֿאָרזיכטיג האָב איך אַנידערגעלייגט דעם קוכען אויף דער שוועל ביי דער טהיר, דערנאָך האָב איך שטאַרק אָנגעקלאַפּט און בין גלייך אַנטלאָפֿען פֿון דעם אָרט. נישקשה, ער וועט איהם שוין געפֿינען! האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט; אַזוי ווי ער וועט נור אַרויסקומען, וועט ער

איהם געפינען! און די אויגען מיינע זיינען פייכט געוואָרען פאַר פרייד ביי דעם געדאַנק, אַז דער קליינער וועט געפינען דעם קיבעל.

איך בין ווידער אַרונטערגעגאַנגען ביז צום האַפען.

הונגעריג בין איך שוין מעהר ניט געווען; נאָר די זיסע זאַכען, וואָס איך האָב געגעסען, האָבען מיר פערשאַפט אַ ניט־גוטקייט אויף׳ן האַרצען.

אין קאָפּ ביי מיר האָבען זיך אַרומגעדרעהט די ווילדעסטע מחשבות: אַ שטייגער, ווען איך זאָל שטילערהייט איבערשניידען די שטריק פון איינעם פון די שיפען? אָדער איך זאָל גאָר פּלוצלונג אַ געשריי טהאָן „פייער"? כ׳געה ווייטער אַרויף מיט דעם האַפען און געפין אַ קעסטעל, אויף וועלכען איך קען זיך אַנידערזעצען, לייג צונויף די הענד און פיהל, אַז דער קאָפּ ווערט מיר וואָס ווייטער אַלץ שווערער. כ׳גיב זיך קיין ריהר ניט און טהו איבערהויפט גאָרנישט, אום אַביסעל צו זיך צו קומען.

איך קוק אַריבער צו דעם „קאָפּעגאָראָ", דעם באַרק־שיף מיט דער רוסישער פאָהן. אויף דעם דעק דערזעה איך אַ מאַן; די רויטע לאַמ־טערנעס וואַרפען זייער שיין אויף זיין קאָפּ, און איך הויב זיך אויף און רעד אַריבער צו איהם. כ׳האָב גאָר קיין שום צוועק ניט געהאַט דערמיט און איך האָב אויך גאָרניט ערוואַרט קיין שום ענטפער. כ׳האָב געפרעגט:

„איהר פאָהרט אָב היינט אָוענד, קאַפּיטאַן?"

„יאָ באַלד," האָט דער מאַן געענטפערט. ער האָט גערעדט שוועדיש.

„הם. איהר דאַרפט מן הסתם ניט האָבען צופעליג נאָך אַ מאַן?"

אין דער רגע האָב איך זיך גאָרנישט געמאַכט דערפון, צי וועל איך קריגען אַ שלעכטען ענטפער, צי ניט; ס׳איז מיר אַלץ איינס געווען וואָס דער מאַן וועט מיר ענטפערן. כ׳בין געשטאַנען און האָב געוואַרט אוו אַריבערגעקוקט צו איהם.

„ניין," האָט ער געענטפערט. „על כל פנים מוז דאָס זיין אַ יונגער־מאַן."

אַ יונגערמאַן! אַ שוידער איז מיר אַריבער איבער׳ן לייב. בגנבה האָב איך אַרונטערגענומען מיינע ברילען און זיי אַריינגעלייגט אין קעשענע; דאַן בין איך צוגעגאַנגען צום שיף און אַרויף אויף׳ן דעק.

„כ׳בין ניט קיין מאַטראָז," האָב איך געזאָגט, „אָבער איך קען טהאָן אַלעס וואָס איהר וועט מיר נאָר אָנווייזען. וואוהין געהט דאָס שיף?"

„מיר געהען מיט משא קיין לידז און דאָרט וועלען מיר אָננעהמען קויהלען פאַר קאַדיז."

„גוט!" האָב איך געזאָגט און זיך אָנגעוואָרפֿען אויף דעם מאַן. „ס'איז מיר אַלצאיינס, וואוהין די רייזע געהט. איך וועל טהאָן מיין אַרבייט."

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען, האָט מיך אָנגעקוקט און זיך מישב געווען.

„דו ביסט נאָך נישט געפֿאָהרען?" האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן.

„ניין. אָבער ווי איך זאָג אייך, ווייזט מיר נור אָן אַן אַרבייט, וועל איך זי טהאָן. איך בין צו אַלצדינג געוועהנט."

ער האָט זיך ווידער מישב געווען. אַצונד האָב איך זיך שוין אַריינגעהאַקט פֿעסט אין מוח, אַז איך מוז מיטפֿאָהרען, און איך האָב מורא געהאַט, מען זאָל מיר ניט אַרונטערטרייבען צוריק אויף דער יבשה.

„ווי מיינט איהר אַלזאָ, קאַפּיטאַן?" האָב איך ענדליך געפֿרעגט.

„כ'קען ווירקליך אַלצדינג טהאָן. וואָס זאָג איך! איך וואָלט דאָך געווען אַ גאָרנישט פֿון אַ יונג, ווען איך זאָל מעהר ניט טהאָן, נור דאָס וואָס מען הייסט מיר. אַז מען דאַרף, קען איך אָנגעהמען אַן אַרבייט אויף צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד. דאָס טהוט מיר גוט, און איך קען עס גאָר גרינג אויסהאַלטען.

„נו יאָ, מיר קענען עס פּרואווען," האָט ער געזאָגט. „טאָמער וועט עס ניט געהן, צושיידען מיר זיך אין ענגלאַנד."

„פֿערשטעהט זיך," האָב איך מיט שמחה געזאָגט. און נאָך אַמאָל האָב איך ווידערהאָלט, אַז מיר קענען זיך דאָך צושיידען אין ענגלאַנד, טאָמער וועט עס ניט געהן...

אויף דרויסען אין פֿיאָרד האָב איך זיך ערשט אויסגעגלייכט די ביינער; כ'בין געווען נאַס פֿון פֿיבער און מאַטקייט. כ'האָב אַ קוק געטהאָן אויף דער יבשה און געזאָגט פֿאַר דאָס מאָל דער שטאָדט, כ'האָב געזאָגט אַ זיי־געזונד קריסטיאַניאַ'ן, וואו די פֿענסטער האָבען אַזוי העל געלויכטען אין אַלע הייזער.

ענדע.

## ביז יעצט ערשיענען:

**קראפאטקין'ס לעבענס־בעשרייבונג**, געשריבען פון איהם אַליין און איבערזעצט פון מ. קאַהן. פרייז 3ש. 6פ.; 84 סענט, געבונדען 5ש.; 1.20

**די אכטע אבטהיילונג פון גיהנום,**
און אַנדערע ערצעהלונגען פון י. ל. פרץ, אויס דעם העברעאישען איבערזעצט פון א. פרומקין. פרייז 9 פענס, 20 סענט, 40 קאָפּ.

**די פרוי'ס האנד־בוך,** אַ זעהר ניצליכער בוך פאַר יעדער פערהייראַטע פרוי. פרייז 6 פענס, 15 סענט.

**באַוושאַווער'ס בילדער און געדאנקען,** פרייז 5 פענס, 10 סענט

**באַוושאַווער'ס ליעדער און געדיכטע,** פרייז 5 פענס, 10 סענט

**דער מענש און זיין נשמה,** פון דר. אינגערסאָן, 3 הייפענס 3 סענט

**גאט, רעליגיאן און מאראל,** פון פיליפ קראַנץ. פרייז 2פ., 5 סענט

**הונגער,** ראָמאַן אין 4 טהייל פון קנוט האַמסון, פרייז 2 שיל., 50 סענט, 1 רובל.
געבונדען ... 3 שיל., 50 סענט, 1.50 רובל

**פאַן,** פון קנוט האַמסון. פרייז 1ש. און 3פ., 30 סענט, 60 קאָפּ
געבונדען ... 2 שיל., 50 סענט, 1 רובל

**ביערנסטערנע ביערנסאָן,** ערצעהלונגען, 1ש. און 3פ., 30ס., 60 קאָפּ.
געבונדען ... 2 שיל., 50 סענט, 1 רובל

**ווייבער,** אַ פּאָעמאַ פון מ. בלינקין. פרייז 4 פענס, 8 סענט, 16 קאָפּ.

**דער סוד,** ערצעהלונג פון מ. בלינקין. פרייז 4 פענס, 8 סענט, 16 קאָפּ.

**ווען מיר טויטע ערוואכען,** פון הענריק איבסען,
פרייז 10 פענס, 20 סענט, 40 קאָפּ.